מאָרים ווינטשעווסקי

# געזאַמלטע ווערק

רעדאַקטירט פון קלמן מרמר

פאַרלאַג „פרייהייט“
ניו יאָרק, 1927

# פאָרוואָרט

מאָרים ווינטשעווסקי האָט פאָרמעל אָנגעהויבן שרייבן זיינע עראינערונגען נאָך זיין 50טן געבורטסטאָג (אויגוסט, 1906). נאָר שוין אין זיינע דרייסיקער יאָרן האָט ער דאָ און דאָרט איבערגעגעבן פערזענלאַכע איבערלעבונגען.

דאָס האָט געמוזט אַזוי זיין. וואָרום ווינטשעווסקי איז געווען איינער פון די ערשטע, אָדער אפשר טאַקע דער סאַמע ערשטער, צו באַשרייבן אין אידיש דעם אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן אידן. באַשרייבנדיק ליבערמאַנ׳ס טעטיקייט, האָט ווינטשעווסקי, ווילנדיק ניט ווילנדיק, געמוזט אויך דערמאָנען בן־נצ׳ן (דאָס הייסט, זיך אַליין), ווי דעם פאָרטזעצער פון ליבערמאַנ׳ס סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדע אין העברעאיש. ער טוט עס צוערשט שעמעוודיק און גיט אַלס הקדמה „אַ תפלה צו דער עניוות“, אין וועלכער ער זאָגט צווישן אַנדערש:

„דו, הייליקע באַשיידנקייט, הער אויס מיין בקשה און העלף מיר אין מיין נויט.

איך האָב צו שרייבן וועגן זיך. איך בין אָבער פאַרטראָגן געוואָרן אין אַ לאַנד, וואו עס ווערט מער גענאיכט אין אַ טאָג, ווי אין אַנדערע מקומות אין אַ האַלבן אלף הששי, וואָס דער פועל־יוצא דערפון איז, אַז ווען מע זעט אָדער מע הערט אַ מענטשן איכנדיק, טראַכט מען גלייך: וואָס האָט ער, ווער ווייס, צו פארקויפן? וואָס פאר א קאַרט האַלט ער אין אַרבל? ווייל עס לייגט זיך גאָר קיינעם ניט אויפן שכל, אַז מען קען איכן לשם שמים“. („צוקונפט“, פעברואַר, 1895.)

אַ פּאָר יאָר שפּעטער, צום 25־יאָריקן יובילײ פון זיין „ערשטער שרייבערײ“ אין „המגיד“ (יולי, 1873), פאַרעפנטלאַכט ווינטשעווסקי אין „פאָרווערטס“ 1918 אַ „ריקבליק“ אין זיין שרייבערישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס ער רופט אָן „גליקלאַכע טעג אין אַ פערטל יאָרהונדערט“. ער דערקלערט דערביי:

„אַזאַ מין אַרטיקל ווי דיזן שרייבט אַ מענטש איינמאָל, העכסטנס צוויי מאָל אין לעבן, און אַזוי ווי איך פיל, אַז איך וועל לאַנג ניט

באַלעסטיקן די וועלט מיט מיין קעגנוואַרט, כדי צו קענען האָבן אַזאַ געלעגנהייט אין 25 יאָר אַרום נאָך אַמאָל, מוז איך דאָס טאָן ענטוועדער איצט אָדער גאָרניט".

באַלד האָט ווינטשעווסקי'ס וועלט — די אַרבעטער־וועלט — געפייערט זיין 25־יאָריקן יוביליי און אים באַוויזן, אַז זיינע גליקלאַכע טעג, זיינען אַ טייל פון איר געשיכטע. דאָך האָט ער אויך ווייטער אויסגעוויילט ליבער צו שרייבן וועגן אַנדערע איידער וועגן זיך אַליין. אויך נאָך זיין 50־יאָריקן יוביליי, ווען ווינטשעווסקי האָט שוין יאָ אָנגעהויבן דערציילן זיינע עראינערונגען (אין „צוקונפט", אָקטאָבער, 1906), האָט ער געהאַט אין זינען דער עיקר צו באַשרייבן זיינע „זשורנאַליסטישע דערפאַרונגען". דאָס שרייבן פון „אַלגעמיינע עראינערונגען" האָט ווינטשעווסקי אָפּגעלייגט אויף דער צייט, ווען ער וועט ווערן „אַלט און פריי גענוג זיי צו באַשרייבן".

אין 1923, 25 יאָר נאָכדעם ווי דער זיידע האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז ער „וועט אַזוי לאַנג ניט באַלעסטיקן די וועלט" מיט זיין „קעגנוואַרט", האָט ער באַטראַכט, אַז ער איז שוין אַלט און פריי גענוג צו באַשרייבן זיינע „אַלגעמיינע עראינערונגען". אַזוי ווי זיין אָנהויב איז געווען אין העברעאיש, האָט ער 50 יאָר שפּעטער געמאַכט זיינע סקיצן פאַר זיין געפּלאַנטן בוך אַלגעמיינע עראינערונגען אין אָט דער זעלביקער שפּראַך. ער האָט זיי צוגעפירט ביז צו זיין טעטיקייט אַלס „פּראָפּאַגאַנדיסט פון סאָציאַליזם אין לשון קודש", שרייבנדיק אין „הקול" און רעדאַקטירנדיק דעם „אספפת־חכמים".

איבער 200 זייטן (9—219) פונם ערשטן באַנד „עראינערונגען" איז דערפאַר מיינע אַ פרייע איבעראַרבעט פון דעם זיידנס העברעאישע סקיצן אין מאַנוסקריפּט. נאָר איך האָב זיך אויך באַנוצט מיט דעם, וואָס איז שוין געווען פריער פאַרעפנטלאַכט. אַזוי האָב איך דאָרט אַריינגעוועבט שטיקער פון זיינע ערשטע פינף קאַפּיטלאַך „זשורנאַליסטישע עראינערונגען" („צוקונפט", 1906—1907), פו זי'נע ערשטע דריי קאַפּיטלאַך „מיין אַרבעטער מוזע" („פּראָזן פון לעבן", נומער 2—3, פּעטערבורג, 1912) און פון זיין העברעאישן אַרטיקל „ליליענבלום ויחסו להסוציאליות" (אינם יאָרבוך „לוח אחיעבר", ניו יאָרק, 1921). די זעלבע מעטאָדע, אַריינצוּוועבן אין די „עראינערונגען„ דעם זיידנ'ס אויטאָביאָגראַפישע באַמערקונגען, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע שטעלן, האָב איך אָנגעווענדעט אויך אין די ווייטערע קאַפּיטלאַך פון אָט־דעם בוך. דאָס וואָס האָט זיך ניט אַריינגע־

פאסט אינעווייניק, ווערט געגעבן צום סוף בוך, ווי ביילאגן. אין ערטער, וואו ס'זיינען פאראן פארשידענע נוסחאות, איז דא אריין דער לעצטער נוסח. דעם זיידנ'ס א באמערקונג איז אונטערגע־צייכנט מיט די בוכשטאבן מ. וו. אלע אנדערע באמערקונגען זיינען מיינע.

די בילדער פון מאָרים ווינטשעווסקי, זיינע עלטערן, קאָוונער און אָריאָלער חברים, ווי אויך פונם „האמת" און „אספת־חכמים", זיינען געמאכט פון די אָריגינעלע פאָטאָגראפיעס און צייטונגען. די בילדער פון א. וו. ראבינאָוויטש און ליבערמאנ'ס אויפרוף זיינען געמאכט פון פאָטאָגראפישע קאָפּיעס. די איבעריקע בילדער זיינען ארויסגענומען פון פארשידענע ביכער און זשורנאלן.

קלמן מרמר.

ניו יאָרק 17טן יולי, 1928.

ב ו כ ש ט א ב ן א ו ן צ י פ ע ר ן. — דער קאָוונער בית־עולם. — מיין טאַטע. — דער בוכהאַלטער און דיכטער פאַר מצבות. — 50 יאָר געראַנגל צווישן דיכטער און בוכהאַלטער. — דאָס איז די לעבנסגעשיכטע פון בענעדיקט־ווינטשעווסקי...

ווי אַלע מיינע באַקאַנטע ווייסן, האָב איך אַלעמאָל געצויגן מיין חיונה פון פירן ביכער פאַר געשעפטסלייט און באַנקירן. גלייכצייטיג פלעג איך שרייבן, און אמאָל אויך צוזינגען, פאַר׳ן אידישן ארבעטער בפרט און פאַר׳ן אידישן פאָלק בכלל.

איז אין דעם ניטאָ קיין נייעס. אזוי איז געווען דער שיקזאַל פונם דיכטער יהל״ל ביי אונז, און פונם דיכטער פרייליגראַט אין דייטשלאַנד. דאָס לאַנד פון דיינקער און דיכטער פארגעסט אָפט צו זאָרגן פאַר זייער אויסקומעניש.

נאָר דאָס וואָס אפילו מיינע נאָנטסטע פריינט ווייסן ניט, האָב איך זיך דערוואוסט מיט א קורצער צייט צוריק. איך האָב אויסגעפונען אז ניט בלויז ווען איך האָב אָנגעהויבן שרייבן און זיך אַליין אויסהאַלטן, בין איך געווען א שרייבער פון אר־טיקלען און לידער, וואָס איז צוגלייך א בוכהאַלטער, נאָר אזוי איז געווען מיין לעבנסוועג פון מיין קינדהייט אָן.

די מעשה איז אזוי געווען:

אין קאָוונע גופא איז א לאַנגע צייט ניט געווען קיין בית־עולם. איז דאָרט ווער געשטאָרבן, האָט מען אים מקבר געווען אף דער אַנדער זייט פון טייך ווילי, אין סלאָבאָדקע. אין יאָר 1867 (אפשר א יאָר אָדער צוויי פריער) האָט מען אויסגעבויט א נייעם בית־עולם אין קאָוונע גופא. מיין טאַטע האָט גענו־מען א גרויסן טייל אין דער גאַנצער ארבעט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן דאָרט מקבר זיין, און איינגעטיילט דעם בית־עולם אין שורות, און יעדער שורה אין קברים, האָט מיין טאטע זיך אָנגענומען צו פירן א דאָפּלטע בוכהאַלטעריע. איין בוך לויט'ן כראָנאָלאָגישן סדר, וואו יעדער מת איז פאַר־שריבן ווען ער איז געשטאָרבן. און אנדער בוך לויט'ן סדר פון די שורות און קברים אפ'ן בית־עולם. פון יעדן בוך איז געווען צוויי עקזעמפּליאַרן. איינער האָט זיך געפונען ביים קברן.

עפּעננענדיק דעם ערשטן בוך האָט מען געפונען, למשל, אָנהייב זייטל: „דריי טעג אין ניסן" און אונטער דעם: „יוסף בן שמעון שאַפּיראָ ליגט אין שורה י"ד, קבר ג'." פאַרקערט, אינ'ם צווייטן בוך איז געשטאַנען אָנהייב זייטל: „שורה י"ד" און אונטער דעם, אויף דער דריטער שורה: „קבר ג', דאָ ליגט יוסף בן שמעון שאַפּיראָ".

אף דעם אופן איז געווען גרינג פאַר די קרובים פון א מת אויסצוגעפינען ביי אונז אין שטוב דעם אָרט פון זיין קבר. זיי האָבן נאָר געדאַרפט וויסן דעם טאָג פון זיין טויט, אָדער די שורה וואו ער ליגט. מיין טאַטע איז כסדר געווען פאַרהאָרעוועט. ער האָט ממש געלעבט אף ברויט מיט זאַלץ און וואַסער. האָבן זיך זייגע כוחות אָנגעהויבן אויסשעפּן, ווען ער איז אַלט געווען 45 יאָר. ער האָט מיר דערפאַר איבערגעגעבן דאָס פירן די ביכער, ווען כ'בין געווען נאָך גאָר א קליין אינגל.

איך האָב ליב געהאַט מיין טאַטן, ניט נאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען מיין טאַטע, נאָר אויך, ווייל ער איז געווען א זון פון מיין באָבען, וועמעס נאָמען איך פלעג דערמאָנען מיט א הייליקן ציטער. איך האָב דערפאַר געטאָן די אַרבעט מיט באַגייסטערונג. בין איך אין פאַרלויף פון עטלאַכע חדשים גע־וואָרן דער בוכהאַלטער פון קאָוונער בית־עולם, לויט דער דאָפּל־טער בוכהאַלטעריע, די איטאַליענישע, כביכול.

נאָר מיין טאַטע האָט זיך ניט באַנוגנט מיט איין אַרבעט.

ער האָט צייטנווייז אויך געשריבן שירים פאַר די, וואָס זיינען געווען אימשטאַנד צו שטעלן אַ מצבה אפ'ן קבר פון זייער נאָ־ענטן, און געוואָלט האָבן אַ שיינעם שיר. פול שבחים אפ'ן טויטן.

איינמאָל איז געשטאָרבן אונזערער אַ קרוב, ווענען איך האָב געקענט פּערזענליך. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיין נויטיג אַ פּאַסענדער שיר אַף זיין מצבה. נו, האָב איך באַשלאָסן אויסצופּרובירן מיין פען, אפשר וועט מיינס אַ שיר'עלע געפינען חן אין מיין טאַטנ'ס אויגן.

אין אָוונט איז דער טאַטע געקומען אהיים. ער האָט אָנ־געקאָרמעט די שטוביקע בהמה און עופות, און געפרעגט מיר און מיינע שוועסטער, ווען און וואָס מיר האָבן געגעסן. נאָכ־דעם האָט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אונטערגעלענט זיין האַרץ מיט אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל זאַלץ און אַ גלאָז וואַסער. דאַן האָב איך אים געוויזן די „ערשטע פרוכט פון מיין פען". דער טאַטע האָט פאַרריכט, וואָס איז געווען נויטיק צו פאַר־ריכטן און אריינגעלייגט מיין שיר'עלע אין קעשענע. קענטיק, אַז ער איז געווען גאַר שטאַרק צופרידן.

אָט־דער שיר'עלע, אויסגעקריצט אויף אַ שטיין פון אַ מיים־טער־האַנט, האָט זיך אין אַ קורצער צייט ארום באַוויזן אפ'ן קבר פון יענעם מאַן. און אזוי האָב איך ארויפגעקלעטערט אפ'ן אידישן פּאַרנאַס, אפ'ן אידישן בית־עולם פון ק"ק קאָוונע. מיר דוכט זיך, אַז איך בין געווען אַ בוכהאַלטער־דיכטער אינ'ם עלטער פון צען אָדער צוועלף יאָר.[1]

אינ'ם פאַרלויף פון 50 יאָר, פון דעמאָלט ביז דעם יאָר 1917, האָבן זיך דער דיכטער און בוכהאַלטער געראַנגלט אין מיין מוח. דאָס רוב האָט דער לעצטער דערנערט און אויסגע־האַלטן דעם דיכטער, בעת דער דיכטער האָט אָפט צעמישט די חשבונות פון דעם ציפערמאַן.

דאָס איז די לעבנס־געשיכטע פון בענעדיקט־ווינטשעווסקי.

ז י, ע ל י ה ה ש ל ו ם. — אַ סאָציאַליסט 25 יאָר איידער איך בין געבוירן געוואָרן. — די באָבע אַן אלמנה פון יאָר 1831. — זי ווערט די מאַמע פון די אָרימע. — „ער, הענט־ניט־געוואַשן, קאָן ווארטן". — איר טויט און די לע־גענדעס וועגן איר. — די באָבע צילה טראַדיציע. — מיין ליד „צילה".

אינם אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן איז אין ענגלאַנד מיט־אמאָל אריין אין דער מאָדע א מין „אומפראַגע" צווישן באַקאַנטע פערזאָנען אין דער באַוועגונג — ווי אזוי, א שטייגער, זייט איר געוואָרן א סאָציאַליסט?

דעם אָנהייב האָט געמאַכט, אויב איך האָב קיין טעות ניט, אונזער אומפארגעסלאַכער וויליאַם מאָריס, און נאָך אים זיינען ארויסגעקומען מיט זייערע ענטפערס פיל אנדערע, וויי־ניקער אלגעמיין־אינטערעסאַנטע פערזאָנען.

מיר האָט מען די פראַגע עפנטלאָך ניט געשטעלט. אָבער פריוואַט האָט זיך דערמיט איין טאָג אַן ענגלישער גענאָסע גע־ווענדעט.

מיין ענטפער האָט אים ערשטוינט.

„איך וועל אייך זאָגן, ווען איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט — האָב איך געזאָגט — און דאָס וועט ממילא שוין פארענט־פערן די פראַגע בנוגע צו דעם „ווי אזוי". און געוואָרן בין איך עס פינף־און־צוואנציק יאָר איידער איך בין געקומען אויף דער וועלט".

איך האָב אים דערציילט א מעשה, וועלכער מיין אידישער לעזער וועט פארשטיין בעסער, ווי יענער גענאָסע און דערפאַר וועל איך דאָס איבערדערציילן אביסל מער באריכות.

אָט איז זי:

דעם 22טן טאג אין טבת תרכ"ב (25טן דעצעמבער, 1861) איז די קליינע שטעטל יאנאווע (קאוונער גובערניע), האלב־וועגס צווישן קאוונע און ווילקאמיר, געווען, וואס איך וואלט אנגע־רופן, ארויס פון די כלים

קרעמערס האבן ניט געהאנדלט, מלמדים האבן ניט גע־קנעלט, ישיבה־בחורים זיינען געזעסן צעטומלט איבער ש"ס און פוסקים און טרערן זיינען געשטאנען אין הונדערטער אויגן.

— צילה איז טויט! — האט איינער דעם אנדערן אין קלויז, אין גאס, אין די חדרים, ביים וואַרשטאַט און אין די קראמען אין א האלב־דערשטיקטן קול געזאגט.

— צילה איז טויט! — האט מען ווידערהאלט, און עס איז קיין ספק ניטא, אז פון ר' העשל דעם רב, ביז איציק לייבל אריה'ס, דעם לץ פון שטעטל, האט יעדער געפילט, אז א שרעק־לאכע זאך האט פאסירט.

איך בין דאן אלט געווען פינף און א האלב יאר. איך גע־דיינק דעם טאג גאנץ גענוי, — אזא רושם האט די פאסירונג פון יענער צייט אף מיר געמאכט. מער נאך. איך געדיינק יעדע איינצלהייט אזוי ווי דאס וואלט געווען א געשעעניש פון א חודש צוריק.

דאס האט געמוזט זיין ארום 2 אזייגער. איך בין גע־גאנגען פון חדר צום „אנבייסן" אהיים. אויפ'ן גאס האט מיר געטראפן א קליין, שמוציק, דאס הייסט, ניט־געוואשן, מיידל אין מיינע יארן, מיט לאנגע פעך־שווארצע האר, וועלכע האבן ווארשיינלאך שוין פון וואכן ניט געהאט קיין מגע ומשא מיט א בארשט אדער א קאם.

„ווייסטו", האט דאס מיידעלע מיר געזאגט, „באבע צילה איז טויט!"

ניט אויסריידנדיק א ווארט, האב איך זיך א ווארף גע־טאן אויף דאס מיידעלע מיט גרוים וואוט און, עס אנכאפנדיק פאר די האר, האב איך עס א שליידער געטאן אויף דער ערד.

„די חוצפה דערפון ארויסצוריידן אזא ווארט!" האב איך

וואַרשיינלאַך צו זיך געזאָגט, כדי צו שטילן מיין געוויסן נאָך דעם געוואַלד־אַקט.

צו מיין גליק און צו דאָס מיידעלע׳ס גליק זיינען יאַנאָוועער גאַסן ניט געווען ברוקירט, און עס האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד מיט גאַנצע ביינער.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך בין נאָך געווען גאָר א קינד, האָב איך שוין געוווּסט, וואָס אזוינס מיינט „טויט״. וואָרים אין די קנאַפּע זעקס יאָר זינט מיין געבורט זיינען ביי מיינע עלטערן געשטאָרבן עטלאַכע קינדער. פון די עלף זין און טעכטער, וואָס מיין מאַמע האָט געבוירן, זיינען בלויז דריי גע־בליבן. 2) שולדיק איז געווען דער דלות.

איך האָב געוווּסט, אז קינדער און אויך „גרויסע״ שטאַרבן, נאָר איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אז די באָבע צילה קען שטאַרבן. וואָרים ווער וועט זאָרגן פאַר די אָרימע קינדער, די קינ־פּעטאָרינס און די קראַנקע!

מיט א געלאַף פון א האַלב־צעמישטן בין איך געקומען אהיים און א וואונדערבאַרע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פאַר מיינע אויגן.

דער גרויסער צימער איז געווען פול מיט ליכט; מער האָט ניט באַדאַרפט זיין אין א קליינער שול צו כל־נדרי. אלע האָבן געוויינט, מיין מאַמע האָט היסטעריש געקלאָגט, מיין טאַטע האָט אזוי ווי קאָנוואולסיוו זיך געשטיקט מיט די טרערן און אַרום די פענסטער זיינען געשטאַנען מענטשן..

ווען איך וואָלט ניט געוווּסט, אז דאָס איז אלץ געווען אין טבת, וואָלט איך געשוואָרן, אז דער טאָג איז געווען כמעט א פרי־זומערדיקער: עפּעס זיינען אלע געווען לייכט אָנגעטאָן, — אלע אין שטוב, אַרום שטוב.

דעם טאָג נאָכהער האָט נעדאַרפט זיין די לויה.

אָן אָפּהאַלט. די בעלי־עגלות זיינען אלע אוועק פון שטעטל און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל פירן דעם אָרון צום בית־עולם. א מאַנסביל וואָלט מען געטראָגן, אָבער א אידינע!

נו, איז דאָס דאָך באָבע צילה. נעמט עס, ר׳ העשל, דער רב, אויף זיך און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יאַנאָווע ווערט א פרוי געטראָגן צום בית־עולם.

„אצבע אלקים!“ — זאָגן פרומע אידן.

„דאָס איז מן השמים“ — רופן זיך אנדערע אָפּ.

און איינער דעם אנדערן דערציילט, ווי באָבע־צילה איז מיט עטלאָכע וואָכן פריער צוגעקומען צו מיין טאטן און גע־זאָגט:

„כ׳פאָר קיין ווילנע, זען מאנציק׳ן איידער כ׳שטארב.“

זי האָט געהאט דריי זין. מיין טאטע, דער עלטסטער, האָט אימער געוואוינט מיט איר צוזאמען. מאנע, דער אינגסטער, איז געווען א מלמד און א שמש אין א קלייזל אין ווילנע, און זי האָט אים א פאָר צענדליק יאָר ניט געזען. דער דריטער איז איינמאָל אוועק פון שטוב און מער ניט צוריקגעקערט. ביז היינט ווייסט קיינער ניט וואוהין ער איז אוועק און וואָס פון אים איז געוואָרן.

צווישן קאָוונע און ווילנע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין אייזנבאַן. די רייזע פון נייַנציק ווערסט מיט א בעל עגלה אף שלעכטע וועגן איז געווען זייער שווער פאַר אזא זקנה ווי זי. נאָר דער טאטע האָט פארשטאַנען, אז אויב זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן, וועט זי זיך ניט אָפּשטעלן פאר קיין שוועריקייט. האָט ער איר געגעבן דאָס נויטיקע געלט און דעם זעלביקן טאָג איז זי אוועקגעפאָרן.

איבער צען טעג האָט באָבע־צילה פארבראַכט ביי איר זון אין ווילנע. פרייטאג האָט זי צוריקגעקערט קיין יאַנאָווע, און נאָכ׳ן דאַווענען האָט זי געזאָגט צו מיין מאַמען, מיט א טאָן פון א מענטשן, וואָס אים איז נאָר וואָס אראָפּ א שטיין פון הארצן, די ווערטער:

„גאָלדע, טאָכטערל, איצט, אז איך האָב מאנציק׳ן געזען, קאָן איך שטאַרבן.“

גלייך פרייטיק־צו־נאכט האָט זי זיך אוועקגעלייגט קראַנק.

מאנטיק האָט זי געבענשט די הויז־געזינט (דעם טאַטן, די מאַ־מען, מיינע שוועסטער און מיך), זיך מיט אַלעמען געזעגנט און איז... דאָס וואָרט „געשטאָרבן" איז, שטעל איך מיר פֿאָר, זי־כער געבליבן שטעקן מער ווי אין איין גאָרגל, דערשטיקט פֿון טרערן.

און אָן אָן אָפּמאַך צווישן זיך פֿאַרמאַכן די קרעמער, אַלע ווי איין מאַן, די קראָמען. דער ארון ווערט געטראָגן צום אייביקן אָרט און דאָס גאַנצע שטעטל גייט נאָך אין דער לויה.

וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ פֿרוי?

אַט וועל איך אייך אין אַ פּאָר ווערטער זאָגן, — אין אַ פּאָר ווערטער, מחמת, איר וועט געוויס ניט האָבן קיין גֶעדולד אויסצוהערן אַלץ, וואָס איך וואָלט אייך קענען דערציילן.

זי איז אין דעם יאָר 1831 געוואָרן אַן אַלמנה. איר מאַן, מיין זיידע, איז יענעם יאָר גע'הרג'עט געוואָרן פֿון קאָזאַקן, אָדער אַנדערע רוסישע סאָלדאַטן, מחמת ער האָט, דירעקט אָדער אינדירעקט, טיילגענומען אין דעם ערשטן פּוילישן מיאַטעזש. וואָס ער האָט אַזוינס אין דעם אויפשטאַנד געטאָן, ווייס איך ניט, אָבער פֿאַר מיין טאַטען און זיין ברודער אין ווילנע, איז ער פֿון יענעם טאָג אָן געווען „הקדוש" ר' יצחק (מיין טאַטע פֿלעגט זיך אונטערשרייבן: „יואל זוסמאַן בן הקדוש ר' יצחק").

פֿון 1831 ביז (25טן דעצעמבער) 1861 האָט די אַלמנה פֿון דעם דערמאָרדעטן געלעבט אַ לעבן פֿון אַ הייליקע אין דעם פּוילן זין פֿון וואָרט.

עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלאַך, אַז זי איז געווען פֿרום. דאָס אָבער איז ניט געווען די פֿאָלגע פֿון איר אַלמנה־לעבן. זי האָט פֿון ניין יאָר אָן ניט פֿאַרפֿעלט אַ דאַווענען און האָט כמעט איר גאַנצן לעבן געפֿאַסט מאַנטיק און דאָנערשטיק, חוץ גע־ווינלאַכע תעניתים. מען האָט פֿון איר קיינמאָל ניט געהערט אַ שבועה אָדער אַ קללה אַזוי לאַנג ווי אַלע, וואָס זיינען גע־שטאַנען נאָענט צו איר, האָבן זיך געקאָנט ערינערן. רכילות און לשון הרע זיינען אויך געווען אַזוי פֿרעמד צו איר, ווי זיי

וואָלטן געווען אין דעם פֿאַל פֿון אַן אימיגראַנט פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט. בכלל איז ריידן ניט געווען איר זאַך, הגם זי האָט נעקאָנט מאַכן אַן איינדרוק מיט אירע רואיקע געלאַסענע און קלוגע ווערטער.

אָבער דאָס אַלץ איז ניט געווען אַ דירעקטע פֿאָלגע פֿון איר אַלמנה'שאַפֿט. צו וואָס דאָס האָט יאָ געפֿירט איז גע־ווען פֿאָלגענדעס:

אין די 31 יאָר, פֿון איר מאַנ'ס ביז איר אייגענעם טויט, אין עלטער פֿון 62 יאָר, האָט זי אינגאַנצן געלעבט פֿאַר די אָרעמע לייט

נשים צדקניות, קלייבערקעס, זיינען ביי אידן דאָ כמעט אין יעדער שטאָט אין גאַנצן תחום. פֿון זיי אָבער האָט זיך באַבע צילה אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס זי האָט, ערשטנס, כמעט לחלוטין קיין אייגענעם פֿערזענלאַכן לעבן ניט געהאַט און צווייטנס, וואָס זי האָט קיינמאָל ביי קיינעם ניט געבעטן אַ נדבה.

יעדן טאָג פֿלעגט זי דורכגיין צווישן די קראָמען, אָנהויבענדיק פֿון מיין מאַמע'ס קראָם, און זאָגן יעדן קרעמער: „גוטן טאָג אייך", צי ער האָט וואָס געגעבן צי ניט. און כדי מענטשן ניט מבייש צו זיין, אין דעם פֿאַל ווען זיי קאָנען ניט געבן, פֿלעגט זי מיט פֿאַרמאַכטע אויגן אויסשטעלן איר טיכל, אָדער די פּושקע, און פֿלעגט געבן געגנוי דעם זעלביקן „גוטן טאָג אייך" און די זעלביקע ברכה צי מען האָט איר וואָס געגעבן, צי ניט.

וויפֿיל יתומים, אונטערגעוואָרפֿענע און סתם אָרימע קינדער עס זיינען געווען אין שטעטל, איז זי צו זיי געווען אַ מאַמע. זי האָט זיי ניט נאָר געקאָרמעט, נאָר אויך געוואַשן און געקעמט (יעדן ערב שבת) און אויפֿגעפּאַסט אין קראַנקהייט. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט זי זיי אויך אָנטאָן נייע מלבושים און אויסוואַשן זייערע העמדער. אייניקע פֿון זיי, די מער באַדערפֿטיקע, פֿלעגן קריגן ערב שבת ריינע העמדער. פֿון יעדן אומגליק האָט זי געוואוסט און דאָס איז גלייך געוואָרן איר עסק.

א ספּעציאַליטעט — ווי מיר וואָלטן היינט זאָגן — זיינען ביי איר געווען קינפּעטאָרנס, און פאַר אַזעלכע, ווי אויך פאַר סתם קראַנקע פרויען, פלעגט זי באַזאָרגן אַביסעלע גוטע, קרעפּטיקע זופּ, אַ שטיקעלע הון און דעסגלייכן. האָט זי געהאַט געלט, איז דאָס געוואָרן פאַר געלט, אַניט האָט זי שוין געוואוסט, וואו עס בלייבט איבער, און וואו מען וועט אַזוי פיל אָפּקאַרגן פון זיך אַליין, כדי עס איר צו געבן, — איר, פאַר אירע „חלאַים נעבאַך".

מיין מאַמע, וועלכע האָט די באָבע'ן שטאַרק ליב געהאַט, פלעגט פאַר איר אָנגרייטן נאָך יעדן תענית אַ גאַנצע סעודה. נאָר די באָבע צילה פלעגט זיך באַנוגענען מיט אַ שטיקל ברויט און אַ גלעזל וואַרעמס און די סעודה פלעגט זי אַוועקטראָגן צו אַן אָרעמער קראַנקער, אָדער צו אַן אָרעמער קינפּעטאָרין. ווען די מאַמע איז געוואָרן אַ קרעמערקע און פלעגט ניט קומען אַהיים פאַר צען אַזייגער באַנאַכט, האָט זי אַ לאַנגע צייט ניט געוואוסט מיט וואָס די באָבע צילה קומט אָפּ נאָך אַ תענית.

איין פאַל, מער כאַראַקטעריסטיש פאַר באָבע צילה ווי אַלע אַנדערע, מוז דאָ דערציילט ווערן.

איך בין אַלט אַ יאָר פיר־פינף, אָבער די באָבע אין ביי מיר שוין עפּעס אַ באַזונדער וועלט, וואָס איבעראַשט אייך מיט עפּעס נייעס אַלע ליבע טאָג. איך ווייס שוין, אַז עס איז ערגעץ־וואו דאָ אַן אליהו הנביא, וואָס קומט פּסח צום סדר און צדיקים זיינען דאָ, אָבער אין מיינע אויגן איז אַזאַ מענטש ווי זי ניטאָ. אַ קליינינקייט, וואָס מען הערט זיך אָן פון דער מאַמען, פון די שכנ'טעס, פון די „חלאַים".

עס איז פרייטיק־צו־נאַכט. איך קאָן נאָך ניט קיין עברי און דאַוון ניט. דאָך גיי איך מיט'ן טאַטן אין שול צו קבלת שבת. דער טאַטע איז אָקאָרשט געקומען פון וועג. ער האָט געהאַט אַ באַשעפטיגונג (און ווייניק פאַרדינט) בא דער אייזנבאַן, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אויפגעבויט צווישן פּעטערבורג און וואַרשע.

מיר קומען פון שול אַהיים. מיר זעצן זיך צום טיש. די

מאמע דערלאנגט די שבת׳דיקע מאכלים: חלה, פיש, זופ פול מיט „אויגן“, פלייש מיט רעטאך, און אפשר אויך אנדערע געריכטן. איבערן וועג, אפשר ניט מער ווי א קלאפטער די ברייט, הערט זיך ווי דער זיידע (פון דער מאמע׳ס צד) זינגט שוין זמירות ביי זיך אין שטוב.

די באבע צילה עסט כמעט גארניט. אבער נאך איידער דאס עסן האט זיך געענדיקט הויבט זי זיך אויף. זי האט שוין נעהאט צונויפגעגאסן די איבערגעבליבענע זופ אין איין פענדל, און צוזאמענגענומען פונ׳ם טיש אלעס אנדערע וואס איז פון אונז געבליבן, און זי גייט: עס פארשטייט זיך, אז אין יאנאווע איז דא אן עירוב און אז מען מעג טראגן.

דער טאטע, וואס איז איבער א יאר ניט געווען אין דער־היים, האט כמעט פארגעסן זיין מאמע׳ס דרכים. מיינט ער, אז זי האט פארגעסן צו בענטשן, זייענדיק פארטראכט וועגן אירע קונדן. פרעגט ער איר מיט גרויס רעספעקט:

זי קוקט אים אן אביסל פארוואנדערט, ווי איינער זאגט: צו פרעגן אזא נארישקייט! און מיט איין פוס אפ׳ן שוועל, זאגט זי צו אים:

„בענטשן? ער, הענט־ניט־געוואשן, קאן ווארטן, די קינ־פעטארין קאן ניט“.

היינט, נאך מער ווי 65 יאר, שטייט מיר די גאנצע סצענע קלאר פאר די אויגן.

מיין פאטער איז א קורצע צייט שפעטער ארויסגעפארן קיין קאוונע, וואו איך האב זיך געהאדעוועט, און בין, מיט א פאר אונטערברעכונגען — א האלב יאר אין ווילנע, אנדער־האלבן ביז צוויי יאר אין אריאל — געבליבן ביז דעם יאר 1877, ווען איך האב אינגאנצן פארלאזן מיין שטיף־פאטערלאנד, נאכ־דעם ווי איך האב אלס גוטער בירגער איך געשטעלט צום פריי־זיוו און געקראגן א „רויטן בילעט“.

אין אונזער הויז האט אימער געהערשט די צילה־טראדי־ציע. מיין מאמע איז אויף אירע עלטערע יארן אויך געגאנגען

אין אירע וועגן. מיין פאָטער מער אָדער ווייניקער אויך, הגם ער, קליגער ווי מיין מוטער, האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר יחידי סגולה אין יעדן דור קאָנען זיין „הייליקע" און דער געוויינלאַ־כער בשר־ודם מאַכט זיך נאָר לעבערלאַך, ווען ער וויל נאָכטאָן די געקליבענע אויבער־מענטשן. געמיינט האָט מיין מאַמע גוט.

ווייניק, זייער ווייניק האָב איך פון יענער געירשנ'ט. אין מיין ערשטער יוגנט האָט עס געהאַלטן דערביי, אַז פון מיר זאָל ארויס־וואַקסן אַ פּראָמינענטער מיטגליד פון די „קרימינעלע קלאַסן". דאָס הייסט, פּונקט דער היפּך פון דעם, וואָס מען האָט פאַרשטאַ־נען אונטער דעם וואָרט „צילה". וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען צו ריידן. דאָ וועט גענוג זיין צו זאָגן, אַז ניט אַכטנדיק אויף דאָס אַלץ, איז די ליבע צום אָרעמאַן אימער געווען שטאַרק אין מיר און ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט מיט 25 יאָר פריער ווי איך האָב גע־מאַכט מיין ערשטן דעביוט אויף דער וויסער וועלט אונזערער (אין 1856), איז דאָס ריכטיק. מיין סאָציאַליזם דאַטירט פונם יאָר 1831, ווען די אַלמנה פון „קדוש" איז אַליין געוואָרן אַ הייליקע, און מיר איז באַשערט געווען דאָס גליק צו זיין איר איינינקל.

אָנהויב יאָר 1882, 20 יאָר נאָך איר טויט, ווען איך בין שוין געווען אַ שרייבער, אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסט, גע־לעבט אין לאָנדאָן, ענגלאַנד'ס הויפּטשטאָט, און שוין ווייט פון העברעאיש, האָב איך פּלוצלונג דערפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג מזכיר־נשמות צו זיין מיין באָבען און איך האָב אָנגעשריבן אַ לאַנגן שיר צו איר אָנדיינק, וועלכן איך האָב אָוועקגעשיקט מיין טאַטן. ווען ער איז געשטאָרבן, אין יאָר 1888, איז דער שיר מגולגל געוואָרן קיין ווילנע, צו מיין פעטער מאַנציס. ער האָט עס געלאָזט קאָפּירן מיט כתיבעטע אותיות, דורך אַ סופר, עס איינגעפאַסט אין אַ הילצערנעם ראַם און אויפגעהאַנגען אויף דער וואַנט. צולעצט, ווען אויך ער איז געשטאָרבן, האָט זיך מיין ווערק צוריקגעקערט צו מיר.3)

מ י י ן ט א ט ע. — מיין פעטער ר׳ הירשל. — די פאַ־
ליאַקן און די אידן. — מיין טאַטע׳ס שנאה צו בטלנות. —
זיין ליבע צו אָרימע בעלי־מלאכות. — מיטליוד מיט בהמות
און עופות. — זיין נויגונג צו חסידות אַלס דעמאָקראַטישע
באַוועגונג. — אָרטיקע אביונים מאַכן אים פאַר זייער „באַנ־
קיר״. — די „כאַפּער״ און זייערע נאָכפאָלגער.

מיין טאַטן האָב איך אימער געליבט מער ווי דער מאַמען. ווען איך האָב מיט צען יאָר צוריק געשריבן מיין סעריע אַר־טיקלען „וואָס מיר פעלט?״ האָט מיט מיר פּאַסירט עפּעס, וואָס איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט מיר זאָל דאָס טרעפן

ווען איך האָב אָנגעשריבן דעם קאַפּיטל „א פאָטער״, דאָס הייסט, אז מיר פעלט א טאַטע, האָב איך זומער פאַרבראַכט א פּאָר וואָכן אין ניו־דזשוירזי. דאָרטן האָבן געוואוינט עט־לאַכע פון מיינע נאָענטע פריינט. זיי האָבן געוואוסט, וואָס איך שרייב, ווייל זיי האָבן געהאַט געליייענט די פריערדיקע קאַ־פּיטלען. זיינען זיי צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל פאָרלייענען פאַר זיי מיין שרייבן, איידער איך שיק עס אוועק אין רעדאַק־ציע, אין ניו יאָרק. אין יענעם קאַפּיטל האָב איך עטלאַכע מאָל דערמאָנט מיין טאַטען, און ווען איך האָב איבערגעלייענט, וואָס איך האָב געשריבן, האָבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן. איך האָב א ווײַלע געמוזט אויפהערן לייענען, ווען ניט וואָלט איך זיך פאַנאַנדערגעוויינט ווי א קליין קינד, אָדער ווי עמיצער פאַר וועמעס אויגן עס ליגט זיין מת. דאָך איז מיין טאַטע שוין דעמאָלט געווען אַרום 25 יאָר טויט.

איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט, ערשטנס, ווייל ער איז

געוועזן דער באָבע צילה׳ס א זון. עס פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דער באָבע׳ן, ניט אין פרומקייט און ניט אין גוטסקייט. ווער קען זיך עס פאַרגלייכן צו אזא הייליקער פרוי ווי די באָבע צילה? דאָ ווילט זיך געבן א באַמערקונג, אַז זי איז געבליבן אין מיינע אויגן א הייליקע, מיט אירע תפילות, זמירות און תעניתים, אפילו ווען איך בין שוין „ארונטער פון וועג״.

דאָך מיין טאַטען האָב איך ליב געהאַט ניט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז געוועזן מיין טאַטע, נאָר אויך צוליב זיין קלוג־שאַפט, איידלקייט, זיינע גלייכווערטלאַך און שפּריכווערטער, און זיינע גוטע מדות.

אין מיינע אויגן איז מיין טאַטע געוועזן קלינער פאַר אַלע ארומיקע מענטשן, א חוץ איינער — מיין עלטער־פעטער ר׳ הערשל מאַרקאָווסקי, דער באָבע צילה׳ס א ברודער.4)

דעם פעטער ר׳ הערשל האָט מען געהאַלטן פאַר א „לאַנד־חכם״. מען פלעגט דערציילן, אַז פּוילישע פּריצים און גראַפן פלעגן קומען זיך צו אים בּאַראַטן אין הויכע ענינים. אַז מיין טאַטע פלעגט ארויסריידן אַט־די לעצטע ווערטער, פלעג איך פאַרשטיין, אַז דאָס איז שייך צום פּוילישן מיאַטעזש קעגן קייסער. און אַז מיר ריידן וועגן מיין עלטער־פעטער און זיין שייכות צו די פּוילישע בּראַביעס לוינט שוין צו דערציילן נאָך עפּעס.

איינמאָל איז ר׳ הערשל געזעסן ביי זיך אין שטוב און גע־שמועסט מיט איינעם פון די גאָר גרויסע פּוילישע פּריצים. דער פעטער האָט פאַר אים געשטעלט א פלעשל משקה פון די סאַמע גוטע. דער גאַסט האָט זיך ניט געלאָזט בעטן און גע־גאָסן א גלעזל נאָך א גלעזל, אָט ווי עס פּאַסט פאַר אזא אַן אדלמאַן. צולעצט, ווען ביי אים אפּ׳ן צונג איז שוין געוועזן אַלץ וואָס אפּ׳ן לונג, האָט ער אָנגענומען ר׳ הערשל׳ס האַנט און אים געזאָגט:

„אַז מיר וועלן צעקלאַפּן די „מאָסקאַלעס״, וועלן מיר אויס־

ראָטן אַלע אידן אין פּוילן, וואָס זיינען אַלע מאָל געווען אונ־
זערע שונאים און רוסלאַנד'ס גוטע פריינט. מיר וועלן ניט אי־
בערלאָזן פון זיי קיין שריד ופליט. בלויז דיך און די דייניקע
וועלן מיר לאָזן לעבן, ווייל איך האָב דיר שטאַרק ליב".

לאָמיר זיך אומקערן צו מיין טאַטן.

ער איז געווען ניט בלויז א חכם, נאָר אויך א גרויסער
למדן, א תלמיד פון ר' שמואל לופּצער אין ווילנע. ווען ער
וואָלט ניט געהאַסט די רבנות האָט ער לייכט געקאָנט קריגן
„סמיכה". אויסער דעם איז ער געווען א זעלטענער בעל־דקדוק
און געקאָנט דעם תנ"ך פון טאָוול ביז טאָוול. אויב איך קאָן
נאָך היינט שרייבן העברייאיש, דאַרף איך דאָס אים דאַנקען
דערפאַר. ווען מיר האָבן זיך באַזעצט אין קאָוונע, האָט ער
מיר איינמאָל פאַרהערט און אויסגעפונען, אַז איך קאָן ניט גוט
קיין העברייאיש. איז ער אַליין געוואָרן מיין רבי. צוויי אָדער
דריי יאָר האָט ער מיט מיר געלערנט תנ"ך, דקדוק (צוערשט
דעם „מסלול" און נאָכדעם „תלמוד לשון עברי" פון בן זאב).
מיין קענטשאַפט אין „פעלים" איז געווען באַרימט צווישן די
קינדער פון מיינע יאָרן.

אין יענער צייט בין איך געוואָרן אביסל קריטיש און סקעפּ־
טיש. האָב איך אָנגעהויבן איינזען, אַז בן זאב'ס גראַמאַטיק איז
פול מיט גראַמאַטישע פעלערן. אפילו אין דעם נאָמען פון זיין
לערבוך—„תלמוד לשון עברי", אָנשטאָט „עברית"—איז געווען א
גרייז. נאָר איך האָב זיך אַליין פאַרענטפערט, אַז אַזוי ווי ביי
אַלע אַנדערע אידישע מחברים, איז ביי אים געווען דער עיקר די
„תורה" און ניט די שפּראַך. אָט מיט אַזעלכע חקירות האָב איך
זיך אָפּגעגעבן, ווען איך בין נאָך געווען כמעט א קינד, וואָס אויב
עס וואָלט געלעבט אין אמעריקע, וואָלט עס געווען פאַרנומען מיט
די פאַרשידענע ענינים פון באָל־שפּיל, פון קולאַקן־קאַמף צווישן
צוויי גבורים, א ספּעציאַליסט אין דער תורה פון צאָן און אויג
און קלעפּ צוליב געלט, אָדער פון פערד־רייסעס.

נאָר לאָמיך זיך אומקערן צו מיין טאַטן.

דער טאַטע איז געגאַנגען אין מיין באָבע'ס טריט מיט זיין באַשיידנקייט, זיין ליבע צו די אָרימע מאַסן און צו יעדן בעל־מלאכה. פּורים צו דער סעודה פלעגט ביי אונז תמיד זיין איינגעלאַדן משה דער שוסטער, און צו איצעק דעם שניידער פלעגט ער שיקן אַזאַ „שלח־מנות", וואָס האָט געהאַט עפּעס ממשות'דיקס. ער פלעגט אָפט באַנוצן דאָס גמרא־ווערטל: „פּשוט נבלתא בשוקא ואל תצטרך לבריות" (שינד אָפּ אַ נבלה אין גאַס, נאָר קום ניט אָן צו לייטן).

אַליין אַ למדן, האָט ער אָבער געהאַסט יענע למדנים, וואָס האַלטן זיך איבער די מאַסן וואָס גייען אַרום פּוסט־און־פּאַס און באַציִען זיך מיט פאַראַכטונג צום לעבן פון אייגענער אַרבעט.

דער טאַטע איז געוועזן אַ שטאַרקער „מתנגד". נאָר זיין נעגנערשאַפט צו די יאַנאָווער חסידים האָט נאָך געהאַט אַ באַזונדער מאָטיוו. עס האָט אים אָפּגעעקלט די מיאוס'ע זאַכן, וואָס אייניקע חסידים האָבן אָפּגעטאָן אין זייער „קאַמף" קעגן עטלאַכע פון אונזערע קרובים. דאָך, ווען מיר האָבן זיך באַזעצט אָפּ'ן „באַרג" אין קאָוונע און די ערשטע צייט געוואוינט ניט ווייט פון דעם חסיד'ישן „שטיבל", האָט זיך געענדערט דעם טאַטנ'ס קוק אויף די חסידים. צום סוף האָט ער זיי אפילו האָלד געקראָגן. ער האָט מיט זיי אָפט פאַרבראַכט און אַמאָל אפילו געגאַנגען זיי באַזוכן.

ער האָט ליב געהאַט דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אויף וועלכן דער חסידיזם איז געבויט. דאָס האַלטן זיך ברידערלאַך. דאָס זאָגן איינער דעם אַנדערן „דו" אַנשטאַט „איר", מעג אַ שוסטער ריידן מיט אַ גרויסן גביר.

מיין טאַטע האָט דאַן פאַרדינט זיינע פינף־זעקס רובל אַ וואָך, אָבער אַזוי ווי מען האָט זייער ווייניק באַדאַרפט, האָט נאָרנישט געפעלט. ער אַליין, עפּעס אַזוי ווי ער זאָל זיך שעמען צו עסן פאַר דעם שאָטן פון זיין מאַמען, וואָס האָט ווייניקסטנס אַ דריטל פון איר לעבן געפאַסט, פלעגט זיך באַנוגענען מיט אַ גלאָז וואַסער נאָך מעריב. דאָס ברויט פלעגט געוויינלאַך זיין

די „סקאַרינקע", די נעכטיקע, איבערגעבליבענע קרייציקעס, וואָס קיין אַנדערער אין שטוב וואָלט ניט געגעסן.

אפילו,לאָמיר אגב אורחא זאָגן, הגם צו מיין ענין געהערט דאָס נישט, אפילו דער דאַזיקער פּת־במלח אָוונט־געריכט זיי־נער איז געגעסן געוואָרן ערשט נאָכדעם ווי די ציג האָט געקראָגן איר וועטשערע, די הון אירע גערשטן, די קאַץ איר פּאַרציע מילכיקע וואַסער און דער „טאָג" *), אויב דאָס איז געווען איי־נער, וואָס האָט געגעסן אַנשטאָט צו נעמען געלט, דאָס זייניקע.

(די בהמות האָט ער ביים עסן געגעבן דעם פאָרצוג איבער די קינדער. ער פלעגט דערביי באַמערקן: אַ בשר־ודם אין מענטש־לאַכער געשטאַלט האָט אַ צונג און וועט איינמאָנען זיין חלק; די בהמה קען ניט מאָנען און אָן איר איז לייכט צו פאַרגעסן).

וואָס איך בין אויסן איז אָט־וואָס:

פון די פינף־זעקס רובל'דיקע הכנסה פלעגט ביי אים אי־מער סטאַיען ניט נאָר אויף אָרעם־בחורים, וואָס פלעגן אין הויז קריגן „טעג" צו עסן, נאָר סתם אויף צדקה, דער עיקר פאַר אָרעמע קינדער. ביי אים זיינען זיי אַלע געווען אַ מין ירושה, „פון איר, עליה השלום".

אויף דעם אופן זיינען אין הויז געווען שטענדיק עטלאַכע אַזעלכע איינגייערס. אָבער ניט קינדער פון דעם דאָזיקן קלאַס אַליין.

„ר' זיסל'ס" ערלאַכקייט איז געווען אַזוי אַלגעמיין־אַנער־קענט אין קרייזן פון די אָרטיקע אביונים, אַז ווען ערגעץ־וואו האָט זיך פאַרוואַלגערט אַן איבעריקער גילדן, אָדער אַ „בער־לינקע", אַמאָל מער, אַמאָל אָבער נאָך ווייניקער — אַ פדיון פון אַ „דיטקע", איז ניט געווען קיין יקר־המציאות — פלעגט דאָס קומען צום טאַטן. וואו נאָר אַ דינסטמיידל, וואָס האָט נעקליבן געלט אויף נדן; אַן אָרעם־בחור מיט אכט־ניין טעג אין

*) אַן אָרעם־בחור, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן יעדן טאָג פון אַן אַנדער הויז.

דער וואָך; א קאַליקע, וואָס איז געווען מער ווי געוויינלאַך ער־פאַלגרייך, גייענדיק איבער די הייזער; אַן אָרעם שלישית־געלט פון א פּאָר פּאָלק; געלט, וואָס ערגעץ אַן ארומיקער מנין האָט געקליבן אויף א ספר־תורה; דעם וואסער־טרעגער'ס פּאָר אָפּ־געשפּאָרטע פּייעמס, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין א באַנק



מאָרים ווינטשעווסקי'ס עלטערן: יואל זוסמאַן (ר' זיסל) און גאָלדע הדסה נאָוואָכאָוויץ

פון לכו נרננה ביז נאָך הבדלה, און פילע אַנדערע אַזעלכע „דע־פּאָזיטן" פלעגן קומען צום טאַטן. אין זיין קאָמאָד, וועלכער האָט געפּאַסט אין א רייכע שטוב אריין, לויט נאָך די קונצי־קייט פון דעם פּולט אינעווייניק מיט די פילע, באַהאַלטענע קעסטלאַך און שופלאָדלאַך, איז זיבער פון צייט צו צייט געווען

מער געלט, ווי אונזער גאנצער הויז האט באטראפן; ווער ווייסט? אפשר... אין די הונדערטער גילדנס אריין.

דער טאטע איז אויך געווען דער „שליש" און דער „באנק־קיר" אויף גרעסערע סומען, וואס צוויי צדדים פלעגן ביי אים איינלייגן אויף טעג, אמאל אויך אויף וואכן. דאס רוב איז עס געווען דאס געלט פאר „אכוואטניקעס", מענטשן וואס פאר־קויפן זיך פאר דריי אדער פיר הונדערט רובל צו גיין דינען דעם קייסער אנשטאט די רייכע בחורים וואס קהל האט געגנו־מען פאר סאלדאטן. דאס געלט איז געלעגן ביים טאטן ביז'ן טאג פונ'ם „פריאם". נאכדעם ווי נאטשאלסטווא האט יענעם אנגענומען פאר א סאלדאט, איז ער געקומען צו אונז מיט'ן צווייטן צד און אין זייער אנוועזנהייט האט דער טאטע דער־לאנגט דעם „אכוואטניק" דאס געלט.

האב איך יעדן הערבסט אין צייט פון „נאבאר" זיך אנגעזען ביי אונז אין הויז שרעקלאכע זאכן, וואס האבן אויף מיר גע־מאכט א טיפן איינדרוק. ווען איך האב שפעטער געשריבן מיין דראמע „דער לעצטער נאבאר" זיינען מיר די אלע שרעקן גע־שטאנען פאר די אויגן, הגם עס זיינען שוין געווען אריבער מער ווי 40 יאר. אזוי שטארק איז געווען דער איינדרוק.

דער טאטע איז אויך שטענדיק געווען גרייט צו טאן זיין טייל אין יעדער כלל ארבעט. ער פלעגט אויך ארויסזאגן פריי זיין מיינונג, אפילו ווען ער איז געווען איינער קעגן אלע. האט מען דורכגעפירט א באשלוס קעגן זיין מיינונג, איז ער געשטא־נען אויפריכטיק ביים באשלוס פון דער מערהייט. נאר געוויינ־לאך איז ער אלעמאל גערעכט געווען. ווארים א חוץ דעם, וואס ער האט געהאט א געזונטע לאגיק האט ער קיינמאל ניט געהאט די מינדסטע פניה אין דער זאך, א פניה וואס פירט אראפ פונ'ם וועג.

צווישן אָרימע און פּאַרשטויסענע.

—די מחוץ־למחנה יוגנט. — דער „ממזר" מיטן „גראָבן קאָפּ". — אַ ליגנער און אַ גנב אויס גוטסקייט. — שימקע גנב און זיין פאַמיליע. — די דריי שוועסטער. — „אַ מאַלע־וואָס! קינדער דאַרפן עסן!". — איך הויב אָן „קלייבן".

לויט דעם בילד, וואָס איך האָב געמאָלן פון מיין טאַטנ'ס שטוב, און די טראַדיציע פון דער באָבע צילה, קאָן מען מיי־נען, אַז איך בין אינגלווייז געווען גוט און פרום. באמת בין איך געווען דער היפוך דערפון.

נאָך מער. גראַד דערפאַר וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק געליבט די באָבע'ן, און געוואָלט גיין אין אירע וועגן, בין איך אַ געוויסע צייט געוואָרן אַ ליגנער און אַ גנב.

די מעשה איז אַזוי געווען.

מיר האָבן געוואוינט אין קאָוונע, ווי איך האָב שוין דער־ציילט, אפ'ן „בארג", ניט ווייט פון תלמוד תורה, ביים דלות אַליין..

חוץ די קינדער פון די ארומיקע אביונים פלעגן ביי אונז זיין איינגייערס די מחוץ־למחנה יוגנט: די אינגלאַך, וואָס האָבן זיך ארומגעטריבן און ארומגעוואַלגערט ארום תלמוד תורה, ארום דאָס חסיד'ישע שטיבל, ארום דעם מנין ניט ווייט פוןביידע, ווייל זיי האָבן אָפיציעל קיין שום שייכות מיט קיין שום מענטשן ניט געהאט. דאָס זיינען געווען ממזרים, וואָס האָבן ניט גע־קענט אָנווייזן אויף אַ טאַטן, ווי אַלע אַנדערע קינדער, און „אונ־טערגעוואָרפענע", וואָס האָבן אפשר יאָ געהאט אַ געזעצלאַכן פאָטער, אָבער האָבן אפילו דער מאַמען ניט געקענט.

צווישן די ערשטע בין איך צו אכט־ניין יאָר גוט באַקאַנט

געוואָרן מיט א אינגל אין מיינע יאָרן, עטוואָס נידעריקער אין וואוקס ווי איך, מיט א פּאָר שווארצע, שארפע, קלוגע אויגן, אָבער זייער א „גראָבער קאָפּ“. אויף אים האָט מען געזאָגט, אז ער באַנעמט קיין זאַך ניט, אפילו די לייכטסטע שטיק חומש מיט רש״י; די תלמידים פון תלמוד תורה האָבן פּרובירט „אריינ־פּארטאָלן“ אין זיין מח עפּעס אידישקייט — אויף א שפּיץ שטעקן, פארשטייט זיך, ווי יונתן האָט פארזוכט די האָניק — אָבער דאָס איז געווען ארויסגעוואָרפענע ארבעט.

איך קאָן ניט זאָגן ווי וויט דאָס איז געווען אמת, ווייל שכל האָט ער יעדנפאלס געהאט. זיכער איז אָבער, אז אָט דער ממזר, האָט געהאט אויב ניט א גראָבן קאָפּ, יעדנפאלס זייער א שמוציקן, און די דריטע פון פרעה׳ס מכות האָט ביי אים געפונען אַן אומגעווייגלאַך פּרוכטבארן באָדן. „ווען זי עליה השלום“ וואָלט געלעבט — פלעג איך טראכטן — וואָלט מען אים אָלע פּרייטיק געוואשן און געקאמט; איצט אָבער...“

אין תלמוד תורה האָב איך געטראָפן דריי אינגלאַך, ברי־דער, אין עלטער פון אכט ביז צען יאָר, יתומים אָן א טאטן און אָן א מאמען. זיי זיינען געווען תלמוד תורה אינגלאַך נאָר לפּנים ווענן. באמת האָבן זיי גאָרניט געלערנט און כמעט גאָרניט געקאנט. בייטאָג פלעגן זיי זיצן אין פירהויז פון תלמוד תורה און ביינאכט פלעגן זיי דאָרט שלאָפן. זייערע „בגדים“ זיינען געווען א מין צעפּוילטע טראַנטעס, וואָס אפשר זיינען זיי נאָך געווען בגדים אין צווייטן גלגול, נאָר זיי האָבן פאר־לאָרן זייער גאַנצע אינדיווידואליטעט, ווען זיי זיינען אריין אין פינפטן גלגול, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען אין יענער צייט.

אלם אייניקל פון דער באָבע־צילה האָב איך נאטירלאַך אויף זיי שטארק רחמנות געהאט. נאָר ביי אונז אין שטוב איז ניט געווען וואָס צו געבן, נאָכדעם ווי דער טאטע האָט גע־געבן פון איין זייט און די מאמע פון דער צווייטער זייט און דער גאַנצער איינקונפט פון מיינע עלטערן איז ניט געווען מער ווי פינף רובל א וואָך.

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? בעטן געלט, ווען איך האָב אפילו ניט געקענט בעטן קיין ברויט ביי מיינע עלטערן פאַר אָט־די אומגליקלאַכע. האָב איך אָנגעהויבן גנב'ענען. איך פלעג גנב'ענען ברויט — איך פלעג די דריי ברידער און דעם ממזר ברייגנגען אלע פאַרנאַכט שטיקלאַך ברויט, איבערגעבליבענע האַל־בע פעניצעס, אמאָל מיט א חשד פון פוטער דאַרויף. דערפון האָבן מיינע עלטערן ניט געוואוסט. דער דאָזיקער נעמען בשתיקה זאַכן פון הויז האָט זיך ביסלאַכווייז אזוי ביי מיר אַנטוויקלט, אז עס האָט שוין געהאַלטן ניט ווייט פון פראָס־טער גנבה. איך בין פון מדרגה צו מדרגה דערגאַנגען ביז'ן „נעמען" געלט און אויב די סומען זיינען ניט געווען גרויס — א פּייעם האָט ביי מיר געהאַט דעם אָנבליק פון א האַלבן נדן — איז דאָס ניט געווען מיין שולד. עס איז פשוט ניט געווען וואו פיל מער צו נעמען.

מיין מאַמע האָט קענטיק געקראָגן א חשד אויף מיר. דאָס האָט מיר נעצוואונגען זיך צו פאַרפּלאָנטערן אין א נעץ פון ליגנס. דער סוף איז געווען, אז איך האָב ניט געקאָנט קוקן קיין מענטשן גלייך אין די אויגן, מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אז מען גלויבט מיר ניט אפילו ווען איך זאָג דעם אמת.

יודקע מיט זיין אינטערעסאַנטן פּנים, מיט די שיינע אויגן, ווי איך האָב זיי נאָר־וואָס באַשריבן, האָט מיך מיט קנאַפּע דריי יאָר שפּעטער, דאָס הייסט, לאַנג, לאַנג איידער איך בין בר־מצוה געוואָרן, געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אז ממזרים זיי־נען בדרך כלל געראָטענער ווי אַנדערע, געזעצלאַך־געבוירענע, קינדער, מחמת זיי ווערן באַשאַפן דורך א גרויסער שטאַרקער ליידנשאַפט, און דער עולם ווייסט, וואָס ער רעדט, ווען ער זאָגט: „דער, אָדער יענער, האָט א ממזר'שע קאָפּ אויף זיך". עס מעג דאָ גלייך באַמערקט ווערן, אז איך האָב זייער פרי אָנגע־הויבן צו גענעראַליזירן. ביי אונז אין הויז איז דאָס ניט געווען איבערנאַטירלאַך, ווייל דער פאָטער האָט תמיד גערעדט ווי א פּי־לאָזאָף, הגם נאָר א היימישער, אָן פּרעטענזיעס.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. וואָס איך וויל אויסברייגגען, איז דער פאַקט, אַז מיינע חברים אין דער ערשטער יוגנט זיינען ניט געווען פון דעם סאָרט, וועלכע איר וואָלט אויסגעקליבן פאַר אייערע אינגלאַך.

און צווישן די חברים אַרום מיר איז יודקע דער ממזר אויף קיין פאַל ניט געווען דער ערגסטער.

ניט ווייט פון אונזער הויז האָט דאַן געוואוינט אַ פאַמיליע, וואָס לאָזט זיך ניט אין קורצע ווערטער באַשרייבן. בעת אין מיין הייגטיקן קאַפּיטל וואָלט אַ לאַנגע שילדערונג ניט אַריינ־פּאַסן.

אָט וואָס איך מוז פונדעסטוועגן וועגן איר זאָגן:

דער פאָטער, אַ ניט־הויכער, אָבער אויך ניט גאַנץ נידרי־קער בלאָנדער איד, מיט ברייטע פּלייצעס און אַ קורצן ברייטן בערדל, איז געווען אַ דער פּאָליציי, אַ פאַר די ערלאַכע „אָבי־וואַטעלעס" פון קוואַרטאַל באַקאַנט אַלס שימקע (דאָס איז ניט זיין ריכטיקער נאָמען) גנב. פּשוט שימקע גנב און דורכאויס ניט מיט אַ כונה אים צו זידלען אָדער צו באַליידיקן האָט מען אים אַזוי גערופן. שימקע גנב, אַ שטייגער, ווי אַנ'אַנדערער האָט געהייסן משה דער שוסטער, אָדער יאַנקעל דער באָנדאַר. זעלטן ווער עס האָט אין אונזער גאַס געהאַט אַ מאָדערנע „פּריזוווישקע" און אים האָט מען גערופן שימקע גנב, כדי אים ניט צו פאַרבייטן מיט ערגעץ אַנ'אַנדער שימקע.

אויף זיכער קען איך ניט זאָגן, אָבער דער מאַן איז, דאַכט זיך, געווען אַן אַלמן. אויך גלויב איך ניט, אַז ער האָט ממש ווען עס איז גע'גנב'עט, וויינינקסטנס ניט צו דער צייט, וואָס איך באַשרייב. אפשר פּשוט דערפאַר ווייל ער איז דערצו גע־ווען צו פויל: גנבה איז גאָר ניט אַזאַ לייכטע פּרנסה, ווי ער־לאַכע בירגער מיינען. וואָס ער האָט יאָ געטאָן איז געווען פאָלגענדעס:

ער האָט געקויפט און פאַרקויפט גנבות און דאָס כמעט עפנטלאַך; האָט זיינע קינדער געהאָדעוועט פאַר זשוליקעס און

האָט געשפּילט די ראָל פון דיקענס'עס פייגין (אין „אָליווער טוויסט") פאַר פרעמדע אָרעמע קינדער, הגם שוין מערסטנס דערוואַקסענע. די וואָס האָבן זיך אין זיין „אונטעררירכט" און פריינטשאַפט ניט גענויטיקט און זיינען שוין געווען קעשענע גנבים אויף — ווי דייטשע סוחרים שיקן אַמאָל סחורה — אויף „אייגענער רעכענונג און געפאַר", — זיי האָבן צו אים צוגעצויגן די מיידלאַך, זיך געבנדיק צוערשט א שטיף... האַלב און האַלב, און שפּעטער אינגאַנצן, כדי אַז די „סחורה" זאָל ניט אריינפאַלן אין די הענט פון פרעמדע „סוחרים", זיינע קאָנקורענטן.

איינע פון די מיידלאַך איז אויף דער אופן אינגאַנצן רו־אינירט געוואָרן, אנ'אַנדערע האָט צוזאַמען מיט די ברידער באַזוכט דעם מאַרק, וואו מען האָט פּראַקטיצירט פינגער־מלאכה, בעת די דריטע איז אָנגעקומען פאַר א דינסט צו מיינע על־טערן. דאָס איז געווען די עלטסטע. זי איז, דאַכט זיך, ארויס־געראַטעוועט געוואָרן פון יענעם סאָרט לעבן.

און איך אין מיינע קינדערשע יאָרן פלעג וויסן גאַנץ גענוי־ווער און וואָס די דאָזיקע שכנים זיינען, אַזוי ווי דאָס האָט גע־וואוסט די פּאָליציי. האָט זיך געמאַכט א גנבה אין שטאָט איז מען פון „אוטשאַסטאָק" גלייך געקומען מאַכן אַן אביסק ביי שימקע דעם גנב און אַזוי ווי ער האָט עס ענטוועדער גע־קויפט און איז געווען צוגעגרייט, אָדער ער האָט עס ניט גע־קויפט — אפשר על פי סיבה ניט געקויפט — און איז געווען אומשולדיק, האָט מען דאָס רוב ביי אים ניט פיל געפונען.

וואָס איז שייך צו מיר, איז דערביי אינטערעסאַנט דער פאַקט, וואָס שימקע דער גנב און זיין זון, כאַפּט אייך אָן, „עלקע דער זשוליק", אָדער זיין טאָכטער, וואָס איז ארויס „לתרבות־רעה" זיינען פאַר מיר, אין יענע צאַרטע קינדער־יאָרן, געווען פּראָסט אָרעמע לייט, וואָס האָבן אָנגעפילט, און ניט אַלעמאָל, דעם מאָגן אַזוי אָדער אַנדערש. נאָך מער אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס ווייסנדיק, וואָס פאַר א פאַמיליע דאָס איז, האָט ניט

מיין פאָטער און ניט מיין מוטער ניט איבערגעלייגט זיך זייער לאַנג, ווען זיי האָבן די עלטסטע פון די מיידלאַך אריינגענומען צו זיך אין הויז. אונזערע שכנים האָבן דאָס טאַקע ניט גע-קענט פאַרשטיין. באַזונדער דערפאַר, וואָס זי פלעגט יעדן אָוונט זיך צוריקקערן אהיים. איין שכנה האָט באַמערקט: „לכל־הפחות וואָלט איך איר גרינטלאַך אונטערזוכט פון קאָפּ ביז די פיס, איידער זי פאַרלאָזט דאָס הויז"...

פאַר מיין טאַטן, און קוקנדיק דורך זיינע ספּאַקולן, פאַר מיר אליין, איז שימקע, קום כל, געווען אַ שרעקלאַכער אביון, וואָס האָט געקאַנט אַלע טאָג קראַפּירן פאַר הונגער, — ער מיט זיין פאַמיליע. און ווען עלקע פלעגט אויפ'ן מאַרק האָבן אַ „גוטן טאָג", פלעגט דאָס מיר צו אַ געוויסן גראַד הנאה טאָן. הגם דער „לא תגנב" אויף די לוחות איבער'ן פּרכת אין שול פלעגט מיר אָפּט אויסזען עפּעס אזוי ווי אַ שורה פון פייערדיקע אותיות, וואָס איז איינגעפּאַסט געוואָרן מיט זיין, כביכול'ס, איי-גענער האַנט און ברענט מיט'ן שלהבת־יה.

איך בין געווען זייער פרום אין יענע יאָרן און פרום מיט דער ספּעציעלער פרומקייט, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן דעם שטעמפּל: „ווי זי, עליה השלום". און מער ווי איין נאַכט האָב איך ניט געקאַנט איינשלאָפן, ווייל די דאָזיקע צוויי ווער-טער פלעגן מיר ברענען אין די אויגן ווי שטאַרק איך זאָל זיי ניט צומאַכן. אַ קלייניקייט „לא תגנוב!" וואָס וואָלט זי דער-צו געזאָגט? און איך האָב גע'גנב'עט. אמת, נאָר פון די עלטערן, אָבער גע'גנב'עט.

זי וואָלט „געקליבן", איך גנב'ע!

איינמאָל, געדיינק איך, האָב איך נאָך אזא שלאָפלאָזע צוויי־דריי שעה ענדלאַך מיט כעס זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער אנדערער זייט, בורבלענדיק אונטער'ן נאָז:

„אַ מאַלע־וואָס! קינדער דאַרפן עסן!"

עס פאַרשטייט זיך, איך גאַראַנטיר איצט ניט געגוי פאַר

די דאַזיקע ווערטער, אָבער אומגעפער אזוי האָב איך זיך אַליין באַרוהיקט.

מיט א יאָר שפּעטער, זייענדיק אן ערך פון צען יאָר אַלט, האָב איך אָנגעהויבן צו „קלייבן" אַלע פרייטיק א שעה פאַר ליכט־בענשן, בעת לייבע פּאַק, דער שרעקלאַכער לייבע פּאַק, וואָס האָט אויסגעזען ווי דעם אויבערשטנ'ס א גוואַרדעיעץ, מיט די פּולסי־דנורא (פייער־ריטער) אין איין האנט און די אייזערנע קאַץ, ארונטערגענומען פון הימל, אין דער אַנדערער, פלעגט גיין צווישן די קראָמען, שרייענדיק, אז מען זאָל זיי צומאַכן, ווייל שבת קודש קומט און אָפּט, באַגלייטנדיק דעם געשריי מיט טויטע קללות, ווען די קרעמערקעס פלעגן וואגן צו מאַכן א קרומע מינע, אָדער ניט אויפ'ן שטעל כאַפּן שליסן די געשעפטן.

איך האָב נאָכגעטאָן מיין באָבע צילה און געגאַנגען קלייבן נדבות צווישן די קראָמען. מען האָט מיר געגעבן אפשר אויס ליבע צו מיין טאַטן, און אפשר אויס רחמנות אויף די קליינע אביונים, וואָס א קליין קינד, ווי איך, גייט פאַר זיי בעטן נדבות פרייטיק צו ליכט בענטשן.

ס'פארשטייט זיך, אז איך האָב צוזאַמענגעקליבן ניט מער ווי עטלאַכע קאָפּיקעס, און דאָס איז ניט געווען גענוג אפילו אויף טרוקן ברויט פאַר די דריי ברידערלאַך יתומים.



**אפקלאנגען פון מיינע קינדער־יארן. — די תורה פון חדר. — צו זיבן יאר א קענער פון דער אלטער אידישער אקסן־יוריספרודענץ. — דער עפּי־זאד מיטן „צדיק“. — פון ווילנע קומען משיח־קלאנגען.— מוראוויאוו׳ס מעשים אין פוילן.**

ווען איך האב מיט 35 יאר צוריק באשריבן די לעבנס־געשיכטע פון דעם „משוגע׳נעם פילאזאף“, האב איך גענומען פאר א מוסטער דאס לעבן פונ׳ם פריערדיקן דור. נאר, כדרך הטבע, זיינען דארט אריינגעדרונגען אויך אפקלאנגען פון מיין אייגענער קינדהייט.

איך האב שוין פריער דערמאנט, אז מיין פאטער איז ניט געווען צופרידן מיט דאס וואס מען האט מיר געלערנט אין חדר און ער איז אליין געווארן מיין לערער. ער האט אפנים איינגעזען, אז די תורה פון חדר איז געווען די זעלבע אין מיין קינדהייט ווי אין זיינער.

אין דער תורה פון חדר, ווי איך האב זי באשריבן אין דער לעבנסגעשיכטע פון דעם משוגע׳נעם פילאזאף, איז געווויס דא, ווי דער דייטש זאגט, דיכטונג און ווארהייט. דאך איז זי ניט ווייט פון אמת. אויך אין מיין צייט האט מען צו פיר יאר שוין געלערנט חומש און געוואוסט אזוינע מעשיות וואס פיר־יאריקע קינדער מעגן עס ניט וויסן. זעקס־יאריקע אינגלאך האבן אנגעהויבן לערנען גמרא און צו זיבן יאר שוין געוואוסט אלע דינים, וואס געהערן צו דער וויכטיקער פראגע מכח דעם, וואס מען האט צו טאן מיט אן אקס, וועלכער שטויסט א קו מיט זיינע הערנער. בין איך געווען א גרויסער קענער אין אונזער

אַלטער אידישער אָקסן־יוריספּרודענץ, אין אַזעלכע יונגע יאָרן, ווען אַן אַנדער אינגל רייט נאָך אויף אַ הילצערנעם פערדל און ברעכט זיין מח אויף דער פראַגע, צי קומט מילך פון הימל אָדער פון געוויסע טייכן און צי וואַקסן מאַקאַראָנען אויף בוי־מער אָדער אויף זאַנגען.

אָפּקלאַנגען פון מיינע אייגענע חדר־יאָרן געפינען זיך וואַר־שיינלאַך אויך אין דעם עפּיזאָד מיט'ן צדיק.

דעם אות „צדי" רופט מען אין דער ליטע צדיק. ווען איך האָב געקראָגן צו וויסן פון דעם לאַנגן צדיק און דעם קרומען צדיק אין אלף־בית, האָב איך אַרום דעם גערעדט מיט מיינעם אַ חבר, אַן עלטערן אינגל ווי איך. ער האָט מיר עפּעס וואָס געזאָגט.



איינער פון ווינטשעווסקי'ס חברים (האַלענדער) אין די חדר־יאָרן, אין יאַנאָווע. (שפּעטער אַ מיטאַרבעטער אין „השחר").

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אונזער הויכן פרומען רבי'ן מיט זיין איינגעקאָרטשעטן רוקן און האָב געזאָגט צו אים, אַז חיים'קע זאָגט, אַז דער רבי איז אַ גאַנגער צדיק, אַ קרומער צדיק. דעם פּאַטש דערפאַר האָט מיר דער רבי אָפּגעגעבן שפּעטער, ווען כ'האָב שוין געלערנט חומש. מיר האָבן דעמאָלט געהאַלטן ביי שכם'ס ראָמאַן מיט שוועסטער דינה, האָב איך זיך אויסגערעדט, אַז דער יושר פון אויס'הרג'ענען אַ גאַנצע שטאָט מאַנסבילן צוליב דעם, וואָס אַ בחור האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, איז ניט געווען איבעריקס גרויס. האָט מיר דער רבי געגעבן דעם נעמלאַכן פּאַטש וועלכן מיר איז באַשערט געווען צו קריגן מיט פינף חדשים צוריק...

---

באַלד נאָכן פוילישן מיאַטיעזש, פון יאָר 1863, איז אַרויסגעגאַנגען אַ קלאַנג איבער גאַנץ ליטע, פוילן און זאַמוט, אַז משיח קומט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין ווילנע, וואו אַ פּרוש האָט זיך איין שיינעם פרימאָרגן אויפגעכאַפּט און האָט גענומען שרייען אויפ'ן קול, אַז דעם יאָר (תרכ"ד) מוז קומען משיח. ווען מען האָט אים געפרעגט, פון וואַנען דאָס איז געדרונגען, האָט ער געזאָגט, אַז ער נעמט דאָס פון דעם פּסוק אין דברים, וואו עס שטייט „על במותימו תדרך". דער עולם האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען און דער פּרוש האָט דערקלערט, אַז „תדרך" איז בגמטריא תרכ"ד,—אַז „תדרך" באַטרעפט 624 (אַזוי ווי תרכ"ד) און דאָס באַווייזט, אַז אין תרכ"ד מוז קומען משיח.

דער עולם האָט דאָס אויסגעהערט און זייענדיק אביסל אויפגערעגט פון דעם פוילישן מיאַטעזש, וועלכן דער צאַר האָט דעמאָלט געענדיקט דערשטיקן, האָט מען דעם קלאַנג פאַנאַנדערגעטראָגן איבער דער גאַנצער מדינה און מיר האָבן אַלע אַ גאַנץ יאָר געוואַרט אויף ביאת הגואל.

(פון פּאַלעסטיניזם אָדער ציוניזם האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט. עס האָט זיך קיינעם ניט געלייגט אויף די

רעיונות, אַז עס איז נאָר אַ סברא צו גיין קיין ארץ ישראל אָן אַ משיח. איך רעכן, אַז ר' משה באַלבירישקער וואָלט איך אַרויס־געהאַקט אַ גאַנצע פּראַסלע ציינער מיט איין קלאַפּ, ווען איך וואָלט אים אַזאַ זאַך גאָר דערמאָנט.)

דער יאָר תרכ"ד איז אַוועק און משיח איז... יענעם יאָר עפּעס ניט געקומען. משמעות האָט דער פּסוק ניט געמיינט, וואָס דער ווילנער פּרוש האָט געמיינט. אפשר איז משיח טאַקע געקומען, נאָר ער האָט דערהערט, אַז מוראַוויאָוו אַרבעט מעשים אין פּוילן, אַז ער שטיקט און ווערגט, און ברענט, און הייננט, האָט ער מורא געקראָגן און האָט זיך צוריק אָפּגעטראָגן. אַ איד נאָך אַלע מעשיות!.. באַוויזן האָט ער זיך יעדנפאַלס ניט. דאָס ווייס איך.

נו, די אויפרעגונג ביי אונז איז געווען מורא'דיק גרויס דעם גאַנצן ליבן יאָר. פונדעסטוועגן איז נאָכדעם ביסלאַכווייז שטיל געוואָרן; פרומע אידן האָבן ווידער גענומען קויפן היי־זער, לייען געלט אויף לאַנגע טערמינען (און הויכע ציגזן — מיט היתר עסקא'ס, נאַטירלאַך!), קויפן גאַנצע קלאַפּטערס האָלץ אין יעסן אויף דעם קומענדיקן ווינטער. בקיצור, עס איז שטיל געוואָרן. מען האָט ווי געוויינלאַך געזאָגט אני מאמין אַלע טאָג און מ'האָט איבערגע'חזר'ט די הייליקע ווערטער וועגן דעם, וואָס מען וואַרט אַלע רגע אַז אָט קומט ער, אָבער צום עסק האָט דאָס שוין מער ניט געשטערט.



**מ י י ן  ע ר ש ט ע ר  ר א ס א ן. — איך בין געווען אַלט זעקס יאָר, גיטקע פינף. — אין דער רוסישער פֿאָלקס־שול. — יודקע דעם מולערס. — רפאל'קע ישעיה דעם בע־קערס. — „מאַפקע דער אפיקורוס"**.

איך האָב זיך פאַרברייטערט וועגן מיין ערשטער קינדהייט, נים ווייל זי איז דער אינטערעסאַנטסטער פעריאָד פון מיין לעבן, אפילו פאַר מיר אליין. איך האָב דאָס געטאָן נאָר דער־פאַר, ווייל, ווי די ענגלענדער זאָגן, „דאָס קינד איז דער פאָטער פון דעם מאַן".

נים דאָס, וואָס איך האָב דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט אין די יאָרן ווען דאָס קינד איז געוואָרן א יונגערמאַן, האָט באַשטימט מיין שפּעטערדיקע טעטיקייט, נאָר טאַקע די ערשטע, די קינדעריאָרן האָבן די פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר דאָס בי־סעלע גוטס, וואָס מען קאָן געפינען אין מיר, ווי מען קאָן מיך היינט אין דער עפנטלאַכקייט.

און איידער איך שייד זיך מיט יענע ערשטע לעבניאָרן, לאָמיר  פ א ר  אָדער  ג ע ג ן  זיך — דאָס וועט אָפּהיינגען דערפון, ווי מען וועט דאָס אויפפאַסן — דערציילן נאָך א כאַ־ראַקטעריסטישע קלייניקייט.

פון יאַנאָווע קיין קאָוונע האָט זיך די פאַמיליע אריבער־געקרוישקעט בעת איך בין אַלט געוואָרן א יאָר זעקס. אין יאַנאָווע איז דאָן געבליבן א טייל פון מיין פאָטער'ס משפּחה און איינגאַנצן מיין מוטער'ס.. צווישן זיי אירע דריי פאַרהיי־ראַטע שוועסטער.

ווייניקסטנס איינמאָל א יאָר פלעג איך פאָרן קיין יאַנאָווע

אין צייט פון שיינע עטלאכע יאָר. דאָס פלעגט פאַר מיר זיין
אַ גרויסער יום־טוב מאָל פאַר מאָל.

דער שפאַס פון דער זאַך איז אָבער, אַז פאָרן אהין פלעג
איך ספּעציעל צו זען זיך מיט אַ מיידל פון מיין עלטער, אין
וועלכע איך בין געווען, ווי איך פאַרשטיי דאָס היינט,פאַרליבט,
בעת איך בין אוועקגעפאָרן פון יאַנאָווע אַ בחור פון זעקס יאָר.
און ניט דאָס אליין. די דאָזיקע ערשטע ליבע איז ניט געווען
ריין־פלאַטאָניש ווי מאַנכע „הינרייסונגען" פון שפּעטערדיקע יאָרן.
די העלדין פון מיין ערשטן „ראָמאַן" האָט געהייסן גיטקע.

גיטקע איז געווען מיט מיר אין איין עלטער. איר טאַטע,
אַ מין טרעגער, האָט געוואוינט מיט זיין ווייב און טעכטערל
ביי מיין זיידן (פון דער מאַמע'ס צד) אין אַ קאַמער.

מיין ליבע צו גיטקע'ן האָט אָנגעהאַלטן דריי יאָר. איינ־
מאָל קומענדיק קיין יאַנאָווע האָב איך איר ניט מער געטראָפן.
איך האָב זיך געשעמט צו פרעגן וואו זי איז אהינגעקומען און
עד־היום ווייס איך ניט וואו זי איז. זי איז, אַזוי ווייט ווי
דאָס איז מיר נוגע, ווי אין תהום אריין.

ווער ווייסט, אוב זי איז ניט איצט אין ניו יאָרק. אפשר
איז זי אַ רייכע אַלרייטניצע, און אפשר אַן אָרימע הענדלערקע,
וואָס פאַרקויפט געזייערטע אוגערקעס מיט ראָסל אין העסטער
סטריט, ווער ווייסט?

---

די רוסישע „פאָלקס־שול" האָט מיך דערווייטערט פון אַלע
מיינע פריערדיקע חברים.

אין דער קאַזיאָנער שול, וואו איך האָב געלערנט לייענען
און שרייבן רוסיש, אריטמעטיק און אַ לעק וויסנשאַפט, האָב איך
זיך באַקענט מיט גאָר אַן אַנדער סאָרט אינגלאַך. אין געוויסע
פּרטים זיינען זיי געווען ערגער ווי די, וועלכע איך האָב פריער
געקענט. נאָר אין אַנדערע פּרטים האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט
געגן יענע. זיי זיינען געווען קינדער פון חשוב'ע בעלי־בתים און
האָבן זיך געהאַלטן ריינער ווי יענע אין קערפּער און און שפּראַך.

אין דער דאָזיקער מלוכה־שול האָב איך כמעט פארגעסן די אָרימע און פארשטויסענע תלמוד־תורה־אינגלאך, ווי אויך שימקע גנב'ס געזינדל. בלויז איינעם פון מיינע פריערדיקע חברים האָב איך ניט פארגעסן. דאָס איז געווען אַ מולער'ס אַ אינגל. זיין טאטנ'ס נאָמען האָב איך ניט געוואוסט. איך געדיינק אים אלס „יודקע דעם מולער'ס".



מאָריס ווינטשעווסקי און צוויי פון זיינע חברים (לייבל און אברהם שמעון שטערן) אין קאָוונער „פאָלקס־שול" (1869).

יודקע דעם מולער'ס איז געווען אינגער פאַר מיר. איך פלעג זיך צו אים באַנעמען מיט דער אויטאָריטעט פון אַ לערער, און פלעג אים דערקלערן די סודות פון דקדוק. אויך שפעטער, ווען איך האָב שוין געקענט אביסל רעדן רוסיש און געוואוסט, אַז די ערד איז קיילעכדיק, און איר באַציאונג צו דער זון און די פּלאַ־נעטן, פון וואנען עס שטאַמען רעגן און שניי און דאָס גלייכן „וואונדער", האָבן איך נאָך אַלץ יודקע'ן „מקרב" געווען. איך

פלעג מיט אים שפּילן אין „ציגן און וואָלף“, און וואָס איך בין געווען כמעט אַ ספּעציאַליסט, און פאַרברענגען מיט אים, ביז איך האָב געמוזט אַריין אין שטוב.

עטלאַכע יאָר האָט אָנגעהאַלטן מיין פריינטשאַפט צו יודקע דעם מולער׳ס ביז די שטאַרקערע ליבע צו רפאַל׳קע דעם בעקער׳ס האָט מיך פון אים אַוועקגענומען.

רפאַל׳קע איז געווען מער געלערנט פון מיר. איך האָב אים ליב געהאַט מער ווי אַ חבר, כמעט ווי אַ געליבטער. יעדעס מאָל ביים פאָרן קיין יאַנאָווע און צוריקקערן אַהיים פלעג איך אים קושן און האַלדזן מיט אומגעהויערער ליבשאַפט.

אין מיינע עראינערונגען פון דער קאָוונער מלוכה־שול, איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס איך וואָלט אויף דעם אויסגעבראַכט צוויי טראָפּנס טינט. וואָס עס האָט דאָרט אויף מיר געמאַכט אַן איינ־דרוק איז אַ מין באַגעגעניש. איין טאָג, ווען איך בין געווען אויפן הויף פון דער מלוכה־שול, איז אַ הויך־געוויקסיקער מאַן, כמעט אַ בלינדער, דורכגעגאַנגען פאַרביי מיר און איז אַרויס פון הויף צו „יאַנאָווער גאַס“. עטלאַכע אינגלאַך האָבן אים נאָכגעקוקט און געשטאַנען און גערעדט וועגן אים.

— ווער איז ער? — האָב איך זיי געפרעגט.

— דאָס איז מאַפּקע דער אפּיקורוס! — האָט מיר געענט־פערט אַ גרעסערער אינגל פון מיר.

דאָס האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דעם ערשטן העברע־אישן ראָמאַנען־שרייבער אברהם מפּו. צום ערשטן מאָל און צום לעצטן מאָל. מיר דוכט, אַז איך האָב אים מער קיינמאָל ניט געזען, וואָרים אין עטלאַכע חדשים אַרום *) איז ער געשטאָרבן אין קעניגסבערג, פּרייסן.

---

*) יום־כפור תרכ״ח (9טן אָקטאָבער 1867).

א ס א ט י ר י ק ע ר צ ו ב ר־מ צ ו ת. — די לוסט צו שרייבן. — מיין פאטער אלס מוסטער. — צוגריטונגען פאר דער גימנאזיע. — די מאמע איז געגן. — איך הויב אן געבן „שטונדן״.—שמואל דן.—מיר מאכן פאבלען בשותפות״.

די לוסט צו שרייבן האב איך געהאט כמעט פון מיין קינד־הייט אן. מיין פאטער, א פולקאמער העברעער און א מדקדק (א קענער פון גראמאטיק), האט מיך צו אכט יאר אוועקגענומען פון חדר און האט מיט מיר אליין געלערנט העברעאיש און דקדוק, ווי איך האב שוין דאס דערציילט אין א פריערדיקן קאפיטל. צו צען יאר האב איך געהאט גרינדלאך „אויסגעהאט״ דעם „מסלול״ און בן־זאב׳ס „תלמוד לשון עברי״. ערשט דאן בין איך אויף א יאר 2־3 צוריקגעקומען צו דער גמרא. מיין ביסעלע תלמוד (בבא־קמא, בבא־מציעה און ביצה) איז געווען גראדע גענוג מיר צו געבן אזוי פיל „גמרא־לשון״, וויפיל ס׳איז נויטיק צו שרייבן „עכט־איד־דישע״ העברעאיש, און ניט צו פיל, כדי צו קענען זיך נעמען צו אנדערע זאכן.

האבנדיק מיין פאטער אלס א מוסטער (ער האט קיינמאל קיין זאך ניט געלאזט דרוקן, אבער ער איז געווען א באדייטנדער סטיליסט), איז ביי מיר, ווי געזאגט, די לוסט צום שרייבן געווען פון דער ערשטער קינדהייט אן. אנגעפאנגען האב איך פונדעסט־וועגן ערשט, ווען איך בין ארויסגעקומען פון שול מיט דער רו־סישער שפראך אלס מיין נייע השלמה און אנדערסענ׳ס „פאלקס־זאגן״ אלס „נאגראדע״.

די אגדתות *) פון דער גמרא, אנדערסענ׳ס מעשות און, מער ווי אלץ, קרילאוו׳ס פאבלען, פון וועלכע, לאזט זיך מיך בארימען, איך האב באלד געקענט צוויי־דריטל אויסנווייניק, האבן מיר געשיינט צו ווייזן א וועג. איך דארף ווערן, האב איך צו זיך גע־זאגט, א פאבל־דיכטער.

*) מעשה׳לאך — טייל פון גמרא.

אזוי בין איך ארויסגעפאָרן אויף דעם ליטעראַרישן וועג: א סאַטיריקער מיט א נייגונג צו פּערזן (על־פּי קרילאָוו) און מיט א שטרעבונג זיך אויסצודריקן קאָרעקט, ווי דאָס מוז זיין ביי א דרייצניאָריקן וויל־זיין־א־שרייבער, וועלכער האָט אין זיך די גראַמאַטיק פון צוויי שפּראַכן און א פאָטער'ס פיינע מליצה אין איינער פון זיי.

נאָכדעם ווי איך האָב געענדיקט די פאָלקס־שול, האָב איך געוואָלט אריינטרעטן אין קאָוונער גימנאַזיע. מיין פאָטער האָט גאָרניט געהאַט דעגעגן. די מניעה איז געווען דאָס אייגנטליך־געלט און דער עיקר דער „שכר לימוד“, וואָס האָט באַטראָפן 30 רובל א יאָר — א צו גרויסע סומע פאַר א פאַמיליע, וועמעס הכנסה איז 5 רובל א וואָך.

איך פאַרשפּאָר צו דערציילן, אז מיין מאַמע האָט ניט געוואָלט, איר זון זאָל זיין א גימנאַזיסט. מיין פאַרלאַנג אריינצוטרעטן אין גימנאַזיע איז ביי מיין מאַמען געווען דאָס זעלבע, ווי איך זאָל וועלן ארונטערזינקען אין טיפן תהום אריין...

נאָר איין זאַך איז געוואָרן קלאָר פאַר מיינע עלטערן באַלד ווי איך בין אָנגעקומען אין דער רוסישער פאָלקס־שול. דאָס איז, אז איך וועל ניט זיין קיין רב און קיין דין, קיין חזן אָדער שוחט. מיין לערנען גמרא האָט זיך פון יאָר צו יאָר אַלץ מער איינגעשרומפּן. איך האָב אָנגעהויבן לייענען השכלה־ביכער (אין העבּרעאיש) און נאַטורוויסנשאַפט (אין רוסיש), אחוץ מאַסן ראָמאַנען. דער טאַטע האָט געגן דעם גאָרניט אָנגעווענדט.

ווען איך האָב אָנגעהויבן געבן „שטונדן“, צו לערנען רוסיש מיט אינגערע קינדער, און איך בין געוואָרן א פאַרדינער (איך האָב גענומען 15 גראָשן—א בערלינקע—פאַר א שטונדע!), האָב איך געדונגען א גוטן לערער מיך צו לערנען לאַטיין. דער געדאַנק איז געווען: אפשר וועט זיך פאַרבעסערן דעם טאַטנ'ס מצב און איך וועל קענען אָנקומען אין גימנאַזיע.

עטלאַכע חדשים איז די גימנאַזיע־פראַגע געהאַנגען אין דער לופטן. דערווייל האָט אריינגעדרונגען אין מיין לעבן א נייער

מענטש. ווען און ווי אזוי, האָב איך שוין פארגעסן. איז געדיינק בלויז, אז אונזער פריינטשאַפט האָט אָנגעהאלטן ניט מער ווי א פּאָר מאָנאַטן.

זיין נאָמען איז געווען דן—שמואל דן—און אזוי ווי ער האָט זיך געגרייט אריינצוטרעטן אין א וועלכער־עס־איז „העבערער"



שמואל דאָן

שול, איז ער מיט מיר געוואָרן חברים. האָבן מיר צוזאמען גע־לערנט און געלייענט ביכער.

איינמאָל זיינען מיר געזעסן איבער קרילאָווים פאבלען און עס איז אונז איינגעפאלן א געדאנק—ווען פון אונז געדיינק איך ניט מער—צו פרובירן מאכן אזוינע פאבלען „בשותפות".

מיין עלטערער חבר איז געווען א „גרויסער פאנטאזיאָר". ער האָט אויך געקענט מער פון דאָס לעבן פון חיות, בהמות און עופות. איז די געמיינשאפטלאכקייט פון אונזער ארבעט באַ־שטאנען אין דעם, וואָס ער פלעגט אויסטראכטן די מעשיות

און איך פלעג „באַזאָרגן“ דעם טעקסט, אויב מעגלאך אין גראַמען. די שפּראַך איז געווען רוסיש.

איך געדיינק, אַז מיר האָבן אויפגעשריבן אַ געוויסע צאָל פאַבלען, ניט ווייניקער פון פינף און ניט מער פון צען. איך געדיינק אויך, אַז איך האָב געקויפט אַ נייעם נאָטיץ־ביכל און איידער מיר האָבן נאָך פאַרפאַסט אונזער ערשטע פאַבל, האָב איך געמאַכט אַ פאָדערבלאַט צו דעם דאָזיקן נאָטיץ־ביכל מיט קורסיווע בוכשטאַבן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי געדרוקט און זיך געלייענט אַזוי: „באַסני ס. דאָנאַ אי ב. נאָוואָכאָוויטשאַ“. עס איז אויך געווען אָנגעגעבן דאָס יאָר און דער פּלאַץ פון דער דאָזיקער אויסגאַבע.

זעלבסטפאַרשטענדלאך, אַז די דאָזיקע פאַבלען האָבן ניט געהאַט קיין שום ליטעראַרישן ווערט. איך צווייפל ניט אין דעם, ווייל קיין איינציקע פון די דאָזיקע פאַבלען איז ניט געבליבן אין מיין זכרון. פונדעסטוועגן איז דאָס געווען דער ערשטער טריט פון מיין ליטעראַרישער קאַריערע, און צייטנווייז פאַרדריסט מיך אויף דעם פאַרלוסט פון די דאָזיקע פאַבלען.

---

איך פאָר שטודירן אין ווילנער ראַבינער־שול. — נאָר ניט „עסן טעג“. — מיין מומע'ס ליבע צו מיין טאַטן. — דער פעטער מאַנציק און זיינע „גילדערנע הענט“. — ווי אַזוי איך דערלערן דייטש. — מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט בערנע. — פריוויטיוט! — פּיסאַ־רעוו'ס איינפלוס. — דער „מגיד“. — מיין שנאה צו דער ראַבינער־שול. — איך פאַרלאָז ווילנע.

מיין טאַטנ'ס הכנסה איז ניט גרעסער געוואָרן. איך האָב דערפאַר געמוזט אויפגעבן מיין פּלאַן אָנצוקומען אין קאָוונער גימנאַזיע. די פראַגע פון מיין דערציאונג איז פאַרענטפערט געוואָרן אויפן פאָלגענדן אופן:

אין פרילינג פון יאָר 1870 בין איך אָפּגעפאָרן קיין ווילנע זיך צוגרייטן אריינצוטרעטן אין הארבסט פון דעם זעלבן יאָר אין דער ווילנער „ראבינער"-שול.

אז איך בין געקומען קיין ווילנע, האָב איך אויסגעפונען, אַז מיין טאַטע און מיין פעטער האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט צו קריגן פאר מיר „טעג" אין מיין פעטער'ס באַקאַנטע הייזער. מיין פעטער מאַנציק, ווי איך האָב שוין דערציילט אין א פריערדיקן קאַפּיטל, איז געווען א שמש און א מלמד. ער האָט זיך גוט פארטראָגן מיט מענטשן און איז געווען באַליבט ביי זיינע שכנים. ער האָט מיר דערפאר לייכט געקענט קריגן גוטע „טעג". נאָר איך האָב זיך איינגעשפּארט, אַז איך וועל בשום אופן ניט גיין „עסן טעג". עס האָבן ניט געהאָלפן די געבעטן פון מיין פעטער, מינד־לאַך, און פון מיין פאָטער, שריפטלאַך. איך בין געבליבן איינ־געשפּארט: איך וועל ניט גיין עסן קיין טעג — און געענוג.

מיין פעטער האָט מיך ניט געלאָזן פאָרן צוריק קיין קאָוו־נע. ער איז געווען זייער גוטהערציק, און מיך האָט ער נאָך באַ־זונדער ליב געהאַט, ווייל איך בין געווען דער זון פון זיין עלטסטן ברודער, וואָס ער האָט זיך כמעט דערצויגן אויף זיינע הענט און מיט זיין הילף געקראָגן א פיינע פרוי, קלוג און שיין. נאָר אפשר נאָך מער פארן פעטער האָט מיך געליבט אָט־די מומע, און טאַקע צוליב א מאָטיוו, וואָס איך האָב באַגריפן יאָרן שפּעטער.

איצט, אַז מיין טאַטע־מאַמע זיינען טויט, און אויך מיין פעטער און מומע האָבן פארלאָזן אונזער ערד, מעג איך אויס־זאָגן דעם סוד, אז ווען מיין מומע האָט חתונה געהאַט מיט מיין פעטער, האָט זי טיף אין איר הארצן געליבט מיין טאַטן, וואָס האָט שוין געהאַט א ווייב און קינדער. אויך מיין טאַטע האָט זי ליב געהאַט זיין גאַנצן לעבן זינט יענער צייט. נאָר אין פאַר־לויף פון די דאָזיקע פערציק יאָר האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט געזען און זייער ליבע איז געשטאָרבן מיט זיי! געשטאָרבן? יע־

דענפאלס זיינען זיי באגראבן געווארן אין קברים ווייט איינע פון די אנדערע, ווי עס איז ווייט קאוונע פון ווילנע.

איך געדיינק, ווי די מומע פלעגט מיך קושן און האלדזן— איך בין דעמאלט אלט געווען 14 יאר—מיט א שטארקער ליבע און שטענדיק, ווען זי פלעגט רעדן וועגן מיר מיט א שכנה, פלעגט זי מיך אנרופן „זיסל'ס זון".

און איך געדיינק אויך, אז דער טאטע פון זיין זייט פלעגט זי שטענדיק דערמאנען מיטן נאמען „שיינקע" און דער נאמען און די ווערטער פלעגן ארוים פון זיין מויל אויף א וואונדער־לאכן אופן... און ער האט זי ניט געזען ביזן טויט.

אט האט איר א הארץ-ערשיטערנדיקן ראמאן! און אונזער דור האט אזוינס ניט געגלויבט אויף זיינע עלטערן, און איז געווען זיכער, אז עס איז ניט געווען קיין „ליבע" ביי אידן פון די צייטן פון רות אדער אפשר פון די צייטן פון אמנון און תמר, ביז אברהם מאפו האט געשריבן זיינע ראמאנען...

אזוי ווי עס זיינען דא מענטשן, וועמעס גאנצער כח איז אין מויל, אין פעדער, אדער אין „שכל הישר", אזוי זיינען אויך דא אזוינע, וועמעס גאנצער כח ליגט אין זייערע הענט.

צו אט־דעם לעצטן סארט מענטשן האט געהערט מיין פעטער מאנציק.

זיין גאנצן לעבן א „כלי קודש"—א שמש און א מלמד— איז ער דאך ניט געווען קיין „קאפ מענטש". איך בין זיכער, אז ער האט ניט געקענט זיין קיין ראש־ישיבה אדער א גמרא־מלמד, אפילו ווען ער וואלט דאס וועלן. נאר דערפאר האט ער געהאט „גילדערנע הענט", צו וואס ער האט זיך נאר צוגערירט.

דער פעטער מאנציק האט ניט בלויז גענייט קליידער, פאר־לאטעט צעריסענע שיך, געמאכט א טיש, א באנק, אלערליי סארטן קופערטס, געבויט (הילצערנע) הייזער, געבונדן ביכער, און עס פארשטייט זיך, געבאקן מצות אויף פסח, נאר ער האט אויך געמאכט מיט די בלויזע הענט ליימענע קוילן און האלבע

קוילן, וואָס זיינען געווען אַזוי קיילעכדיק, אַז קיין פּראָפעסיאָנע־לער קינסטלער, וואָס האָט נאָך דערצו די נויטיקע געצייג, וואָלט אין זיי ניט געפונען קיין שום פעלער. אָט־די קוילן זיינען גע־וואָרן אין מיין פעטער׳ס הענט אַלערליי פּרעכטיקע כלים, באַ־צירט מיט פאַרשידענע געמעלן און צייכענונגען, וואָס זיינען גע־ווען אַ פאַרגעניגן אָנצוקוקן.

און אויב איר וועט מיך פרעגן, ווען האָט ער דאָס אַלץ גע־מאַכט, אפילו ווען די קוואַנטיטעט פון זיין האַנט-אַרבעט איז ניט געווען איבעריקס גרויס, וועל איך אייך ענטפערן, אַז אָט־דער מענטש האָט זיך ניט פאַרגונען צו שלאָפן מער ווי דריי אָדער פיר שטונדן אַ נאַכט. אַזוי ווי זיין מאַמע, די באָבע צילה, האָט דורך אירע תעניתים שטאַרק פאַרקלענערט דאָס עסן, אַזוי האָט איר זון, מיין פעטער, פאַרמינדערט דאָס שלאָפן. ער האָט געפאַסט, אַזוי צו זאָגן, שלאָף־תעניתים. נאַכט נאָך נאַכט.

ער האָט אויך קיינמאָל ניט גערעדט מיט קיינעם וועגן זיין האַנט־אַרבעט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשעמט, וואָס ער ברענגט אוים די צייט, אין וועלכער ער האָט געקענט לערנען „דברי תורה“, אויף אַזוינע קלייניקייטן. זיין שטוב האָט ער, נאַטירלאַך, געבויט ניט בייינאַכט, נאָר בייטאָג — „בין הזמנים“ — און דאָסגלייכן דעם גרויסן קליידער־אַלמער, די שטולן, טישן און ביינק—אַלע אַזוינע זאַכן, וועלכע מען קען ניט מאַכן גאָר אָן טומל.

אין יעדער אָנגעלעגנהייט, צו וועלכער עס האָט זיך גע־פאָדערט פּראַקטישער שכל, אַ באַקאַנטשאַפט מיטן ווירקלאַכן לעבן, איז ער געווען אַ „מלמד“. אין אַלע זאַכן, ווידער, וואָס אַ מענטש קעמפט געגן די, וואָס ווילן אַוועקנעמען זיין ברויט, איז ער געווען אַ „שמש“. און דער דאָזיקער מלמד, וואָס איז געווען אַ שמש, איז געווען געשאַפן צו זיין אַ באַגנאַדיקטער קינסטלער, ווען ער וואָלט ניט געבוירן געוואָרן אַ איד, ביי אַן אָרימער־אַלמנה, וועמעס קינדער זיינען אַלע שטאָטישע אָרימע לייט, און די ערציאונג פון דעם צוקונפטיקן קינסטלער איז געלעגען אין די הענט פון זיין עלטערן ברודער, אַ קליגערער פון אים און מיט אַ

שארפערן מח, נאָר, אזוי ווי ער, א פארלאָזענער אין זיין יוגנט, א אידישער תלמיד־חכם, וועמען עס איז פרעמד דער ווערט פון יעדער קונסט.

בלויז אויף אזוי פיל האָט מיין פאָטער פארשטאַנען צו וואָס זיין ברודער איז פייאיק, אז ער האָט אים גערעדט אין זיין צייט, איידער ער האָט חתונה געהאַט, זיך אויסצולערנען שניידעריי, אָנשטאָט אויסצוברייען זיין לעבן אלס שמש און דרדקי־מלמד. נאָר דער פעטער האָט עס ניט געוואָלט און איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז געווען.

---

זעקס חדשים האָב איך געוואוינט בא מיין פעטער און גע־געסן ביי זיין טיש. איך האָב די גאַנצע צייט געלערנט מיט התמדה אלץ וואָס איז געווען נויטיק צו וויסן, כדי אריינצוטרעטן אין דריטן קלאַס פון דער ווילנער ראַבינער שול. דערווייל האָב איך געלייענט א סך ביכער, אויסער וואָס איך האָב יעדן טאָג אויס־געלערנט אויף אויסווייניק קרילאָוו׳ס א פאבל, אז צום סוף זו־מער האָב איך שוין געקענט אויף אויסווייניק איבער הונדערט פאבלען.

אין ווילנע, אין דעם זעלביקן יאָר (1870), בין איך איין טאָג באַקאַנט געוואָרן מיט א דייטשישן שריפטשטעלער, וועלכער האָט אויף מיר געהאַט פילייכט דעם גרעסטן איינפלוס אין מיין לעבן. נאָר צו־ערשט דאַרף איך באמערקן, אז ביי מיין פעטער אין שטוב האָב איך געפונען דעם גאַנצן תנ״ך מיט דעם ביאור פון משה מענדעלסאָן און זיינע תלמידים, צוזאַמען מיט דער דייטשער אי־בערזעצונג, וואָס האָט מיך פארכאַפּט. און, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, בין איך, א דאַנק מיין טאַטן, געווען גוט באַ־האַוונט אין תנ״ך, האָט מיר געהאָלפן די דייטשישע איבערזע־צונג צו דערלערנען די דייטשישע שפּראַך. אין פארלויף פון צוויי־דריי חדשים האָב איך שוין געקענט לייענען אלץ, וואָס איך האָב געקראָגן אין אָט־דער שפּראַך.

איין טאָג, ווען איך בין געגאַנגען שפּאַצירין אויף איינער פון

די פאראדנעסטע גאסן פון ווילנע, האב איך דערזען אין א פענס־טער פון א בוכהאנדלונג א קליין ביכל, וואס האט געהייסן: „מיין טאגעבוך אויס זאדען", געשריבן פון לודוויג בערנע. וואס מיין אויג האט באזונדער צוגעצויגן צו דעם דאזיקן ביכל פון רעקלאמ׳ס פאלקס־ביבליאטעק, איז געווען זיין נידעריקער פרייז—5 קאפי־קעס! אזא סומע האב איך פארמאגט. בין איך גלייך אריין אין דער בוכהאנדלונג און אין א וויילע ארום איז דאס קליינע ביכע־



לודוויג בערנע

לע מיט זיין רייכן אינהאלט (ווי איך האב שפעטער אויסגעפונ־נען) געווען מיין אייגנטום. איך בין באלד אוועק צו מיין פעטער אהיים און עס אנגעהויבן לייענען. אזוי ווי צום עקזאמען (צום דריטן קלאס פון דער ראבינער שול) האב איך סיי־ווי־סיי גע־מוזט „זוברעווען" דייטשישע גראמאטיק און לייענען דייטש, האב איך שוין פאר איין גאנג (ניט גאר אן מאטערניש) געלייענט בערנע. לאמיך דא גלייך זאגן, אז א האלב יאר שפעטער האב איך

ביי אַ באַקאַנטן אין קאָוונע געפונען דעם גאַנצן בערנע און בין געוואָרן אַ ליידשאַפטלאַכער בערניאַנער, דאָס הייסט, אַ יונגער מענטש, כמעט נאָך אַ קינד, וועלכער האָט אומעטום און אין אַלץ, אין חלום און אויפן וואָר, געזען אין פייערדיקע, ליכטיקע, אומאויסלעשלאַכע אותיות דאָס גרויסע, הייליקע וואָרט „פריי־הייט".

אַרום יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן צו לייענען רוסישע צייטונגען: צו־ערשט דעם „גאָלאָס", וועלכער האָט דאַן געהאַט ביי אונז אַ שם פאַר אַן אַנטיסעמיט, און דאַן די פּעטערבורגער „בירזשעוויע וועדעמאָסטי", אין וועלכער דער שפּעטערדיקער אידנפרעסער סוואָווראָין האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אַלס פעליע־טאָניסט, זיך אונטערשרייבנדיק „ניעזנאַקאָמעץ". רעגלמעסיק אָבער האָב איך אָנגעהויבן צו לייענען דעם „המגיד".

ביסלאַכווייז בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דער רוסישער ליטעראַטור, און ווען ניט בערנע (וואָס האָט, ווי איך האָב שוין אויבן באַמערקט, אויף מיר געהאַט פּילייכט דעם גרעסטן איינפלוס אין מיין לעבן), וואָלט פּיסאַרעוו זיכער דאַן געוואָרן מיין גאָט, אָבער זיין איינפלוס איז אַזוי אויך געווען שטאַרק אויף מיר. איך האָב געלערנט, געלייענט און גע־שריבן, האָפנדיק צו דערגרייכן די מדרגה פון אַ שרייבער: צו ווערן אַ מענטש, וואָס לערנט מענטשן זיין פריי. דריי ליטעראַ־טורן זיינען פאַר מיר דאַן שוין געווען אָפן.

ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, האָב איך אין ווילנע, אין דעם זעלביקן זומער 1870, אָנגעהויבן לייענען דעם „המגיד" פון אליעזר ליפּמאַן זילבערמאַן פון ליק, פּרייסן.

גענומען לייענען האָב איך דעם „המגיד" צוליב דער זעלבער סיבה, וואָס ער אַליין איז געוואָרן באַשאַפן.

ווי באַוואוסט, האָט ה' זילבערמאַן געגרינדעט דעם „המגיד" אין יאָר 1856 צוליב דער מלחמה פון טערקיי און אירע עליים — ענגלאַנד און פראַנקרייך — קעגן רוסלאַנד. און אָט־אַזוי בין איך

14 יאָר שפּעטער געוואָרן אַ לעזער פון „המגיד“ צוליב דער מלחמה צווישן פּרייסן און פראַנקרייך.

(אויב די מלחמות וואָלטן ניט טאָן קיין אַנדער שאָדן, ווי העלפן פאַרשפּרייטן, אפילו באַשאַפן, שלעכטע ציטונגען, וואָלטן זיי שוין דערפאַר אַליין געמוזט פאַרדאַמט ווערן. אָבער דאָס איז ניט אַהין, ניט אַהער)..

צוויי חדשים נאָכאַנאַנד פלעג איך לייענען דעם „המגיד“ יעדן שבת מיט גרויס התמדה. מיין פעטער, זיינע צוויי איי־דעמס און אַלע אונזערע מקורבים, וואָס פלעגן אָפּט אַריינקומען צום פעטער אין הויז, האָבן אַלע געהאַלטן מיט די פראַנצויזן. די טראַדיציע פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטנ׳ס פריינטשאַפט (?) צו אידן האָט געהערשט אין איר פולער מאַכט צווישן די אידן אין ליטע, וואָס האָבן געוואוסט פון קייסער, נאָר ניט געהאַט קיין שום ידיעה פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

דער „המגיד“ איז געווען די ערשטע אידישע ציטונג, וואָס איך האָב אין יענער צייט געזען. איז ער מיר אין אָנהויב געווען שטאַרק געפעלן. ער פלעגט דערציילן אין ליק, אין פּרייסן, וואָס דאָס אַליין אין ליטע געווען ניט קיין קליינינקייט: „הערסט? אויפן טייצעסן בוידעם!“ פלעגט מען זאָגן ביי אונז אין קאָוונע צווישן די עלטערע אידן.

דאָן פלעגט מיר געפעלן דער לשון פון דער רעדאַקציע, וועל־כע פלעגט טראָגן דאָס נאַרישע קעפּל: „על המדינות בו יאמר“ (איבער די שטאַטן ווערט אין אים געזאָגט). איך פלעג הנאה האָבן צו זען, ווי דער אידישער רעדאַקטאָר חכמ׳עט זיך מיט גרויסע מלוכות, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיי געווען „זאַ־פּאַני־בראַטאַ“. אַ גאַנצע וואָך פלעג איך וואַרטן מיט אומגעדולד, וואָס און ווי דער רעדאַקטאָר וועט דאָרטן זאָגן, און אויב זיין נבואה פון דער לעצטער וואָך איז מקוים געוואָרן. מיר זיינען אויך געווען געפעלן אַ טייל לידער, אַלע הספדים און די נייעס פון דער גאַנצער וועלט, כאָטש זיי פלעגן זיין שטאַרק פאַרעלטערט. מען פלעגט זיך וויצלען, אַז אין משיח׳ס צייטן, ווען די מתים וועלן

לעבעדיק ווערן, וועלן זיי לייענען אין „המגיד“ שבעה עשר בתמוז, אַז זיי זיינען געשטאָרבן ל"ג בעומר. נאָר סיי־ווי איז זיך ניט גע־ווען וואָס צו איילן מיט אַזוינע נייעסן, וואָס האָבן דערציילט פון אַ גביר'ס טויט, אָדער פון אַ מחלוקת אין אַ וועלכער־עס־איז שולכל, וועגן חתן־תורה אָדער חתן־בראשית. אַ באַזונדער איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט אַלץ, וואָס איז אין „המגיד“ געווען געדרוקט וועגן די עלנטע עגונות א. ד. ג. איך האָב אויך געלייענט מיט אַ באַזונדערן אינטערעס דעם „הצופה“, דער אָפּטייל פון „המגיד“, וואָס איז געווען פול מיט תורה און חכמה. אמת, אָפּט האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען, נאָר איך האָב זיך געטרייסט דערמיט, וואָס די עלטערע פון מיר (אַ 14־יאָריק אינגל) פאַרשטייען עס אויך ניט, און אָפט זיינען פאַר זיי רע־טענישן אפילו פשוט'ערע זאַכן..

שפּעטער האָב איך פון „המגיד“ דערפאַרן, אַז אין פּאַריז זיינען אויפגעשטאַנען „שרעקלאַכע מיאַטעזשניקעס“, וועלכע ווילן פון די רייכע אַוועקנעמען דאָס געלט און צעטיילן. איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען מחמת איך בין דאַן געווען „קרימינעל“ געזאָנען, אָדער ווייל איך האָב סימפּאַטיזירט מיט די אָרימע לייט, — און איך געדיינק ניט אַ טאָג אין מיין לעבן, ווען דאָס איז ניט געווען דער פאַל, — דער פאַקט איז, אַז די די שרעקלאַכע פאַרברעכנס פון די פאַריזער „מיאַטעזשניקעט“ האָבן מיך אי־בעריקס שטאַרק ניט אויפגערעגט.

ביסלעכווייז האָב איך אָבער אין דעם „המגיד“ געוגומען גע־פינען חסרונות. די קאָרעספּאָנדענצן פון פילע שטעט אין רוס־לאַנד און עסטרייך פלעגן מיר פאַרקומען זייער דום און פוסט. זייער אינהאַלט איז געווייינטלאַך געווען אַ הספד אויף ערגיץ אַ גביר, אַ באַשרייבונג פון אַ שרפה און ענלאַכע זאַכן. דער איינ־ציקער חשוב'ער שרייבער אין מיינע אויגן איז געווען אַ געוויסער פאַסטעלבערג, וועלכער פלעגט שרייבן פון אַלץ, וואָס פלעגט פאַסירן אין סטאָקהאָלם, אָדער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָדער אין אַנדערע שטעט, אפשר אפילו אין ניו יאָרק.

איך האָב געלערנט פלייסיק און געהאַט דערפאָלג אין מיינע פאָרבאַרייטונגען צום עקזאַמען, נאָר די ראַבינער־שול האָט ביסלאכוויז אָנגעהויבן פאַרלירן איר חן אין מיינע אויגן. מיין לערער איז געווען אַ סטודענט פון דער זעלביקער ראַבינער־שול. דאָס, וואָס איך האָב זיך אָנגעזען פון אים, און נאָך מער פון דעם, וואָס ער האָט מיר דערציילט, האָט אויף מיר געווירקט, איך זאָל פאַרלירן דעם חשק צו לערנען אין דער ראַבינער־שול. איך האָב געהאַלטן, אַז אַלע סעמינאַריסטן זיינען פון גרונט־אויס פאַרדאָרבן, אויסוואורפן און היפּאָקריטן. אזוי האָט מען מיר, למשל, דערציילט, אַז די סעמינאַריסטן באָדן זיך אום שבת, און איינמאָל האָבן זיי דאָרט, אויף יענער זייט ווויליע, געבונדן אַ הונט מיט זייערע ציצית און אים אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים.

נאַטירלאַך האָב איך שטאַרק איבערגעטריבן אין מיין שנאה צו דער ראַבינער־שול און אירע שילער. נאָר דער איינדרוק פון יענע קלאַנגען האָט מיך יאָרן־לאַנג ניט פאַרלאָזן. יעדער באַזונדער ראַבינער, יעדער העברעאישער מחבר איז פאַר מיר געווען אַ שילער פון ווילנער ראַבינער־שול... יעדער איינער, וואָס רעדט גוט רוסיש, יעדער, וואָס שרייבט העברעאיש און האָט אַ דיפּלאָם אין קעשענע, איז געווען אין מיינע אויגן אַ מיאוס'ער מענטש, מיט וועמען אָנשטענדיקע לייט האָבן קיין עסק ניט.

אַן איינציקע אויסנאַם איז פאַר מיר געווען דער העברעאישער ליטעראַטור־קריטיקער, אברהם אורי קאָוונער, וועלכן איך האָב צוערשט געהאַלטן פאַר אַ חשוב'ן מענטשן, געשאַפן פונם זעלבן שטאָף, וואָס לודוויג בערנע, און איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט. נאָר שפּעטער, ווען קאָוונער האָט געפעלשט אַ טשעק און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, האָב איך באַשלאָסן, אַז צווישן די העברעאישע שרייבער איז ניטאָ איינער קיין רעכטער.

אין מיין איבערטריבענער שנאה און פאַראַכטונג צו דער ראַבינער־שול און אירע שילער, בין איך געווען שטאַרק צופרידן, ווען מיין טאַטע האָט מיר געשריבן, איך זאָל צוריקקומען קיין קאָוונע, וואו ער האָט פאַר מיר אַ לייכטע שטעלע אין אַ גע־

שעפּט. איך האָב געהאָפּט צו פאַרדינען אביסל געלט און דאַן אַרייַנטרעטען אין קאָוונער גימנאַזיע. דאָרט וועל איך ניט דאַרפען זיין קיין צבוע'ק און אויך ניט קיין „קאַזיאָנער רב“, רחמנא־לצלן.

עס איז נויטיק צו באַמערקן, אַז אין יענער צייט האָב איך שוין אָנגעהויבין צווייפלען אין אמונה־זאַכן. נאָר בעת ר' יצחק אלחנן, דער קאָוונער רב, איז געוועזן אין מיינע אויגן אַן ערלאַכער גאַאיוואַר גלוֹיביקער, בין איך געוועזן איבערצייגט, אַז דער קאַ־זיאָנער רב איז אַ היפּאָקריט. איך האָב אים געקענט פון דער רוסישער פאָלקס־שול, וואו ער איז געוועזן אַ מין אינספּעקטאָר, און געוואוסט, אַז ער איז אַ פּוסטער יונג, „ניט צו גאָט, ניט צו לייט“, אָן תורה און אָן וויסן.

שווער איז מיר געוועזן דער אָפּשייד פון פעטער און מומען— באַזונדערס פון דער מומען — און זייער הויז־געזינט. עטלאַכע טעג פאַר ראש־השנה, תרל״א, (די לעצטע וואָך אין אויגוסט 1870) בין איך ווידער געוועזן אין קאָוונע.



צ ו ו י ש ן א מ ו נ ה א ו ן כ פ ו ר ה. — שלומ'קע זאקס. — „דו גלויבסט אין פארמעט!" — הימלשיין. — ווער האט געשריבן די תורה? — דאס גאלדן־קאלב. — פון וואנען שטאמען ראש־השנה, יום־כפור און סוכות? — דער קאמף געגן אמונה. — איך בין קיינמאל ניט געווען קיין בעל־תאוה.— ערנסטקייט און ליבע. — מיין ניט־גלויבגילטיקייט צו שלומ'־קע זאקס'עס שוועסטער. — קרימינעלע נויגונגען.

אין קאוונע האב איך זיך ווידער געפונען אין א נייער סביבה. דאס איז געווען א סביבה, וואס האט אונטערגעגראבן מיין גלויבן אין דער „תורה".

מיין גלויבן אין תלמוד האב איך שוין געהאט פארלוירן. איך האב אנגעהויבן קוקן אויפן תלמוד ווי אויף א ווערק געשאפן פון מענטשלאכע הענט, וואס האט ניט אין זיך קיין שום קדושה.

איך פארשפאר צו זאגן, אז אין מיינע אויגן האבן די „אגדתות" (מעשה'לאך) אויסגעזען לעכערלאך. זיי זיינען מיר פארגעקומען ווי געבויט אויף זאבאבאנעס, וואס איז א שאנד פאר יעדן אויפגעקלערטן מענטשן ניט בלויז צו גלויבן אין זיי, נאר אויך אויסצוברייינגען צייט זיי צו לייענען.

און וואס איז שייך צו די „הלכות" (געזעצן), זיינען זיי דאך געמאכט פון מענטשן מיט פארשידענע מיינונגען, און אפט האבן די לעצטע באשלאסן פונקט קאפויר ווי די ערשטע.

מיין קאראאימישער קוק אויפן תלמוד און די אגדתות האט מיך א צייט ניט פארלאזן. אפילו שפעטער, ווען איך בין געווען רעדאקטאר פון „אספת־חכמים", האב איך נאך ניט פארשטאנען, אז די אגדתות האבן א גרויסן ווערט פון א קולטור־היסטארישן שטאנדפונקט; אז עס איז דא אין זיי דער חן און די שיינקייט,

וואָס איז דאָ אין יעדער פּאָעזיע פון דער וועלט פון פאַנטאַזיע; אז אין יעדן דעמאָקראַטישן לאַנד ווערן געזעצן באַשלאָסן דורך אַ מערהייט.

נאָר אויב איך האָב אינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פונם תלמוד, האָב איך נאָך אַלץ פעסט געגלויבט אין דער „תורה".

צווישן מיינע חברים אין דער נייער סביבה איז געווען אַ אינגל אין מיינע יאָרן, שלום זאַקס.

אויפן פאַרלאַנג פון זיין פאָטער, וואָס האָט יוצא געווען פאַר די פרומע דורך קומען אַמאָל אין בית-המדרש, און פאַר די אפיקורסים—דורך רויכערן אום שבת (ניט עפנטלאַך, צווישן פריינט), האָט מיין פאָטער איינגעוויליקט אריינצונעמען שלומ'ען צו זיך אין הויז און אים לערנען אביסל תנ"ך, דקדוק און „דרך ארץ".

שלומ'קע איז געווען אַ אינגל מיט אַ וואונדערבאַרער השגה, מיט אַ בעסערן זכרון פון מיינעם און מיט אַנדערע פייאיקייטן. ער איז געקומען צו מיר אַ פאַרטיקער אפיקורוס, כמעט אַ „מומר להכעים". ווען ער פלעגט קומען מיט מיר און מיט מיין טאַטן אין בית־המדרש אריין, פלעגט ער ענטפערן נאָך יעדער ברכה „אַ, ניין"! אַנשטאָט „אמן".

איין טאָג האָבן מיר ביידע שפּאַצירט אויפן „באַרג" און גע־שמועסט וועגן גלויבנס־אַנגעלעגנהייטן. איך האָב אים געזוכט צו באַווייזן, אז מען קען ניט פאַרגלייכן אונזער גלויבן צום קריסט־לאַכן.

— פאַרוואָס קען מען ניט? — האָט מיך שלומ'קע געפרעגט.

— פאַרוואָס? — האָב איך געענטפערט, — גאָר פשוט, ווייל „זיי" גלויבן אין אַ הילצערנעם צלם.

— און אין וואָס גלויבסטו? אין פאַרמעט; אין דעם, וואָס עס איז געשריבן אויף פאַרמעט? שוטה. וואָס דו ביסט! — האָט שלומ'קע טריאומפירט געגן מיר.

וואָס קריסטענטום איז, האָט שלומ'קע נאַטירלאַך ניט גע־וואוסט פיל מער פון מיר. נאָר איך האָב שוין די נאַכט עטלאַכע

שטונדן ניט געשלאָפן, אָדער, ריכטיקער, איך האָב געשלאָפן מיט אונטערברעכונגען. אנטקעגן מיינע אויגן איז געשטאַנען שלומ'קע דער „כופר בעיקר" און אין מיינע אויערן האָבן געקלונגען און געקלונגען זיינע ווערטער, וואָס זיינען ארויס פון זיין מויל מיט נצחון: „דו גלויבסט אין פארמעט!"

איך גלויב אין פארמעט? איך גלויב אין זאכן, וואָס זיינען



שלומ'קע זאַקס

אפשר געשריבן געוואָרן פון דער האנט פון א מענטשן, פון א „בשר ודם", ווי איך... ווער ווייס? ווער ווייס?

טעג, וואָכן, חדשים זיינען פארגאַנגען און דאָס גלויבן אין פארמעט האָט מיך ניט געלאָזט רוען. ווער ווייס? ווער ווייס? און יעדן שבת און יעדן יום־טוב אין שול, אַנשטאָט צו דאַווענען, פלעג איך זיך גריבלען אין אלץ. וואָס איך האָב געלייענט אין סידור אָדער אין מחזור, ניט נאָך מיינע יאָרן.

אין אַלטן בית־המדרש, דאָרט, וואו עס האָט אויך געדאַוונט ר׳ יצחק אלחנן, איז געשטאַנען ניט ווייט פון מיר אַ מאַן, אַ בעל־מח, אַ למדן און אַ חקרן פון אַ יאָר דרייסיק. הימלשיין איז געווען זיין נאָמען. איך האָב אים פאַרטרויט אייניקע פון מיינע ספקות, הגם איך האָב אים גאָרניט געזאָגט וועגן דעם פּאַרמעט. אַזוי האָב איך אים געפרעגט: אויב משה רבינו האָט געשריבן די תורה און האָט אויף זיך אַליין געזאָגט: „און דער מאַן משה איז געווען זייער אַן ענו״ (אַנעוו), איז דאָך דאָס אַן אומגעהויערע גאוה?

איך האָב אים אויך געפרעגט: פאַרוואָס האָט אהרן, וועלכער האָט געמאַכט דעם גאָלדענעם קאַלב, גאָר ניט געליטן, בעת זיינע צוויי זין, נדב און אביהו, זיינען פאַרברענט געוואָרן דערפאַר, וואָס זיי האָבן מקריב געווען אויפן מזבח אַ „פרעמד פייער״, וואָס דאָס איז אַ סך אַ קלענערע עבירה ווי דאָס מאַכן פון עגל?

אַ סך אַזוינע קשיות האָב איך געפרעגט הימלשיינ׳ען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויף אייניקע פון זיי האָט זיך אויך „אָפּ־געשטעלט״ ר׳ נחמן קראָכמאַל. נו, איז וואָס, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. וואָס איז דער ענטפער?

צווישן אַנדערס האָב איך הימלשיינען געפרעגט: „פון וואַנען שטאַמט די הייליקייט פון ראש־השנה? מילא יום־כיפור, אויף אים ווערט געזאָגט, אַז ער איז אַ „שבת שבתון״ א. אַ. וו. נאָר פון וואַנען נעמט זיך די קדושה פון ראש־השנה? אָט שרייבט זיך דאָך: „תקעו בחודש שופר״—„בלאָזט שופר דעם ערשטן אינם מאָנאַט פון אונזער יום־טוב (סכות), ווייל דאָס איז אַ געזעץ ביי אידן״. נאָר פון וואַנען האָט זיך דאָ גענומען אַ יום־הדין? אַ ראש־השנה? די תורה רעדט דאָך גאָר פון ערשטן טאָג אין „זיבעטן מאָנאַט״? און אַ יאָר הויבט זיך דאָך ניט אָן דעם זי־בעטן, נאָר דעם ערשטן מאָנאַט?

כ׳געדיינק ניט מער, וואָס הימלשיין האָט מיר געענטפערט אויף די און אַנדערע אַזוינע פראַגן. אַן צווייפל האָט ער מיר וואָס געענטפערט, נאָר איך האָב עס פאַרגעסן.

יעדנפאַלס איז ניט געבליבן אין מיין האַרצן קיין שום ספק,

אז דאָס בלאָזן שופר איז געווען נויטיק, כדי אָנצוזאָגן דעם פאָלק, אז ס'האָט זיך דערנענטערט דער יום־טוב סוכות, דאָס איז דער יום־טוב פון „איינזאַמלונג“, דער וויכטיקסטער יום־טוב פון יענער צייט, ווען מ'האָט איינגעזאַמלט דעם גאַנצן שניט אין שייער. אין יענער צייט האָבן זיך נאָך ניט געפונען אין ארץ־ישראל קיין לוחות פון דער „אלמנה און ברידער ראָם“, און דאָס פאָלק האָט ניט געוואוסט, ווען עס פאַלט אוים סוכות. און כדי אידן זאָלן קומען גערייניקט צום אָרט, וואו זיי האָבן געפייערט דעם דאָזיקן גרויסן יום-טוב, האָבן זיי איינגעאָרדנט דעם יום־כפור. צוערשט האָט דערפאַר דער ערשטער טאָג סוכות ניט געהאַט קיין אַנדער' באַדייט אָדער וויכטיקייט א. אַ. וו.

אָן ספק, זיינען מיר איייניקע פּרטים קלאָרער געוואָרן שפּעטער נאָך יענעם פּעריאָד. נאָר די פראַגן גופא זיינען מיר איינגעפאַלן אין מיינע קינדער־יאָרן. דער גלויבנס־קאַמף, פאַר' וועלכן מיין הארץ איז געווען דאָס שלאַכט־פעלד, וואו אמונה און וויסן האָבן צווישן זיך כסדר געשטריטן, האָט מיך ניט צורו געלאָזט אַ זייער לאַנגע צייט.

איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין „בעל־תאוה“; איך האָב זיך ניט נאָכגעיאָגט נאָך קיין שום מאכל. ביז מיין 23טן יאָר האָב איך ניט גערויכערט און אַז איך בין אַלט געוואָרן זיבן־און־פערציק יאָר האָב איך באַשלאָסן אויפצוהערן רויכערן, און איך האָב אויפגעהערט און ווידער ניט גערויכערט איבער צוואַנציק יאָר, ביז איך בין געקומען קיין סאָוועט־רוסלאַנד. אויב איך האָב אויפגעהערט עפּעס צו טאָן, וואָס אַ פרומער איד רופט אָן „מצות-עשה“, און האָב איבערגעטראָטן אַ „מצות לא־תעשה“, איז דאָס געווען נאָכדעם ווי איך האָב אויפגעהערט צו גלויבן אין זייערע געבאָטן און פאַרבאָטן. מיין געזעגענען זיך מיט מיין גלויבן איז אין קיין פאַל ניט געווען קיין לייכטע זאַך.

אַלס קינד, אַלס אינגל, אַלס מאַן — מיין גאַנץ לעבן בין איך געווען ערנסט. די ערנסטקייט, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אפילו אין מיינע שפּאַסן, אפילו ווען איך האָב געשריבן אַזוינע

זאַכן, וואָס די לעזער האָבן זיך אַ סך אָנגעלאַכט איבער זיי, — די ערנסטקייט איז געווען דער שטאַרקסטער פונדאַמענט, אויף וועלכן איך האָב „עטאַבלירט" מיין וועלטל און אַנטוויקלט מיין כאַראַקטער.

ערנסטקייט און ליבע.

די ערנסטקייט צוליב מיין ליבע, די ליבע צוליב מיין ערנסט־קייט. נאָר איך בין נאָך ניט צוגעקומען אין מיינע עראינערונ־גען צום קאַפּיטל ליבע. הגם איך דערמאָן זיך איצט, אַז עפּעס



שלומ'קע זאַקס'עס שוועסטער

ענלאַכעס דערצו האָב איך איבערגעלעבט אין יענער צייט. לאָמיך עס פאַרצייכענען, איידער איך פאַרגעס, פּונקט ווי איך האָב עס פאַרגעסן אומגעפער פערציק יאָר.

די מעשה איז אַזוי געווען. דער אויבנדערמאָנטער אינגל, שלומ'קע זאַקס, האָט געהאַט אַן איין־און־איינציקע שוועסטער, אַביסל אינגער פון מיר. איך בין צו איר געווען ניט גלייכגילטיק,

כאָטש איך האָב עס דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען. איך פלעג זי זען יעדן טאָג און איך געדיינק, אַז מיר איז אַנגענעם געווען זי צו זען, און אַז זי, פון איר זייט, איז געווען זייער גערן צו זיין נאָענט צו מיר. נאָר מיר האָבן דערפון צווישן זיך קיינמאָל ניט גע־רעדט, ניט זי און ניט איך. לויט דעם, וואָס איך האָב דעמאָלט אָנגערופן ליבע, ווי אויך לויט דעם, וואָס איך האָב געזען וועגן דעם אין לידער און דערציילונגען, איז דאָס, וואָס איך האָב גע־פילט אין איר געזעלשאַפט, געווען זייער ווייט פון ליבע. נאָר ווער ווייס? אין אַ יאָר אַרום איז זי געוואָרן די ווייב פון אַ פּראָסטן מענטשן, אַ סוחר און אַ „געלט־מאַכער“, ווי מיר זאָגן דאָ אין אַמעריקע, דאָס לאַנד, וואָס פליסט מיט דאָלאַרן און סענטן.

---

ווי איך האָב אין קורצן שוין איינמאָל דערמאָנט, בין איך נאָך אַ האָר געוואָרן אַ קרימינעלער פאַרברעכער. דאָס איז געווען אינם פאַרלויף פון די דריי יאָר, וואָס איך בין געווען חברים מיט שלום זאַקס.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז שלומ'קע האָט מיך אַרונ־טערגעפירט פונם גלייכן וועג, אַז ער האָט מיך אָנגערעדט דער־צו. אָן ספק בין איך געבוירן געוואָרן פון פאַרברעכער־בלוט.

סיי פון מיין מאַמעס צד און סיי פון מיין טאַטנ'ס צד איז אפשר געפלאָסן אין מיינע אָדערן דאָס בלוט פון אַ פאַרברעכער מיט צען דורות פריער.

עס איז גאָרניט נויטיק צו וויסן די מאָדערנע קרימינאָלאָגיע, כדי צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף ניט וואַרפן די שולד פון אַ מענטשנ'ס פאַרברעכן אויף די עלטערן, וואָס האָבן זייערע קינדער ניט דערצויגן געהעריג שטרייגג, אָדער אויף שלעכטע חברים. מיר זעען אָפט צוויי ברידער, קינדער פון איין טאַטע־מאַמען, וואָס האָבן געלערנט אין דער זעלבער שול און זיך גע'חבר'ט מיט דעם זעלבן חבר, צום סוף איז איינער געוואָרן אַ רב אָדער אַ משכיל און דער צווייטער — אַ גנב אָדער גאָר אַ מערדער.

אָן צווייפל ווירקט די סביבה אויף יעדן מענטשן צום גוטן

אָדער צום בייזן, בפרט ווען ער איז נאָך יונג. נאָר די ווירקונג פון דער סביבה איז קענטיק בלויז אין דעם, וואָס האָט גע'ירשנ'ט גוטע אָדער שלעכטע נייגונגען פון זיינע עלטערן, פון זייערע על־טערן, זייערע פעטערס און מומעס א. אַ. וו. בפרט, אז „דאָס בלוט איז דאָס לעבן", און אַ געוויסער סאָרט בלוט פליסט אין די אָדערן פון אַ מענטשן, איז ער מסוגל זיך צו אַנטוויקלען לויט דעם דאָזיקן בלוט, וואָס ער האָט גע'ירשנ'ט, אונטער דער וויר־קונג פון דער סביבה.

נאָר ווי דאָס איז, בין איך אין דער געזעלשאַפט פון שלומ'קע זאַקס געוואָרן אַ גנב, אַ פעלשער, אַ פּראַצענטניק. מיר האָבן ביי־דע בשותפות „פּאַרדינט" עטלאַכע הונדערט רובל דורך באַשווינד־לען די מלוכה אין דער טאַקסע אויף זאַלץ, וואָס פלעגט אָנקומען פון פּרייסן קיין קאָוונע, אויף די דאַמף־שיפן אויפן טייך ניעמען.

אַ כאַבאַר פון אַ רובל און אַ פערטעלע צו אַ פּאָליציסט (פון דער נידעריקער מדרגה) האָט אונז געגעבן די מעגלאַכקייט צו גנב'ענען „פון קייסער" אַרום פינף רובל פון יעדער שיף אָנגע־לאָדן מיט זאַלץ. איינמאָל האָבן מיר אויך געקראָגן געלט (דריי־סיק אָדער פערציק רובל) דורך אַ פאַלשן טשעק.

ווער ווייס, וואָס עס וואָלט געוואָרן מיין גורל אינם לעבן, ווען ניט אַ צופאַל, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט דעם זעלבן יאָר און וועלכן איך וועל שפּעטער דערציילן נענוי, דערפאַר ווייל, מיר דוכט, ער איז געווען דער ערשטער שריט זיך צוריקצוקערן אויפן וועג פון יושר און רעכט. ווען ניט דער דאָזיקער צופאַל, וואָלט איך איצט געווען ניט דער געוועזענער אַרעסטאַנט פאַר אַ פּאָלי־טישן פאַרברעכן, נאָר דער געוועזענער, און אפשר דער נאָך איצט זייענדיקער, קרימינאַל, און זיך געפונען אין תפיסה פאַר אַ גנבה אָדער פאַר אַן אַנדער פאַרברעכן פון דעם דאָזיקן סאָרט.



נ י ה י ל י ז ם. — פיסאַרעוו. — פּאָעזיע, וואָס האָט קיין מאַטעריעלן ממשות. — „דאַמען־רעכט". — גאָט און די תפלות צו אים. — באַגעגענישן מיטן טאַטן. — „האָסט שוין גע־דאַווענט?" — מיין ערשטער אַרטיקל אין „המגיד".

אינם פאַרלויף פון די דריי יאָר, וואָס איך בין געווען חברים מיט שלום זאַקס, האָט זיך אַנטוויקלט מיין פּערזענלעכקייט אויף אַזאַ אופן, וואָס איז געווען גאַנץ אומפאַרשטענדלאַך פאַר מיין טאַטן און זיין דור.

אין מיין וועלטל, וואו לודוויג בערנע איז ביז איצט געווען דער אויטאָקראַטישער הערשער, איז אויפגעקומען אַן אויפשטאַנד, און ע איז אַנטשטאַנען אַ נייער קעניג. דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן אונטער דער פאָן פון ניהיליזם, און דער נייער קעניג איז געווען פיסאַרעוו. דער העלד פון טורגעניעוו, אין זיין ראָמאַן „טאַטעס און קינדער", באַזאַראָוו, איז פאַר אונז געווען אַ מוסטער. מיר זיינען געגאַנגען אין זיינע דרכים: רעספּעקטירן טאַטע־מאַמע איז געוואָרן באַגרעניצט לויט דער וויכטיקייט און די מעשים פון די עלטערן. אַלץ, וואָס איז געווען פאַרערט צוליב זיין אַלטקייט, האָט פאַר אונז גאָרניט עקזיסטירט („ניהיל"). פון יענעם טאָג און ווייטער איז בא אונז געווען באַ־שטימט, אַז יעדע זאַך פון ליטעראַטור און לעבן, אין וואָס דאָס לעבן נויטיקט זיך ניט און עס באַרייכערט ניט מאַ־טעריעל די וועלט, דאַרף אונטערגיין. אַזוי איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז די פּאָעזיע, וואָס האָט קיין מאַטעריעלע ממשות, דאַרף ווערן פאַרטיליקט ווי אַ זאַך, וואָס ברענגט אויס אומזיסט צייט. אַלע באַגריסונגען, ווי „גוט מאָרגן", „לחיים!", „שלום־עליכם" א. ד. גל., זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר זאַכן, וואָס

שטאַמען פון דעם אַבערגלויבן און דעם פאַנאַטיזם פון די פינס־טערע צייטן און אומוויסנהייט. אָפּגעבן אַ פּרוי „דאַמען־רעכט“, איר אונטערטראָגן אַ שטול צום זיצן, אויפהויבן עפּעס, וואָס איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, א. ד. גל. זאַכן, וואָס מען טוט ניט פאַר אַ מאַן, האָבן מיר באַטראַכט ניט בלויז פאַר זינלאָז, נאָר אויך פאַר אַ מיאוס'ער טבע, וואָס דאַרף אויסגעקאָרעניעט ווערן.

אין דעם דאָזיקן ניהיליזם איז נאָך גאָרנישט געווען פון סאָציאַליזם, אפילו ניט פון דעם, פון וועלכן ס'איז צו אונז געקומען ווידערקלאַנגען אין אַן אַנדער דערציילונג פון טורגעניעוו: „נאָוו‟, וואָס איז אַרוים מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער ווי „פאָטער און קינדער“.

מיין טאַטע האָט געמערקט, אַז אין מיר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג, באַזונדערס אויפן רעליגיעזן געביט.

ווען איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויב אפילו עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, איז ניט נויטיק צו זאָגן צו אים תפילות און אים צו זינגען שבחים. פּונקט ווי עס איז ניט נויטיק פאַר אַ קינד פון אַ גביר, וואָס קען דערפילן זיין זונ'ס אַלע פאַרלאַנגען, צו לויבן און בענטשן דעם דאָזיקן טאַטן פאַר אַלץ, וואָס ער האָט פון אים באַקומען (און בפרט פאַר דעם, וואָס ער האָט פון אים נ י ט באַקומען). און אַזוי ווי עס איז ניט נויטיק פאַר זיין זון צו בעטן און קניען און זיך בוקן צום טאַטן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַן אכזר, וואָס וויל ניט געבן קיין שטיקל ברויט צו זיינע קינדער, סיידן זיי לויבן אים און באַזינגען אים מיט אַלערליי שבחים, סיידן זיי בענטשן אים ביים נאָמען און ראַנג פאַרן עסן און מיט אַ לאַנגן בענטשן נאָכן עסן, — פּונקט אַזוי ווי דאָס איז ניט נויטיק פאַר אַ טאַטן אַ בשר־ודם, אַזוי נויטיקט זיך אויך ניט אין דעם אַ הימלשער פאָטער, און ער דאַרף דאָך גאָר פילן אַן עקל פאַר די אַלע לויב־געזאַנגען, תפלות און ברכות. און אפשר איז טאַקע בכלל קיין אונטערשייד ניט, צי מען לויבט אים אָדער מען לעסטערט אים...

ווען איך בין געקומען צום דאָזיקן אויספיר, איז מיר געווען זייער שווער זיך צו באַגעגענען מיט מיין טאַטן, וועמען איך האָב שטאַרק און טיף געליבט.

אַז ער פלעגט מיך פרעגן: „האָסט שוין געדאַווענט מנחה?״ האָב איך ניט געלייקנט און געענטפערט: ניין. און אַז ער האָט געזאָגט: „נעם און דאַוון״, האָב איך ניט געקענט מעיז פנים זיין „אַזאַ טאַטן ווי מיין טאַטן״, און האָב געדאַווענט, נאָר אָן שום גלויבן, און נאָכדעם געהאַט געוויסנביסן פאַר דעם גאַנצן שקר, וואָס שטעקט אין דעם.

ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז האָט דער טאַטע אָנגעהויבן פאַרשטיין מיין גייסטיקן צושטאַנד. אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, אויס ליבע צו מיר. בפרט אַז מיין אויסערלאַכע פירונג איז פאַר אים געווען אָנטפלעקט און ער האָט געוואוסט, אַז אין אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן, אָדער ניט געטאָן, איז ניטאָ קיין תאוה און קיין הפקרות.

דערווייל איז דערשינען אין „המגיד״ מיין ערשטער אַרטיקל, אַ מין אַפּאָלאָגיע פאַר דער תלמוד־תורה, וואָס איז אים געווען ליב און פאַר וועלכער איך איך האָב געהאַט אַ גוט געפיל, זינט מיין באַקאַנטשאַפט מיט די דריי ברידערלאַך יתומים, פון וועלכע איך האָב דערציילט אויבן, אינם צווייטן קאַפּיטל.[5] אַלענפאַלס, האָט ער אָן צווייפל ביי זיך געטראַכט, איז זיין האַרץ גוט און ריין, און ער פאָדערט רעכט און גערעכטיקייט, און סוף־כל־סוף איז דאָך דער עיקר דאָס גוטע האַרץ.

---

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך שוין דערמאָנט, ווי אַזוי איך בין אַרויסגעפאָרן אויף דעם ליטעראַרישן וועג. איך האָב דאָרט דערציילט, ווי אַזוי איך האָב גאָר יונג אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו פערזן און צו דרייצן יאָר פּרובירט שרייבן פאַבלען אויפן שטייגער פון קרילאָוו.

אין עלטער פון זיבעצן יאָר איז מיר איין טאָג, אין 1873,

איינגעפאַלן דער געדאַנק צו שיקן אַ „קאָרעספּאָנדענץ“ אין „המגיד“.

אַ שרייבער! אברהם מאַפּו—אונזער מאַפּו, דער קאָוונער מאַפּו, וועלכן איך האָב נאָר איינמאָל געזען,—ער און בערנע, און גאָגאָל און קרילאָוו, און שילער, און אַנדערע האָבן מיר אַלע גע־שוועבט פאַר די אויגן. און דאָ קומט אַלע וואָך אין שטוב אַריין דער „המגיד“, אין וועלכן מענטשן שרייבן, וואָס זיינען גאָרניט אַזוי אַי־אַי־אַי. אַ שרייבער! איך מוז ווערן אַ שרייבער!

עס זיינען אַוועק וואָכן און וואָכן, און איך פלעג קומען פון דעם שמש פונם נייעם בית-המדרש, וועלכער איז גע־ווען דער אַגענט פאַר דער צייטונג, אַן „אַנטווישטער“ מענטש.

ווי גרויס איז דערפאַר געווען מיין שמחה, ווען איך האָב איין פרייטיק געפונען ניט נאָר מיין אַרטיקל געדרוקט אָן דער מינדסטער פאַרקירצונג, 6) נאָר איך האָב אויך דעם זעלבן טאָג גע־קראָגן אַ בריוו פון דער „רעדאַקציע“, אונטערגעשריבן פון אים אַליין, דעם רעדאַקטאָר, פון אליעזר ליפּמאַן זילבערמאַן, אין וועלכן ער האָט מיך ספּעציעל איינגעלאַדן פאַר אים צו שרייבן פון קאָוונע, און אַגב טאַקע צו זען קריגן מער אַבאָנענטן.

דאָס איז וואַרשיינלאַך געווען איינער פון די גליקלאַכסטע טעג פון מיין לעבן. אפילו דאָס, וואָס הער זילבערמאַן האָט פאַרגעסן אַרויפצולייגן אַ פּאָסט־מאַרקע אויף דעם בריוו, וואָס דאָס האָט מיר געקאָסט דאָפּלטע פּאָרטאָ, מיט אַנדערע ווערטער— אַ פּאָר פרישטיקן, איז אויך געווען אַ קלייניקייט. וואָס מען פילט אַזוי ווייניק, ווי אַ מענטש, וואָס געווינט אַ גרויסן געווינס אין דער לאָטעריע, פילט די עקסטרא עטלאַכע שנאַפּסן, וואָס דער קאָלעקטאָר מאַכט אויף זיין חשבון.



**א ב ר ה ם  מ ש ה  ל ו נ ץ. — דער זעענדיקער בלינדער.— מיינער אַ קאָוונער חבר פון די קינדערשע יאָרן. — אַ זון פון אַן עסיג־מאַכער.—וואו האָב איך אים צום ערשטן מאָל געזען?**

פאַר מיינע אויגן שטייט אַ גלענצנד בילד, הגם שוין אָפּ־געבליאַקעוועט, פון מיין קינדהייט אין קאָוונע, אויפן בארג.

אַ שיין קינד, נאָר שטענדיק אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, אַזוי ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן בלוטלאָז.

ער איז עלטער פאַר מיר מיט צוויי יאָר *) און מער געלערנט און שוואַכער. ער זעט תמיד אויס, ווי ער וואָלט ערשט אויפ־שטיין פון שלאָף, נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. אין זיין געשטאַלט איז פאַראַן אַביסל פון אַ מאַרטירער און אַביסל פון אַ פאַר־צערטעלטן.

שפּאַסהאַפט פלעג איך אים אָנרופן „יין בן חומץ" (וויין עסיגזון), ווייל זיין טאַטע פלעגט מאַכן עסיג צום פאַרקויפן און די גאַנצע שטוב האָט געשמעקט מיט עסיג, און אויך איצט פיל איך אין מויל דעם טעם פון דעם זויערן עסיג.

ער איז דאַן אַלט געווען דרייצן יאָר און איך—עלף יאָר. יאָרן זיינען פאַרגאַנגען און איך האָב אים נאָכאַמאָל געזען אין לאָנדאָן, ווען ער איז שוין געווען באַרימט, ווי אַ העברעאישער שריפטשטעלער, אַ פאָרשער פון פאַלעסטינער אַלטערטימער און אויך פון איר געגנוואַרט. אַ שרייבער פון ביכער און אַן אַרויס־געבער פון אַלמאַנאַכן („לוח ארץ ישראל"), וועלכע ער ווייזט מיר און ער אַליין קען זיי ניט זען. ער איז בלינד—אַ מענטש

---

*) א. מ. לונץ איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן דעצעמבער 1854 און מאָריס ווינטשעווסקי—דעם 9טן אויגוסט 1856.

מיט אַ פאַרמאַכטן אויג („שתום העין”), וואָס איז מיט אויגן אַנטפּלעקנדיקע („גלוי עינים”). און צום ערשטן מאָל האָב איך באַגריפן די פּסוקים אין פּרשה בלק, וואו בלעם זאָגט עס אויף זיך, הגם ער איז ניט געווען קיין בלינדער. 7) אַלענפאַלס זע איך אַ „פאַרמאַכטן אויג” מיט „אויגן אַנטפּלעקנדיקע” אין דעם פּריינט פון מיין קינדהייט — אברהם משה לונץ.

איך פיל אַ טיפן מיטלייד, קוקנדיק אויף אים. בלינד און נאָך אַזוי יונג! און פון דער אַנדערער זייט ניט נאָר שטודירט



אברהם משה לונץ

ער נאָך, נאָר ער לערנט אויך אַנדערע. ער פאָרשט נאָך, זוכט אונטער, שרייבט און איז טעטיק, און ניט ווי מילטאָן, אין פּאָעזיע, די פרוכט פון דער פאַנטאַזיע, נאָר מיט באַרעכענונגען, מיט וויסנשאַפטלאַכע פאָרשונגען... און ניט בלויז איין בוך גע־שריבן, נאָר אַ סך ביכער, „לוח ארץ ישראל”, גרויס אין קוואַנטי־

טעט און קוואליטעט, וואָס ער גיט אַרויס פון יאָר צו יאָר, און נאָך, און נאָך.8)

און אַט איז ער אין לאָנדאָן. ער איז אַלט 25 יאָר. מיר לאָזן זיך אַריין אין עראינערונגען פון אונזער אָנהויב לעבן, ווען מיר זיינען ביידע געווען קינדער, ווען מיר האָבן געטרונקען ביי אים אין שטוב עסיג פאַרמישט מיט אַ זיסקייט, ווען זיין טאַטע איז געשלאָפן נאָכן פעטן קוגל און נאָך די איבעריקע לכבוד־שבת־מאכלים, ווען אונזער „נשמה יתירה" האָט פון זיי הנאה און דער מאָגן רעוואָלטירט געגן זיי, און דער קאָפּ טוט וויי, ווייל ער איז תמיד געגויגט אויף דער זייט פון מאָגן...

ליב איז מיר דיין אָנדיינק נאָך היינטיקן טאָג, אברהם משה! ליב, כאָטש זינט יענעם טאָג, וואָס איך האָב דיך געזען אין לאָנ־דאָן, זיינען שוין אַריבער נאָנט פון 50 יאָר. כאָטש מיין וועלט־אָנשויאונג איז געווען אַן אַנדערע ווי דיינע. כאָטש מיין סאָציאַ־ליזם איז דיר אפשר ניט געווען צום האַרצן.

מיר איז ליב דיין אָנדיינק, איצט, ווען פון דיר זיינען אונז איבערגעבליבן בלויז דיינע אויפטואונגען און דיינע ביכער, דער אָנדיינק פון דיינע אויפטואונגען, באשר דו ביסט שוין לאַנג גע־שטאָרבן. ‡)

---

וואו האָב איך אים צום ערשטן מאָל געזען? מיר דוכט, אַז ער איז געווען מיין חבר, ווען איך האָב געלערנט ביי אַ פּוילישן מלמד, וואָס איז געווען אַ שטיקל משכיל... און אַ חדר האָט ער געהאַט אויפן באַרג נאָענט פון לונצ'ס הויז; זיין נאָמען האָב איך פאַרגעסן. און אפשר האָבן מיר זיך באַקענט אין קלייזל פון תלמוד־תורה. עס איז ניט אוממעגלאַך, אַז איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען אין מיל אויפן באַרג, וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענ־קלייבן אַזוינע אינגלאַך, ווי איך, צו זען ווי עס מאָלט די מיל, וואָס איז געווען פאַר אונז אַ וואונדער...

---

‡) 14טן אַפּריל 1918.

י. ל. קאנטאר'ס ליד „מאמינים אנחנו" (מיר גלויבן. — דער ערשטער סאציאליסטישער געזאנג ביי אידן.
—האט עס מיך באאיינפלוסט? — האב איך עס פארשטאנען?

אנהויב יאר 1873,(9 זעקס חדשים איידער איך בין געוואָרן אינם ערשטן העפט פונם פערטן יארגאנג „השחר" י. ל. קאנטאר'ס סאציאליסטיש ליד „מאמינים אנחנו — קול בני הנעורים" (מיר גלויבן — די יונגנט־שטים).(10
אויף וויפיל קאנטאר'ס ליד האט געווירקט אויף מיר, וואס



י. ל. קאנטאר

איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט אין ווייניקער ווי אַ יאָר אַרום? האָט עס בכלל מיך באַאיינפלוסט? און אַזוי ווי איך בין דעמאָלט אָקאָרשט אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, צי האָב איך עס כלל פאַרשטאַנען?

אויף די דאָזיקע פראַגן האָב איך ניט קיין באַשטימטן ענטפער. מעגלאַך, אַז איך האָב קאַנטאָר'ס שיר געלייענט און ניט פאַרשטאַנען בעת מעשה, און זיין ווירקונג האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, ניט ווייסנדיק געגוי, אויף וועלכן וועג געפילן און געדאַנקן האָבן אַריינגעדרונגען אין מיין האַרץ און מח. ס'איז שווער צו געדיינקען געשעענישן, וועלכע האָבן ניט געמאַכט אויף דיר קיין שטאַרקן רושם אין זייער צייט, נאָר נאָך שווערער איז צו געדיינקען די ווירקונג פון אַ צופעליקן לייענען אויף דער אַנטוויקלונג פון עפּעס אַ געדאַנק אָדער אַ געפיל, נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער אַ סך יאָרן.

בנוגע צום שיר גופא פון י. ל. קאַנטאָר איז ניטאָ קיין ספק, אַז דאָס איז די ערשטע פּרעזענטירונג פון סאָציאַליזם ביי אידן. ער איז פריער ווי דאָס, וואָס ס'האָט געשריבן ליבערמאַן, יהלל, קאַמינער, ליליענבלום און יעדער איינער פון אונז, די פּיאָנערן, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דער „אידישער גאַס“ מיטן דגל מחנה יהודה אין די הענט אין די אַרמייען פון מאַרקס און לאַסאַל, אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

ריידנדיק פון קאַנטאָרן, וויל איך דערמאָנען, אַז אין יאָר 1886, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן דעם „היום“ אין פּעטערבורג (לענינגראַד), וואָס איז געווען די ערשטע טעגלאַכע צייטונג אין העברעאיש, בין איך געווען זיין קאָרעספּאָנדענט פון לאָנדאָן. 11)

מחשבות'ן! י. ל. קאַנטאָר איז שפּעטער געוואָרן ערגעץ־וואו אַ רב, 12) ווי איך הער! ברוך משנה עתים ומחליף את הזמנים!



## מיין טאטנ׳ס „עסקים“ לטובת הכלל.

—זיין סיסטעם ביים טיילן „מעות חטים“. — א פרוי חלש׳ט ביי אונז אין שטוב. — דער פאטער ווענדט זיך פאר איר צום גביר פיינבערג. — דער אפזאג און די חרטה. — זיי ווערן ביידע גוטע פריינט. — מיר קומט דערפון ארויס א טובה.

צווישן מיין טאטנ׳ס „עסקים“ לטובת הכלל איז אויך געווען דאס צעטיילן „מעות חטים“ צו די שטאטישע ארימע לייט, יעדן יאר פאר פסח.

מיין טאטע האט אויך אין דעם איינגעפירט א סיסטעם און א טאלק. די שטאט איז געווארן איינגעטיילט אין קווארטאלן, גאסן, הייזער און דירות (אפארטמענטס). עטלאכע וואכן פאר יום־טוב האט דער טאטע אויסגעארבעט א צעטל, אין וועלכן עס זיינען אריין אלע באדערפטיקע פון זיין קווארטאל: זייערע נע־מען, וואוינונגען, צאל פון הויז-געזינטן. יעדער פאמיליע האט ער געגעבן א באשטימטע סומע, צי זיי האבן געקראגן געלט צו קויפן מצה, אדער די מצה גופא.

דעם ערב־פסח פון יאר 1872 איז געקומען אן אלמנה צו מיין טאטן און אים געבעטן איר געבן מצה, אדער „מעות חטים“. אויף איר חלק האט זי געדארפט קריגן א רובל און א האלב. דער טאטע האט געעפנט זיין נאטיץ־ביכל, געזען, אז איר נאמען איז ניטא. ער האט איר דערקלערט, אז זי האט געדארפט קומען מיט דריי חדשים פריער.

ווער איר מיר גארנישט געבן? — האט די פרוי געפרעגט.

— ס׳טוט מיר שטארק לייד, — האט דער טאטע געענט־פערט, — נאר ס׳איז ניט מעגלאך.

ער האָט ניט באַוויזן צו ענדיקן, איז די פרוי אַנידערגעפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד און גע׳חלש׳ט.

אַלע אין שטוב זיינען געקומען דער פרוי צו הילף. זיי האָבן זי אָפּגעקוועשטשט אויף אירע פיס. דער טאַטע איז דערווייל אַרויס פון שטוב. נאָכדעם ווי ער האָט צו איר געזאָגט: „כ׳גיי קריגן געלט".

אַנטקעגן אונזער הויז, אויף דער אַנדערער זייט גאַס, איז געווען אַ גרויסער גאָרטן און אין אים אַ גרויס הויז. עטלאַכע יאָר איז דאָס געווען די וואוינונג פונם גובערנאַטאָר, און איצט האָט דאָרט געוואוינט דער גביר שלמה פיינבערג.

פיינבערג איז געווען באַוואוסט פאַר אַ „גוי". זיין ווייב האָט עפנטלאַך מחלל־שבת געווען. זי פלעגט נייען אָדער העפטן אום שבת, זיצנדיק אויף אַ הויכן פּלאַץ אויסערן הויז, אין איר הויף, אין דער אָנוועזנהייט פון יעדן פאַרבייגייער. און דאָך איז פיינבערג געווען באַליבט אפילו צווישן די פרומע לייט. ער איז געווען גוטהאַרציק און געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר יעדן, וואָס האָט זיך געווענדט צו אים נאָך הילף. מיין טאַטע האָט אים געקענט, באָטש ער האָט מיט אים קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן.

ווען דער טאַטע איז אַרויס פון שטוב זוכן געלט פאַר דער אָרימער אַלמנה, האָט ער צופעליק דערזען פון ווייטן פיינבערג׳ן אַרומשפּאַצירן אין זיין גאָרטן. איז ער צו אים צוגעקומען און אין קורצן אים דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט ביי אונז אין שטוב. פיינבערג איז הפנים געווען זיכער, אַז ער האָט שוין גע־געבן איבערגענוג, האָט ער געענטפערט:

— איך קען איר גאָרנישט געבן.

— איר קענט ניט? זייער פיין. אויב דער גביר, הער פיינ־בערג, קען ניט, קען עס דער אָרימאַן זיסל, — האָט מיין טאַטע געענטפערט און איז אַוועק.

עס זיינען ניט אַריבער קיין צען מינוטן, האָט פיינבערג׳ס משרת געבראַכט מיין טאַטן דאָס געלט.

די מעשה איז אַזוי געווען:

ווען דער טאטע האט פארלאָזן פיינבערג'ן, איז גראָד דורכ־געגאַנגען פארביי דעם גביר איינער פון זיינע משרתים מיטן נאָ־מען יודל. פיינבערג האט אים געפרעגט, צי ער קען אָט־דעם זיסל, וואָס איז דאָ ערשט ארוים פון גארטן. יודל האט געלויבט מיין טאטן (ווער האט אים דען ניט געלויבט?) און פיינבערג האט באַגריפן, אַז פאר אים איז געשטאַנען ניט קיין „שנאָרער", נאָר אַ חשוב'ע פערזענלאַכקייט. האט ער באלד געשיקט יודלען צו מיין טאטן מיט דעם געלט, וואָס ער האט פארלאַנגט.

דער דאָזיקער פילאַנטראָפּישער אַקט האט געעפנט אַ נייעם קאַפּיטל אין מיין לעבן. פיינבערג האט זיך פאראינטערעסירט אין מיין טאטן און פון צייט צו צייט זיך מיט אים באראטן וועגן די בקשות, וואָס ער פלעגט דערהאַלטן פון אומבאַקאַנטע פערזאָנען. צום סוף האט אים דער טאטע געבעטן מיך ארייננעמען אין איינעם פון זיינע דריי געשעפטס-הייזער (אין קאָוונע, יורבורג און קעניגסבערג). ווען דער טאטע האט צוגעגעבן, אַז איך קען גוט רוסיש און שרייב אויך דייטש און העברעאיש, האט פיינבערג דערקלערט, אַז אויב דער טאטע איז ווילים, וועט ער, פיינבערג, מיך שיקן קיין אָריאָל, צוזאַמען מיט צוויי פון זיינע הויפּט־פאר־וואַלטער אין קאָוונע. אין אָריאָל האט זיך דעמאָלט געעפנט, אונטערן האַנדלס־נאָמען „די יורשים פון ג. ש. פיינבערג", אַ נייע קאַנטאָר, וואָס האט געזאָלט זיין אַ מין רוסישער אָפּטייל

אין די לעצטע טעג פון אלול תרל"ג (סעפּטעמבער 1873) האָב איך פארלאָזן מיין טאַטע־מאַמע און בין אוועקגעפאָרן קיין אָריאָל.



ס י נ א י ס ק י  א ו ן  ד י  „נ י י ע  ו ו ע ל ט“. — לערער פון דייטש. — דער „כוואטער“. — איך קריג לייענען א ניט־לעגאַלע בראָשור. — דאָס לידל פונם שמיד מיט די דריי מעסערס. — די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר ביי א מאַנאַשקע אין צימער. — שוינקייט און סאָציאַליזם. — טשערנישעווסקי געלייענט אין א מאָנאַסטיר. — „וואָס זאָל מען טאָן?“

אין הארבסט פון יאָר 1873 בין איך אָנגעקומען אין אָריאָל.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך זיך געפונען אין „טיף ראסעי“, ווי מען פלעגט ביי אונז זאָגן. איך האָב געוואוינט אין א שטאָט, וואָס איז געווען פארמאַכט פאר אידן, וועלכע זיינען ניט קיין אויסגעדינטע ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאטן, קיין בעלי־מלאכות אָדער סוחרים פון ערשטער גילדע אָדער זייערע באַדינער. און אַלס באַדינער פון פיינבערג'ן זיינען מיר דאָרט געקומען: ק—סקי און זיין הויז־געזינט, ג—סקי און איך.

פיינבערג'ס קאָנטאָר און ק—סקי'ס וואוינונג זיינען דעמאָלט געווען אין איין הויז. איך בין דערפאר געווען אן אָפטער אריינגייער אין די צימערן פון ק—סקי'ס קינדער, אינגלאַך און מיידלאַך. דערצו האָב איך נאָך געגעסן ביי זיין טיש, און זיין עלטערע טאָכטער, וועלכע איך האָב געליבט עטלאַכע וואָכן, אָדער חדשים, האָב איך געזען יעדן טאָג: אינדערפרי, בייטאָג און אין אָוונט.

אין א קורצער צייט ארום האָב איך געטראָפן אין קינדער־צימער א רוסישן בחור, וואָס האָט זי געלערנט ניט רוסיש, נאָר דייטש.

הער ק—סקי איז געווען א ליטווישער איד. זיינע אינגלאַך

האָבן, זייענדיק אין קאָוונע, באַזוכט די רוסישע גימנאַזיע. נאָר ער אַליין האָט געהאַט אַ „דייטשע נשמה". ער האָט געלייענט און געשריבן דייטש, און ניט בלויז האָט ער ניט געקענט קיין רוסיש, נאָר ער האָט דערמיט שטאָלצירט. אין זיינע אויגן איז רוסיש געווען אַ ברוטאַלע שפּראַך, וואָס פּאַסט פאַר קאַצאַפּעס, בורלאַקעס א. ד. גל., אָבער ניט פאַר מענטשן, וואָס האָבן זעלבסט-רעספּעקט און ווערן רעספּעקטירט פון אַנדערע.

ווען ק—סקי איז געקומען מיט זיין פאַמיליע קיין אָריאָל, האָט ער אויסגעזוכט אַ יונגענמאַן, וואָס קען דייטש. אַלס לערער פאַר זיינע קינדער, באַזונדערס פאַר די איינגסטע. דער דאָזיקער בחור, וואָס האָט געהייסן סינאַיסקי, איז געווען אַ סעמינאַריסט אין אָריאָל.

דער סעמינאַריסט סינאַיסקי איז געווען אַ פּשוט'ער מענטש, אויסערלאַך מיאוס און אינערלאַך שיין; אַנגעטאָן ווי אַ פּרומער ניהיליסט, וואָס האָט פיינט יעדן פּוץ; אַ מענטש. וואָס קעמט זיינע האָר בלויז איינמאָל אַ וואָך און באַרשט אָפּ זיינע קליידער בלויז איינמאָל אַ חודש, נאָר אַ ריינער מענטש אין עטישן זין: ריינע הענט און אַ ריין האַרץ, וואָס ליבט יעדן מענטשן, ווייל ער איז אַ מענטש.

מעגלאַך, אַז מיר וואָלטן געבליבן אומבאַקאַנט סינאַיסקי און זיינע אייגנשאַפטן, ווען ניט דער דאָזיקער צופאַל.

נאָכדעם ווי סינאַיסקי האָט עטלאַכע וואָכן געלערנט דייטש מיט די קינדער. בין איך איינמאָל בייטאָג אַריין אין זייער צי־מער און אים געהערט לערנענדיק מיט זיי די בייגונגען פונם וואָרט „פאַטער" אָט אויף אַזאַ אופן:

„דער כוואַטער,
דעם כוואַטער'ס,
דעם כוואַטער,
דען כוואַטער".

איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן ניט פאַנאַנדערצולאַכן זיך אויפן קול. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין רוס פון יענער

נעגנט קען ניט אויסריידן קיין „פ" אנדערש ווי „כוו". עטלאכע יאָר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אז אין רוסיש איז איבער־הויפּט ניטאָ קיין „פ". יעדעס רוסיש וואָרט, וואָס האָט אַ „פ", איז ניט קיין סלאַוויש וואָרט, נאָר שטאַמט פון טאַטאַריש, גרי־כיש, אָדער לאַטיין, אָדער פון איינע פון די ראָמאַנישע אָדער גערמאַנישע שפּראַכן א. א. וו. אזוי, למשל, די ווערטער: „פור־פאיקאַ" (אַזאַ פרויען־מלבוש), „פאָנאַר" (לאַנטערנע) א. ד. גל. און ווערטער ווי „פאַבריקאַ", „פיטיל", „פאָרמאַ" א. ד. גל., און אפילו „פינטיפאַנט" און „פינטיפליושקאַ" זיינען ניט קיין רוסישע ווערטער, וואָס זיינען פון אַ סלאַווישן אוצר אריין אין דער שפּראַך.

נאָר ניט דאָס איז דער עיקר.

ווען איך האָב זיך געזעצט ביים טיש צום אָונט־עסן, האָב איך גענומען רעדן מיט דער עלטערער טאָכטער וועגן די בייגונגען פון נאָמען „פאַטער", וואָס איך האָב ארויסגערעדט, ווי דער לע־רער, „כוואַטער". זי האָט מיר אָנגעדייט, אז ער איז בכלל אַנ־דערש פון אַ סך מענטשן פון זיין סביבה. ביסלאַכווייז האָט זי מיר פאַרטרויט, שטילערהייט, קאָנספּיראַטיוו, אז ער געהערט צו די סאָציאַליסטן, וואָס פּלאַנעווען צו צעשטערן די „אַלטע וועלט" און אויפבויען אויף אירע חורבות אַ „נייע וועלט".

— וואָס וועט זיין דער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער נייער וועלט? — האָב איך געפרעגט.

— די נייע וועלט? — האָט געענטפערט שטיל מיין פריינדין, רעדנדיק געגן איר ווילן, וויסנדיק, אז זי האָט בכלל ניט געדאַרפט רעדן מיט מיר וועגן אזוינע אָנגעלעגנהייטן — די נייע וועלט איז... איז... אַ וועלט פון רעכט און גערעכטיקייט... אַ וועלט, אין וועלכער קיין מענטש וועט ניט הערשן איבערן צווייטן; אין וועלכער עס וועלן ניט זיין פון איין זייט ארבעטער און פון דער אנדערער זייט ליידיקגייער, פאַר וועלכע די ערשטע דאַרפן האָ־רעווען און פראַצעווען.

איך האָב ניט באַלד פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס זי האָט געמיינט,

נאָר איך האָב ביי איר געבעטן דערלויבעניש צו רעדן מיטן לע־רער (וואָס איז אינצווישן שטאַרק אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן, אַזוי אַז אפילו זיין אויסשפּראַך „כוו" האָט מיר שוין געקלונגען ווי אַ ריכטיקער „פּ") איבער אַלץ, וואָס איך האָב פון אים גע־הערט.

זי האָט דערצו איינגעשטימט, נאָר מיר געזאָגט, אַז די נייע לערע איבערצומאַכן די וועלט וועט מיר זיין מער פאַרשטענדלאַך, ווען איך וועל דורכלייענען, איידער איך וועל רעדן מיטן „לערער", אַ קליינע בראָשורקע, וואָס זי וועט מיר געבן לייענען.

— ווען? — האָב איך געפרעגט.

— מאָרגן, נאָכן אָוונט־עסן. נאָר דאָס מוז אַלץ געטאָן ווערן קאָנספּיראַטיוו, ווייל דאָס איז אַ גרויסע געהיימעניש, וואָ־רים ווען דאָס זאָלן זיך דערוויסן די „מחבלים" פון דער רעגי־רונג, וועלן מיר ווערן פאַרשפּאַרט אין טורמע אויף חדשים און יאָרן.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף יענעם אָוונט. פיר־און־צוואַנציק שטונדן, צו זעכציק מינוטן אין יעדערער פון זיי, יעדע מינוט באַשטייענדיק פון זעכציק סעקונדן... און מיר איז נאָך געווען די צייט לענגער, ווייל איך האָב כמעט די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. נאָר כאָטש די דאָזיקע פיר־און־צוואַנציק שטונדן האָבן אין זיך אַנטהאַלטן עטלאַכע חדשים—אין מיינע אויגן— זיינען זיי דאָך אַריבער און וואָס עס האָט געדאַרפט געשען איז געשען, און סוף־כל־סוף האָט זי מיר דערלאַנגט אין געהיים, ניט קוקנדיק אויף מיר און אָן שום באַמערקונגען, די דאָזיקע בראָשור. איך האָב דאָס אָנגענומען מיט מיינע פינגער ווי אַ הייליקע זאַך, וואָס אַ פרומער איד האָט מורא צו באַוועגן, טאָמער וועט זיך עס אַרויסגליטשן פון האַנט און אַראָפּפאַלן אויף דער ערד, און דאָס וועט, חלילה, געזען ווערן פון אַן אויג, וואָס דאַרף עס ניט זען...

און אין מיין צימער, אויף מיין געלעגער ביינאַכט, האָב איך גענומען לייענען די דאָזיקע בראָשורקע. איך האָב געלייענט און ניט געפונען, וואָס איך האָב געזוכט. געווען דאָרט אפּיקורסות

געגן דער רעגירונג, ווערטער וואָס טרייסלען אויף, צוזאַמענגע־שטעלט אין שיינע מורא'דיקע פערזן, נאָר פון די נייע לערעס האָב איך דאָרט גאָרנישט געפונען... האָב איך אָנגעהויבן זוכן סודות. איך האָב געטראַכט: לאָמיר זוכן, אפשר זיינען דאָרט באַהאַלטן יענע זאַכן אונטער דעם צודעק פון ווערטער, וואָס זען אויס נאַ־איוו, סתם אין דער וועלט אריין... איך האָב געזוכט און ניט געפונען.

וואָס איך האָב יאָ געפונען אין דער בראָשורקע, איז געווען אַ קליין אויסגעצייכנט לידל. אין דעם לידל האָט זיך דערציילט וועגן אַ שמיד, וואָס איז ארויס פון קוזניע מיט דריי מעסערס אין האַנט. פון די דריי וועט איינער צעשניידן די גלחים, די הי־פּאָקריטן; דער צווייטער וועט אויסראָטן די פּירער, וואָס באַ־שווינדלען און נאַרן די מענטשן; און דער דריטער, ווען די תפלה וועט דערגרייכן דעם הימל, וועט דער'הרג'ענען דעם קייסער, אָמן!

איך פאַרשפּאַר צו זאָגן, אז דאָס קליין לידל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. איך האָב אויך די נאַכט ניט גע־שלאָפן, כאָטש פון צייט צו צייט האָבן זיך מיינע אויגן פאַר־מאַכט. דאָס אַלץ איז געווען אַ דאַנק מיין פריינדין, וואָס האָט גאָרניט נאָכגעגעבן פון איר זיים.

אריינגייענדיק אין שפּייז־צימער צום פרישטיק. האָב איך געפונען מיין פריינדין, נאָר איך האָב צו איר ניט געקענט רעדן אין דער אָנוועזנהייט פון די שטוביקע. נאָכדעם האָב איך זי געזען איין מינוט און זי האָט בלויז צוגענומען פון מיר די דאָזי־קע בראָשורקע, ניט אויסרעדנדיק דערביי קיין וואָרט. ווען מיר האָבן זיך צולעצט געפונען אַליין, האָב איך איר איבערגעגעבן, וואָס איך דיינק איבער דאָס אויסגעצייכנט מורא'דיק ליד, אָבער איך האָב אויך באַמערקט, אז דער איבעריקער אינהאַלט פון דער בראָשורקע איז מיר ניט פאַרשטענדלאַך. ניט די לידער און ניט דאָס, וואָס דאָרט איז געשריבן אין פּראָזע.

זי האָט פּרובירט, נאָר ניט געקענט, מיר דערקלערן, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. עטלאַכע וואָכן שפּעטער איז מיר

קלאָר געוואָרן, אַז ווען איך וואָלט ניט געזוכט קיין סודות און רמזים, וואָס זיינען דאָרט כלל ניט געווען, וואָלט איך אַלץ לייכט באַגריפן. „דאָס קעסטל האָט זיך געעפנט גאָר פשוט“, ווי קרי־לאָוו זאָגט אין זיין פאַבל „דאָס קעסטל“. דאָס האָט דעמאָלט אויך ניט פאַרשטאַנען מיין פריינדין.

— דעם קומענדיקן זונטאָג וועלן מיר באַזוכן אַ פריינדין, וואָס איך האָב דאָ, — האָט זי מיר געזאָגט. — דאָרט וועט זיין דער לערער סינאַיסקי און נאָך עטלאַכע יונגעלייט. דאָרט וועלן דיר אַנטפּלעקט ווערן אַ סך זאַכן, וואָס דו פאַרשטייסט נאָך ניט.

אויף דעם האָב איך פון דאָס ניי געוואָרט מיט גרויס אומ־געדולד.

די פריינדין פון מיין פריינדין, ק—סקי׳ס עלטערע טאָכטער, איז געווען אַ מיידל פון זיבעצן אָדער אכצן יאָר. זי איז געווען אַ שיינהייט אין פולן זין פונם וואָרט. די העסלאַכקייט פון סי־נאַיסקי׳ן איז געוואָרן דאָפּלט אין איר אַנוועזנהייט. מיר דוכט זיך איצט, אַז איר שיינקייט האָט דאָס צוגעצויגן אין איר הויז כמעט אַלע יוגנטלאַכע פון יענער צייט, דאָס און ניט אירע שיינע רייד וועגן אויסבעסערן די וועלט, אָדער איר וויסנשאַפט, וואָס מען האָט שפּעטער אָנגערופן „מאַרקסיזם“.

נאָר ווי דאָס איז, פלעגן אַלע יונגעלייט קומען צו איר אין הויז. צי זיי האָבן זיך יאָ אָדער ניט מחיה געווען פון איר שיינעם פנים, אַלענפאַלס זיינען זיי דאָרט געווען. דאָרט האָבן זיי גע־רעדט, דיסקוטירט, אריין אין התלהבות און דאָרט האָבן אייניקע באמת און מיט אַן ערנסטן הארצן זיך פאַרגעשלאָגן גיין ארבעטן אין פאָלק, אָדער „גיין צווישן נאַראָד“, ווי מיר פלעגן דעמאָלט זאָגן, פירן אַ קאַמף געגן די אונטערדריקער, די זשאַנדאַרמען, אַלע אַרמייען פונם צאַר און צורר.

דאָרט, אין איר הויז, האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט, אַז אין רוסלאַנד געפינט זיך אַ גרויסער מאַן, וואָס זיצט פאַר־שפּאַרט אין טורמע אָדער איז פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע אין סיביר, און זיין נאָמען איז טשערנישעווסקי. איך האָב אויך דערפאַרן,

אַז אויסער וואָס ער איז אַ ספּעציאַליסט אין פּאָליטישער עקאָנאָ־מיע שרייבט ער אויך דערציילונגען און איינע פון זיי, „וואָס זאָל מען טאָן?“, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער וועלט.

— אפשר איז מעגלאַך צו קריגן די דאָזיקע דערציילונג? — האָב איך געפרעגט.



ניקאָלאַי טשערנישעווסקי

מיין פריינדין האָט אָנגענומען מיין רעכטע האַנט אין איר לינקער און אַ דריק געטאָן. איך האָב דערפון פאַרשטאַנען, אַז פון אַזוינע זאַכן רעדט מען ניט עפנטלאַך.

אַז מיר זיינען געקומען צוריק אַהיים און מיר זיינען געוועזן אויג־אויף־אויג, האָט זי מיר צוגעזאָגט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט זי מיך נעמען אין אַ פּלאַץ, וואו איך וועל הערן אַ קאַפּיטל אָדער צוויי פון דעם דאָזיקן בוך.

נאָכאַמאָל איז מיין געדולד געשטעלט געוואָרן אויף אַ שווע־

רער פראַבע. נאָר סוף־כל־סוף איז געקומען דער טאָג און נאָכ־מיטאָג איז מיין פריינדין מיט מיר אוועק אהין.

דער פּלאַץ, וואו מיר זיינען געקומען, איז געווען—ווי אומ־גלויבלאַך דאָס זעט אוים—אַ מאָנאַסטיר פון פרויען (אָדער יונג־פרויען), אַ גרוים הויז און ארום אַ שיינער גרויסער גאָרטן. אין איינעם פון די הייזער, וואו עס האָבן געוואוינט די מאָנאַשקעס, איז געווען אַ באַזונדער צימער פון אַ מיידל, וואָס איז געווען אַן איבערגעגעבענע סאָציאַליסטקע (אַ זאַך, וואָס איז אפשר מעגלאַך בלויז אין רוסלאַנד), און אין איר צימער, אונטער איר בעט, זיי־נען געלעגן עטלאַכע ביכער, וואָס יעדעם פון זיי וואָלט פאַרשיקט זיינע איינגנטימער קיין סיביר, אויב מען וואָלט עס ביי זיי גע־פונען.

די מאָנאַשקע האָט געגעבן די האַנט דער, וועלכע זי האָט געקענט פון פריער, אויך מיר, ווען מען האָט אונז פאָרגעשטעלט. איר אויסזען געדיינק איך ניט מער. נאָר מיר דוכט, אַז זי איז געווען אַ שיין מיידל. איינער פון די סעמינאַריסטן האָט ארויס־געצויגן פון עפּעס אַ ווינקל די דערציילונג „וואָס זאָל מען טאָן?“ פון טשערנישעווסקי'ן און עס פאַר אונז פאָרגעלייענט.

ווי עס שיינט, האָט מען שוין אַ סך קאַפּיטלען פריער גע־לייענט. פון דעם קאַפּיטל, וואָס מען יענעם טאָג געלייענט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן אינהאַלט. אָבער די איינ־ציקע ווערטער, ווערטער אויסערגעוויינטלאַכע אין אַנדערע ביכער, און די דיאַלאָגן צווישן פּראָסטע מענטשן, וואָס איך האָב פאַר־שטאַנען, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

יודשים שפּעטער, מעגלאַך אין אַ יאָר ארום, האָב איך גע־לייענט דעם בוך אין געהיים אין מיין צימער פאַר אַ ליכט...

נאָכדעם האָב איך געלייענט אַן אַנדער בראָשורקע, וואָס

איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט איר נאָמען. אפשר האָט גע־פעלט דאָס פּאָדערבלאַט... ווער ווייסט?

מיט סינאַיסקי'ן האָב איך געהאַט אינטערעסאַנטע שמועסן פון צייט צו צייט, און בּיסלאַכווייז־ביסלאַכווייז האָט מיין פריינ־דין. דער לערער און אַנדערע פון זייער געזעלשאַפט אָנגעהויבן איינצוזען אין מיר אַ סאָציאַליסט און אַן אָנשטענדיקן מענטש. דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז פון אָנהויב האָבן די חברים ניט געגלויבט אין מיר, ווייל איך בין געווען אַזוי יונג און ווייל איך האָב אויסגעזען אויפן ערשטן קוק אינגער ווי איך בין געווען באמת.



ד י  ג ר ו י ס ע  ג ע ש ע ע נ י ש  א י ן  מ י י ן  ל ע ב ן. — דעם גרויסן משעק פעלט אן אונטערשריפט.— איך פעלש אים. — דער שטורעם אין מיין הארצן.—געוויסנ־ ביסן. — יא אדער ניט דערציילן הערן ק—סקי'ן?—איך ווארט ביז עלף ביינאכט. — איך בין זיך מתודה. — איך וויין און ער זאגט מוסר. — א שלאפלאזע נאכט. — עס הויבט זיך אן הײלן מײן זעלישע קראנקהײט.

איך האב אויבן אנגעדייט, אז איך האב יונגערהייט געהאט „קרימינעלע נייגונגען" און איך בין דערפון אויסגעהיילט געווארן אין יאר 1873. מעגלאך, אז דאס, וואס איך וועל דא דערציילן, האט פאסירט אין דעצעמבער 1873, אדער אין יאנואר 1874.

פיינבערג'ס געלט איז געלעגן אין אן אריאלער באנק אויף דער אנדערער זייט פון טייך אקא. ווען עס איז געווען נויטיק באר געלט צו באצאלן פאר תבואה, וואס איז אפגעגעבן געווארן אויפן אייזנבאן, און די סוחרים האבן אויף דעם געהאט קוויטאנ־ציעס פון דער באן־פארוואלטונג, פלעג איך ניין אין באנק מיט א טשעק, אונטערגעשריבן פון די צוויי פראקוריסטן, הער ק—סקי און הער ג—סקי.

איין טאג איז געווען נויטיק א גרויסע סומע: צוואנציק טויזנט רובל. אלס זיכערהייט־מיטל האט מען מיך געשיקט אין א דראשקע, געפירט פון איין פערד, וואס מיר האבן געהאט, און מיט מיר אונזער לאקעי ניקאלאי.

מיר זיינען אנגעקומען אין באנק אומגעפער א פערטל שטונ־דע פארן צושליסן. ווען איך האב א קוק געטאן אויפן טשעק, האב איך באמערקט, אז עס פעלט איין אונטערשריפט. בין איך גע־ווארן אויסער זיך. דארט אין קאנטאר זיצן צען אדער צוועלף

סוחרים, בורלאַקעס, און אויב איך וועל צוריקסקומען אַן געלט פאַר זיי, וועלן זיי מיינען, אַז מיר האָבן טאַקע קיין געלט ניט, אַז מיר האַלטן ביי אַ באַנקראָט...

וואָס טוט מען? פאַרן אין שטאָט און צוריקקומען איז ניט געווען מעגלאַך צוליב דער קורצער צייט. איז מיר באַלד אַרויף אויפן געדאַנק נאָכצומאַכן די פעלנדיקע אונטערשריפט. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און אונטערגעשריבן דעם טשעק. און אוים מורא, אַז דער קאַסירער זאָל ניט דערקענען, אַז די אונ־טערשריפט איז אַ געפעלשטע, האָב איך אויף שנעל געלאָזט פאַלן אַ פאָר טראָפּנס טינט אויפן נאָמען, אַזוי אַז די מערסטע בוכ־שטאַבן זיינען געווען פאַרקלעקט.

איך האָב דערלאַנגט דעם טשעק און געקראָגן דאָס געלט אָן שום אָפּהאַלט.

נאָר אויפן וועג צוריק אַהיים איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך האָב דאָך געקענט דערציילן דעם אמת פאַרן קאַסירער פון באַנק, וועלכער וואָלט זיכער געוואַרט אויף מיין צוריקקום מיט דער פעלנ־דיקער אונטערשריפט. נאָר ווי די מורא פאַר זינד, אין אַ דערציי־לונג פון יהודה שטיינבערג, קומט שטענדיק די מורא נאָך דער זינד. אַזוי האָב איך צוערשט געפעלשט און ערשט נאָך דער פעל־שונג אָנגעהויבן טראַכטן, וואָס איך האָב געקענט טאָן, און אַ שוידער איז מיך באַפאַלן אין פולן זין פונם וואָרט.

די צוואַנציק טויזנט רובל זיינען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו די סוחרים, וועלכע זיינען אַוועק פון אונז מיט אַ שטאַרקערן צוטרוי אין פיינבערג'ס קאַנטאָר. אַזאַ גרויסע סומע, וואָס איז צעטיילט געוואָרן צווישן צען אָדער צוועלף סוחרים, וועלכע זיינען געזעסן און געוואַרט אויף מיין צוריקקום אין קאַנטאָר, האָט אויף זיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

און אין אַ שעה אָדער צוויי אַרום האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן: סוף־כל־סוף איז דאָך מיין פעלשן ניט געווען מיט קיין שלעכטער אַבזיכט... וואָרים ווער ווייס, אויב דער קאַסירער וואָלט אויף מיר געוואַרט... און דער ריינער געדאַנק לייטערט די טאַט...

טאָ מיט וואָס האָב איך דאָ געזינדיקט? אמת, אַז אַן ערלאַכער אינגל, וואָס האָט קיינמאָל אַזאַ זאַך ניט געטאָן, וואָלט בשום אופן ניט געפעלשט קיין טשעקס אָדער אונטערשריפטן... נאָר אויב מען זאָל צורעכענען דעם געדאַנק צו דער טאַט, איז זייער מעגלאַך... זייער מעגלאַך, אַז מען וועט ניט האַלטן פאַר אומרעכט דאָס, וואָס איך האָב געטאָן.

פון דער אַנדערער זייט—דאָס, וואָס איך האָב געטאָן, איז דאָך פעלשונג... מען קען ניט מאַכן צו קליין אַזאַ פאַרברעכן... אמת, עס איז אַ פאַרברעכן, וואָס איך בין גאָר ניט באַגאַנגען... וואָרים אין דער אמת'ן איז דאָך אַזאַ פאַרברעכן גאָר קיין פאַר־ברעכן ניט... נאָר פונדעסטוועגן...

דער שטורעם אין מיין האַרצן איז געווען זייער גרויס... פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק צו דערציילן מיי־פריינדין אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט. זי וועט פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס איך האָב געטאָן, איז געווען אין מיין אויפגערעגטקייט, ווען איך האָב אויסגעפונען, אַז דער טשעק וועט ניט אויסגעצאָלט ווערן און איך וועל זיך מוזן אומקערן צוריק אין קאַנטאָר מיט ליידיקן... נאָר וואָס קען מיר העלפן די דאָזיקע מיידל? אפשר וועט זי מיך נאָך גאָר אורטיילן צום בייזן. זי, וועמעס אַלע פּי־רונגען זיינען גערעכטע... אפשר וועט זי אָנהויבן גלויבן, אַז ווי באַלד איך בין געווען פייאיק צו פעלשן אונטערשריפטן... ווער וויים.

איך האָב ביי זיך באַשלאָסן גאָרניט דערציילן. ניט איר און ניט איר פאָטער... איר פאָטער? אפשר האָב איך דוקא אים גע־דאַרפט דערציילן, אפשר האָב איך זיך פאַר אים געדאַרפט מתודה זיין... ווער וויים, אויב ער וועט ניט דערקענען די פעלשונג, ווען דער טשעק וועט נאָכן אויסצאָלן צוריקקומען. אפשר וועט דער טינט־פלעק, וואָס איך האָב געמאַכט צו פאַרטושן די פעלשונג, גראָד ציען זיין אויפמערקזאַמקייט אויף דעם! צו וואָס האָב איך געמאַכט דעם דאָזיקן פלעק? אָן צווייפל וואָלט מען מיר סיי־ווי אויסגעצאָלט דאָס געלט. די אונטערשריפט איז געווען... געווען

געפעלשט אויף אזא אופן. אז עס איז כמעט געווען אוממעגלאך צו דערקענען, אז זי איז ניט ג—סקי'ס... און דער טינט־פלעק, וואס איז כלל ניט נויטיק געווען, וועט איצט זיין מיין אומגליק... ער וועט צוציען דאס אויג צו דער אונטערשריפט און אפשר וועט מען דערקענען...

וואס זאל איך טאן? נאך עטלאכע שעה האב איך ביי זיך באשלאסן זיך צו מתודה זיין פאר הער ק—סקי'ן... אמת, איך האב געוואוסט, אז ער איז געווען כמעט משוגע אלס פעדאגט. ער וועט דאס מיר קיינמאל ניט מוחל זיין... ער האט קיינמאל ניט אויסגעמעקט קיין ציפער אין די געשעפטס־ביכער... ער האסט פון טיפן הארצן אלץ. וואס עס זעט אויס ווי א פעלשונג... ער וועט קיינמאל ניט פארגעבן... פון דער אנדערער זייט האב איך געוואוסט, אז ער נויטיקט זיך אין מיר, אז איך בין זיין דאל־מעטשער פאר די רוסישע סוחרים. ער איז דאך א „דייטש" און קען ניט רעדן קיין אנדער שפראך (נאטירלאך האט ער גערעדט אויך אידיש, נאר אין זיינע אויגן איז אידיש ניט געווען קיין שפראך), און ער דארף מיך דערפאר האבן. דערצו האט ער מיך נאך ליב, און אויב איך וועל אים אליין דערציילן, וואס איך האב געטאן, וועט ער איינזען און זיך איבערצייגן, אז איך האב ניט געפעלשט, חלילה, עמיצן צו באשווינדלען... אז דאס וואס איך האב געטאן, איז געווען פארן נוצן פון קאנטאר.

אין דער דאזיקער צערודערטער שטימונג האב איך פאר־בראכט ביזן אוונט. פרוי ק—סקי האט דערקענט אן מיין געזיכט, אז איך בין ניט ווי געווען... אפשר בין איך ניט מיט אלעמען... די קינדער קוקן אויף מיר, אויך מיין פריינדין קוקט אויף מיר... זי האט מיך באזונדערס שטארק ליב, ווען איך בין אביסל ניט געזונט... זי ליבט מיך, ווי א מאמע, און איך האס אזא ליבע, א ליבע אויס מיטלייד... וועט זי מיך ליבן, ווען זי וועט הערן פון איר פאטער?... אויב זי וועט הערן—אפשר וועט ער גארניט דער־ציילן, נאר ווער ווייס? אפשר וועט ער עס דערציילן זיין פרוי... ניין, דאס וועט ער ניט טאן... ער דערציילט איר קיין זאך ניט,

סיידן ער טוט עס, ווען זיי זיינען אין זייער שלאָפצימער... דאָרט וועט ער אפשר דערציילן... עס איז געווים מעגלאך. און זי? זי... א ריידערקע... א ריידערקע? זי איז א פלאפלערקע, די דאזיקע דאמע... זי וועט אויספלוידערן שוין צוליב דעם אליין, כדי ארויס־צולאָזן פון איר מויל עטלאכע שיינע פראזן אין א ריינעם דייטש... ווי איר דוכט זיך...

וואָס זאָל איך טאָן?

דערווייל האָט זיך געענדיקט די וועטשערע. הער ק—סקי איז אוועק שרייבן זיין קאָרעספּאָנדענץ קיין קעניגסבערג... איך בין אים נאָכגעגאנגען. איך האָב באשלאָסן אים צו דערציילן, וואָס עס האָט פּאסירט... אָבער ער, ווי עס שיינט, איז שטארק פארנומען... איך וועל ווארטן... א קלינגען פון ק—סקי'ס וואוינונג! פון דעם צימער, וואו מיר זיינען געוועזן! דאָס קלינגט דער זייגער... וויפיל? איינס, צוויי, דריי... אכט! נאָר ער שרייבט און שרייבט.

ווען ק—סקי שרייבט בריוו. ווארט איך שטענדיק. ווען ער ענדיקט שרייבן, נעם איך ארונטער א קאָפּיע פונם בריוו, דורך א מאשין, אויף א דינעם פּאפּיר איינגעבונדן אין א בוך... ער שרייבט און שרייבט... נעם איך דערווייל אין האנט א בוך פון בערנשטיינ'ס „נאטור־וויסנשאפטלאכע פאָלקס־ביכער", אין דייטש, וואָס איך לייען שטענדיק, ווען ער שרייבט „קיין קעניגסבערג"... נאָר היינט קריכט ניט דאָס לייענען אין קאָפּ...

דער זייגער האָט שוין געקלונגען ניין. עס איז שוין נאָך צען און ער שרייבט נאָך אלץ. אין דעם איז ניטאָ קיין נייעס. ווען ער שרייבט „אהין", איז ער מקפּיד אויף יעדן אויסדרוק, וואָרט און פונקט. איך געדיינק, אז איך בין אמאָל געגאנגען מיט אים־אין מיטן נאכט אין פּאסט, כדי צוריקצוקריגן א בריוו, וואָס ער האָט ארויסגעשיקט דעם זעלבן אָוונט. דאָס איז געווען א זייער שווערע זאך, וואָס איז אונז אָנגעקומען מיט גרויס מי און מיט א סך געבעטן. מיר האָבן געמוזט גיין פון באאמטן צו באאמטן, צו אלץ א העכערן און א העכערן, ביז מיר האָבן אויפגעוועקט פונם שלאָף דעם סאמע העכסטן נאטשאלניק, און ערשט נאָך א

סך פראַגן און ענטפערס האָט ער איינגעוויליקט אונז צוריקצוגעבן דעם בריוו. און דאָס אַלץ צוליב וואָס? ווייל הער ק—סקי האָט געשריבן אין איין שטעלע וועגן אַן אַריאַלער איינוואוינער:

„דער מאַנן ערפרויט זיך קיינעס גוטען רופעס"

אַנשטאָט —

„דער מאַנן ערפרויט זיך איינעס גוטען רופעס ניכט".

ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז „דער מאַן האָט ניט קיין גוטן נאָמען", ווי איך האָב איבערזעצט זיין פראַזע אין ביידע נוסחאות.

ווען דער זייגער האָט געשלאָגן עלף, האָט זיך הער ק—סקי אויפגעהויבן פון זיין שטול און מיר דערלאַנגט דעם בריוו, וואָס דאָס האָט געמיינט: „קאַפּיר עס!"

צוערשט האָב איך גאָר ניט געהערט. האָט הער ק—סקי געמיינט, אַז איך שלאָף. איז ער צוגעקומען נאָענט צו מיר און זיך איינגעקוקט אין מיין געזיכט. ער איז באַלד געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך בין קראַנק. ער האָט אַריינגעלייגט מיין האַנט אין זיינער, מיט דער ליבשאַפט פון אַ פאָטער צו זיין זון, און מיך געפרעגט:

— וואָס איז דיר, מיין זון?

נאָר פון מיינע אויגן האָבן פּלוצלונג זיך אָנגעהויבן גיסן טרערן און איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך געענטפערט:

— איך האָב געפעלשט!

ליידער בין איך ניט אימשטאַנד אָפּצומאָלן מיט ווערטער הער ק—סקי'ס פּנים אין דעם דאָזיקן מאָמענט. אַ שווידער איז מיך באַפאַלן. עטלאַכע מינוט איז ער געשטאַנען געגן מיר איבערראַשט און פאַרוואונדערט. נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט:

— דו האָסט געפעלשט? האָסט געפעלשט טשעקס? פאַרוואָס, צוליב וואָס האָסטו געטאָן אַזאַ שרעקלאַכע זאַך?

און איך האָב געוויינט כמעט אויפן קול. ווען ער האָט זיך אַביסל בארואיקט און אויך איך בין געקומען צו דער מדרגה פון

אַ מענטשן, וואָס איז גובר זיין שמערץ און געפינט ווערטער אין זיין מויל, האָב איך אים דערציילט די גאַנצע מעשה פון אָנהויב ביזן סוף.

הער ק—סקי האָט צוערשט גערעדט צו מיר מילד, נאָר ביס־



מאָריס ווינטשעווסקי אין אָריאָל (יוני, 1874)

לאַכווייז, ווען זיין מיטלייד מיט מיר און זיין וואונטש מיר ניט אָפּצועסן דאָס האַרץ האָבן אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַר זיין שנאה צו פעלשונג און דערגלייכן פאַרברעכנס, האָט ער אָנגעהויבן רעדן האַרבע ווערטער. ער האָט אַזוי גערעדט אַ האַלבע שטונדע און

יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויס פון זיין מויל, איז געפאַלן אויף מיר ווי ער קלאַפּ פון אַ האַמער.

איך האָב געוויינט מיט ביטערע טרערן. איך האָב איינגעזען, אַז ער איז גערעכט און אַז אַלע זיינע ווערטער זיינען ריכטיק; אַז איך בין באמת אַ פאַרברעכער און אַזוי בין איך געווען מיין גאַנץ לעבן (וואָס ער האָט ניט געוואוסט), און אויב איך האָב נאָך מער ניט געזינדיקט, איז דאָס געווען בלויז דערפאַר, וואָס עס איז ניט געווען קיין געלעגנהייט דערצו.

סוף־כל־סוף האָט זיך געענדיקט דאָס לייענען פון דער „תוכחה" פון זיין זייט און דאָס געוויין פון מיין זייט. פאַר זיין אוועקגיין האָט ער מיר ווידער געגעבן דעם לאַנגן בריוו צו קאָפּירן און אוועקשיקן.

די דאָזיקע נאַכט האָב איך ניט צוגעמאַכט קיין אויג. מיין געוויסן האָט מיר געפּלאָגט מער וויפיל הער ק—סקי האָט מיך געשטראָפט. איך האָב געליטן אַזוינע יסורים, צו וועלכע עס האָט מיך ניט געקענט פאַראורטיילן אפילו דער גרויזאַמסטער ריכטער פון דער וועלט.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן מיין היילונג—די היילונג פון דעם עטישן גייסט אין מיר.

און ניט נאָר דאָס, נאָר די תשוקה צו זיין אַן ערלאַכער מענטש איז ביי מיר געוואָרן כמעט ווי אַ קראַנקהייט, דאָס וואָס די פראַנצויזן רופן אַן „אידעע פיקס". אַזוי ווי איך האָב פריער געוואונטשן, ווען איך האָב געקראָגן געלט, צו געפינען מער, ווי באַשטימט, כדי איך זאָל „געווינען" פונם שאָדן פון דעם ציילער פונם געלט. אַזוי האָב איך איצט געוואונטשן יעדן טאָג, ווען איך בין געגאַנגען אין באַנק, צו געפינען מער, כדי איך זאָל עס קענען אָפּגעבן צוריק צום אייגנטימער. איין טאָג האָט עס אויך פּאַסירט. אין אַ גרויסער סומע האָב איך געפונען הונדערט רובל מער וויפיל איך האָב געדאַרפט קריגן. מיט גרויס פאַרגעניגן האָב איך דערלאַנגט דאָס געלט, צוזאַמען מיט דעם איבעריקן, צו הער

ק—סקי, ער זאָל עס צוריקקערן צו דער באַנק. איך האָב אין דעם געזען אַ מין פאַרגעבונג אויף מיינע זינד אין געלט-זאַכן.

פון יענעם טאָג אָן און ווייטער האָב איך אָנגעהויבן קוקן די מענטשן גלייך אין די אויגן. דאָס וואָס איך האָב כמעט ניט געקענט, איידער עס איז פאָרגעקומען די רעפאָרם אין מיינע זיטן. און אין דעם האָב איך, נאַטירלאַך, אַריבערגעכאַפּט די מאָס און פלעג קוקן אין פרעמדע אויגן—אויג אין אויג—ביז מען האָט אָנגעהויבן אין דעם זען גראָבקייט און עזות'קייט. נאָר אין דעם איז קיין זאַך ניט געווען, חוץ אַ שטאַרקער חשק צוו טאָן דאָס, וואָס פריער איז ניט געווען מעגלאַך.



מ ו י ן ס ב י ב ה א י ן א ר י א ל. — דראַפּקין דער ציניקער. — דער פּאָליציי־באַאַמטער און די אָריאָלער אידן. — דראַפּקין ווערט אַרויסגעטריבן און קומט צוריק. — ליאַכאָווסקי. — זיין טאַטנ׳ס אַ ווערטל. — אין „דאָס הויז פון די פיר שוועסטער“. — דער „משומד להכעיס“. — די „סאָלדאַטקע“ און אירע קללות.

דער מעקלער מרדכי דראַפּקין האָט געהערט צו יענעם טיפּ אידן, וואָס לעבן פון זייער קלוגקייט אָדער ביטערקייט, אַזוי ווי אַנדערע לעבן פון זייער האַנט־אַרבעט אָדער געלערזאַמקייט.

אין יענער צייט איז דראַפּקין אַלט געווען אַ יאָר 60. ער איז געווען אַ מענטש, וועלכן אַ טייל האָבן געהאַלטן פאַר אַ חכם עתיק און אַנדערע פאַר אַ לץ און אַ שווינדלער, און מיר האָט ער אויסגעזען ווי אַ איד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָט קיינמאָל ניט געלערנט ניט קיין תורה און ניט קיין חכמה, ניט קיין מסחר און ניט קיין מלאכה.

פון וואָס האָט ער געלעבט? פון זיין קלוגקייט. איך ווייס ניט וואָס ער האָט געטאָן איידער ער איז געקומען קיין אָריאָל. ביי אונז איז ער געווען אַ מעקלער פון תבואה־געשעפט. אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט רעדן קיין רוסיש, האָט ער ניט גוט געקענט די רוסן: די רוסישע סוחרים, וואָס פאַרקויפן ווייץ, גערשטן, קאָרן, האָבער און אַנדערע סאָרטן תבואה.

ניט קענענדיק די רוסישע שפּראַך, האָט ער דאָך אין איר גערעדט, און אויב ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען איין וואָרט פון צען, וואָס דער צווייטער צד זאָגט, האָט ער די איבעריקע ניין ווערטער פאַרנומען מיטן שכל. על־כל־פּנים האָט ער פאַרשטאַנען וואָס אים איז געווען נויטיק צו וויסן. צוויי רוסישע ווערטער

האָט ער געקענט אויסגעצייכנט: „פּאַדיאָם וויפּיט" (קומט טרינ־קען אַ גלעזל בראָנפן), און מיטן כח פון די דאָזיקע צוויי ווער־טער האָט ער אויסגענומען ביי אַלע „אַריער" אין אונזער סביבה— דער סעמיטישער.

און ער האָט גערופן טרינקען ניט בלויז רוסן. ער האָט אַליין אויך געטרונקען. קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געזען שיכור, נאָר ער האָט תמיד געטרונקען צוויי־דריי מאָל אַ טאָג. ער פלעגט זאָגן:

„כדי מיין נר־תמיד זאָל ברענען, דאַרף מען דערגיסן עטלאַ־כע מאָל אַ טאָג. אויף אַזאַ אופן בין איך זיכער, אַז ער וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלעשן".

ער פלעגט אויך זאָגן:

„אַ צדיק? ווער ווייסט. לאָזט אים אַריין אין אַ חדר מיוחד מיט אַ שיינער פרוי, פון איין זייט, און מיט אַ פעקל אַסיגנאַציעס, פון דער צווייטער. און אויב ער וועט צו קיינער פון זיי ניט אויסשטרעקן די האַנט, איז ער אַ צדיק".

זיין כלל איז געווען:

„תמיד פאָדער. אַז איך פיר דורך אַן עסק צווישן צוויי סוחרים, ווייס איך, אַז איך דאַרף ניט בעטן קיין מעקלער־קאָמי־סיע איידער די תבואה ווערט געבראַכט צום אייזנבאַן און איז אי־בערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דאָך איז מיין שטייגער צו בעטן. ווער ער געבן, איז מה־טוב. אלא ניט, איז ער דאָך אַ דבר־אחר און איך האָב געטאָן מיין חוב".

ער האָט ניט געגלויבט אין דער אומשולד פון פרויען. „עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן די און יענע—פלעגט ער זאָגן— נאָר אין דעם פרייז. איינע קויפט מען פאַר צוויי רובל. און די אַנדערע, די בעסערע, די שענערע, די איינגערע פון איר—פאַר צוויי טויזנט. נאָר ס'איז ניטאָ קיין פרוי, וואָס האָט ניט קיין פרייז".

ווי באַוואוסט, האָבן אַזוינע אידן, ווי ער, ניט געהאַט קיין רעכט צו וואוינען אין אַזאַ פלאַץ, ווי אָריאָל אָדער אין אַן אַנדער אָרט „אויסערן תחום". דריי־פיר מאָל אַ יאָר פלעגט אַ פּאָליציי־

באַאמטער אריינקומען אין בית־מדרש שבת, בעת'ן דאַוונען, און אויסרופן: „אידן, מאָרגן זאָלט איר מיר ווייזן, מיט וועלכן רעכט איר וואוינט אין אונזער שטאָט. ווער עס האָט ניט אזא „פראוואָזשיטעלסטוואָ“, וועט אַרויסגעטריבן ווערן פון דאַנען“.

דעם דאָזיקן אויפרוף פלעגן די אידן אויסטייטשן אזוי: „דער ערל וויל פיר הונדערט רובל. נאָך הבדלה וועלן מיר מאַכן א זאַמלונג און יעדער וועט געבן זיין חלק, לויט דעם וויפיל די גבאים וועלן פאַר אים באַשטימען“.

אויב דער „טשינאָווניק“ האָט ניט געזאָגט „אידן!“, נאָר „פאַרפלוכטע אידן!“, האָט עס געמיינט פינף הונדערט רובל, און אויב ער האָט געזאָגט „פאַרכעוואַטע אידליקעס“, האָט די קהלה ניט געוואגט אים צו געבן ווייניקער ווי זעקס הונדערט רובל. דאָס איז אַלץ אָפּגעהאַנגען פון דער באַדערפעניש פון זיין פרוי אויף קליידער אָדער לויט דעם וויפיל ער האָט פאַרשפּילט אין קאָרטן.

דער מעקלער דראַפּקין, כאָטש ער איז געוועזן א פרומער איד, פלעגט ניט דאַוונען בצבור, אין בית-מדרש, און פלעגט מערסטנס זיך אַרויסדרייען פון צאָלן קאָנטריבוציעס (אָדער, ווי ער פלעגט עס אָנרופן: „לא־יחרץ־געלט“), ווען מ'פלעגט מאַכן א זאַמלונג פאַר דער פּאָליציי. אין א געוויסער צייט אַרום איז עס באַוואוסט געוואָרן, דורך א מסירה, און דראַפּקין איז געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט צו דער דערבייאיקער באַן־סטאַנציע און דאָרט האָט מען אים ממש אַריינגעשטופּט אין א וואַגאָן, וואָס איז געגאַנגען קיין וויטעבסק. אָבער דראַפּקין איז ניט געפאָרן קיין וויטעבסק, נאָר איז אַרויס פון וואַגאָן, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין קוראַטשעוו, וואו ער האָט געהאַט גוטע פריינט. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט עטלאַכע טעג, ביז ס'זאָל אַריבער די טרעוואָגע, און האָט זיך צוריק אומגעקערט קיין אָריאָל, ווי עס וואָלט קיין זאַך ניט פאַסירט. אין אָריאָל האָט ער ווידער געפירט „מסחרים“, ווי פריער. און אַז מען האָט אים ווידער געכאַפּט און ווידער אָפּגעשיקט קיין וויטעבסק, איז ער ווידער אַרונ־

טער אין קאראטשעוו און זיך אומגעקערט קיין אָריאָל, אזוי ווי עס וואָלט אים געווען באשערט צו מאכן אזא נסיעה דריי מאָל א יאָר. צום סוף איז די פּאָליציי מיד געוואָרן אים נאָכצולויפן, און ער איז געשטאָרבן און באגראָבן געוואָרן אין אָריאָל.

דעם דאָזיקן מענטשן האָב איך ליב געהאט מיטן גאנצן הארצן, הגם איך האָב פאר אים ניט געהאט דעם מינדסטן רעס־



ליאכאָווסקי

פּעקט. דראַפּקין איז געווען פאר מיר און מיין פריינט ליאכאָווסקי א חבר, נאָר אן עלטערער. ער פלעגט מיט אונז פארברייגגען און אויסדערציילן אלע זיינע סודות. ער פלעגט רעדן צו אונז, ווי צו חברים, און אונז פארטרויען אזוינע זאכן, וואָס א מענטש פאר־ שווייגט פון זיין זון אָדער פון זיין טאטן. דראַפּקין האָט זיך פון קיין זאך ניט גענומען צום הארצן. ער איז געווען ניט היציק און ניט קאלטבלוטיק. ער איז תמיד געווען גוט אויפגעלייגט און גוט־

מוטיק, אבי עס האָט נאָר ניט געפעלט דער „טראָפּן" און זיין נר־תמיד האָט געפלאַקערט העל.

איך האָב דאָ נאָר־וואָס דערמאָנט מיין חבר ליאַכאָווסקי. ווער און וואָס איז געווען דער דאָזיקער בחור? ליאַכאָווסקי איז געווען דער זון פון אַ סוחר אין מינסקער גובערניע, אַ פרומער איד און אפשר אויך אַ למדן. זיין זון אין אַריאַל האָט געלעבט פון מסחר, נאָר געגנוי מיט וואָס ער האָט געהאַנדלט, געדיינק איך ניט. אים האָב איך ליב געהאַט אַזוי ווי דראַפּקינען, ווייל ער איז שטענדיק געווען אין אַ גוטער שטימונג. אויף זיין פּנים איז געווען קענטיק, אַז ער זאָרגט ניט פאַרן מאָרגן, אַז ער איז אַ זעלבסט־צופרידענער און האָט ליב אַ וויץ אפילו געגן זיך אליין.

ליאַכאָווסקי איז געווען עלטער פון מיר מיט צוויי־דריי יאָר. אין מיין געדעכעניש איז געבליבן זיין טאַטנ׳ס אַ ווערטל.

דער זון האָט פאַרלאָזן זיין טאַטנ׳ס הויז ווי אַן אָרטאָדאָקסישער איד. זיינע מלבושים זיינען געווען ווי פון אַלטן דור, און אַזוי אויך זיין באָרד און פּאות.

ווען ער האָט אָנגעהויבן קומען צו גאַסט אהיים, זיינען זיינע קליידער און באָרד און פּאות געוואָרן אַלץ קירצער און קירצער מיטן יעדן יאָר. איינמאָל, ווען דער פאָטער האָט אים געזען קומענדיק פון אַריאַל, האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן אויפן קול:

— רבינו מרא דכולא עלמא! איבעראַיאָר וועט ער דאָך שוין אויף זיך אינגאַנצן קיין בגד ניט האָבן. ער וועט זיין אָנגעטאָן אין אַ קאָלנער מיט צוויי אַרבל!

---

דאָס הויז, וואו איך האָב געוואוינט אין אַריאַל, איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „דאָס הויז פון די פיר שוועסטער".

זיי זיינען געווען פיר צנועה׳דיקע פראַוואָסלאַווניע מיידלאַך, אין עלטער פון פינף־און־צוואַנציק ביז פינף־און־דרייסיק יאָר.

איידער מיר (איך, דראַפּקין און ליאַכאָווסקי) האָבן זיך אַריינגעקליבן אין זייער הויז (איך האָב דאָרט געוואוינט אין איין

צימער מיט ליאַכאָווסקי'ן און דער אַלטער דראַפּקין אין אַ צווייטן צימער), האָט דאָרט געוואוינט אַ רייכער דייטשער איד, וואָס האָט זיך דערלויבט אַפּצולאַכן פון זיי. ווען זיי פלעגן גאָט דער-מאָנען, פלעגן זיי ווייזן מיטן פינגער אויף דער איקאָנע אויף דער וואַנט. דער דייטשער איד האָט אויך פּרובירט קושן איינע פון זיי, אַ זאַך וואָס האָט זיי געבראַכט אויסער זיך, האָבן זיי אים צע'מזיק'ט און צע'ממית'ט. פון אונז האָבן זיי שטאַרק געהאַלטן. זייער גרעסטער שבח פאַר אונז איז געווען, אַז מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט באַנומען ווי דער דאָזיקער דייטש, ניט געגן זיי און ניט געגן זייער גאָט.

און ווען איך רעד פון די דאָזיקע פיר פרומע און צניעות־דיקע שוועסטער, קען איך ניט פאַרשווייגן דעם זאָנדערבאַרן טיפּ, וואָס איך האָב דעמאָלט געזען אין אַריאַל.

ער האָט ניט ליב געהאַט קיין מיידלאַך, וואָס זיינען פרום און צניעות'דיק, און אויב ער האָט געטראָפן אַזוינע מיידלאַך, האָבן זיי אויפגעהערט צו זיין צניעות נאָכדעם ווי זיי זיינען צו אים געקומען, סיידן זיי זיינען אַרויס פון זיין הויז תיכף ווי זיי זיינען אריין.

זיין הויז איז געווען אַ האַנדלס־הויז און ער האָט זיך ווירק־לאַך אָפּגעגעבן מיט געשעפט. די מיידלאַך פלעגט ער אָנשטעלן צו טאָן פאַרשידענע אַרבעטן. פון איינער פון זיי האָט ער גע־רעדט ווי פון אַן אַם פאַר זיינע צוקונפטיקע זין (אַן אָנשפּילונג אויף אַן אויסדרוק פון אַ גובערנאַטאָר פון עפּעס אַ פּראָנצויזישן וואָדעוויל); פון די איבעריקע איז איינע געווען זיין דינסט, די צווייטע אַ בוכהאַלטערין אין זיין געשעפט, און די דריטע איר קאַסירערין. אין שטאָט האָבן זיי אַלע געהאַט אַ שלעכטן נאָמען.

דער דאָזיקער מאַן איז געווען וואָס מען רופט אַ „משומד להכעיס". יעדן שבת, אַז עס האָט נאָר ניט גערעגנט, ניט גע־שנייט, פלעגט ער צופאָרן צום אַריאַלער בית־המדרש אין אַ בריטשקע, אין וועלכער עס איז געווען איינגעשפּאַנט איין פערד אָדער צוויי. אין מויל האָט ער געהאַלטן אַ ברענענדיקן ציגאַר,

פון וועלכן עס איז געגאנגען א רויך. און ער איז געזעסן און גע־
ווארט אויף די אידן, וואָס גייען פון בית־המדרש. ער פלעגט צו
זיי זאָגן: „גוט שבת אייך, אידן!“ און נאָכדעם פאָרן א פריילאַ־
כער אהיים.

איך דערמאָן זיך איין שבת, ווי ער איז צוגעפאָרן אין באנק
מיט זיין בריטשקע, ארויסגענומען פון דאָרטן א געוויסע סומע.
ער האָט עס אויסגעביטן אויף איינציקע רובלס און מיט דער
הילף פון א נאָדל מיט פאָדים געמאַכט דערפון א קראַנץ פון
אסיגנאציעס אויף זיין האַלז. אויסגעפוצט אויף דעם דאָזיקן אופן,
איז ער דורכגעפאָרן די גאַס, וואו עס וואוינען די מערסטע אידן,
כדי צו באווייזן, אז ער איז געווען אין באנק, אז ער איז מחלל
שבת בפרהסיא.

פון אים פלעגט מען דערציילן, אז איינמאָל, קומענדיק פון
קעניגסבערג אהיים און זיין ווייב האָט אים באגעגנט מיט פרייד,
האָט ער איר געקושט און געהאַלדזט מיט גרויס ליבשאפט און
צום סוף אויסגערופן: „געליבטע, פארוואָס ביזטו ניט די ווייב
פון א צווייטן, איך זאָל דיר קענען נאָך מער ליב האָבן!“

ער האָט געהאַט ווערטלאך און אויסדרוקן, וואָס פלעגן ארויס־
רופן געלעכטער און וועלכע מען קען ניט ארויסברענגען אויפן
פאַפיר פון א ציוויליזירטער מדינה, וואָס האַלט זיך צנועה'דיק.

ווי האָט ער געהייסן?

מעגלאך, אז זיינע קינדער אָדער אייניקלאך לעבן נאָך און
מען רופט זיי אָן אויף זיין נאָמען. צוליב זיי וועל איך אים ניט
באקאנט מאַכן. י—ר זיינען די בוכשטאַבן פונם אָנהויב און סוף
וואָרט.

עס איז איבעריק צו דערקלערן, אז דער דאָזיקער מענטש
איז געווען פשוט א צעלאָזענער. צו זיין צעלאָזנקייט איז ניט
געווען קיין גרעניץ.

---

אין אָריאָל איז געווען א אידישער רעסטאָראַן. דער אייגנ־
טימער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט. אפשר איז ער

געװען אין דער רוסישער אַרמיי, װאָס האָט זיך געשלאָגן אינם קרימער קריג. נאָר ביי אים אין הויז אין ניט ער געװען דער קריגער, נאָר זיין װייב כביכול.

און װען זי איז געשטאַנען אין קיך און אויסגעטיילט חלקים צו די „געסט", אַרום די צװיי טישן אינם צװייטן צימער, האָט זי יעדן פון זיי געשאָלטן מיט טויטע קללות, דערמאָנענדיק זיין נאָמען, זיין טאַטנ'ס נאָמען און זיין פאַמיליע־נאָמען. און כדי די קללה זאָל ניט אָנקומען אויף אַ פאַלשן אַדרעס, פלעגט זי איר געבן, װען זי האָט דערלאַנגט איר מאַן דעם „חלק" פאַר יענעם.

די דאָזיקע פרוי האָט פיינט געהאַט אַלע אירע „געסט" פון טיפסטן האַרצן. אַ באַזונדער שנאה האָט זי געטראָגן אויף די מע־נער. אין אירע אויגן האָט קיין מאַן ניט געהאַט קיין אַנדער מחשבה, אין זיין באַציאונג צו אַ פרוי, װי נאָר איר פאַרפירן און באַליידיקן: װען ער װאָלט געקענט, װאָלט ער איר צעטראָטן אונ־טער זיינע פיס.

װאָס איז שייך צו מיר, איז װען אונזער רעסטאָראַטאָרקע װאָלט געװען די איינציקע פרוי אין דער װעלט, װאָלט איך ניט אָנגעקוקט איר פנים. און אפילו װען עס װאָלט ניט געװען קיין אַנדער פלאַץ װאו צו עסן. דאָך האָט זי געגלויבט, אַז אַלע, װאָס קומען אַריין אין איר הויז, קומען מיט שלעכטע געדאַנקען און אַלע פיילן זיינען געצילט געגן איר און איר צניעות'דיקייט.

אָפט פלעגן װעגן דעם פאַרקומען צוזאַמענשטויסן צװישן איר און דעם „צעלאָזענעם", פון װעלכן איך האָב אויבן גערעדט, אַזוי אַז צייטנװייז פלעגט צװישן זיי אויסברעכן אַ געשלעג. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן זיך מיט איר אויסצורעדן און אויסצו'טענה'ן, אַריינצוכאַפּן פון איר אַ פּאָרציע קללות. װאָס זיינען געװען ממש שרעקלאַכע, װען זיי זיינען געװען געצילט געגן אים, דעם שונא צװישן אירע אַלע שונאים אין דעם גע־שלעכט פון די מענער, ימח שמם וזכרם...

זומער־צייט איז די טיר פון רעסטאָראַן געװען כמעט שטענ־דיק אָפן צוליב דער היץ, און אירע קללות פלעגן קלינגען אין אונ־

זערע אויערן אזוי קלאָר און אזוי באַ׳טעמ׳ט, ווי זיי זיינען ארויס פון איר מויל, ווען מיר זיינען געזעסן אין צווייטן צימער און גע־געסן אָדער געוואַרט אויף אירע געריכטן. און אַז זי איז געווען זיכער, אַז איר קול הערט זיך אין צווייטן צימער, האָט זי געזידלט און געשאָלטן מיט גאָר אַ באַזונדער באַטאָנונג.

עס איז ניט געווען קיין איינער צווישן אונז, וואָס האָט זיך ניט אַמוזירט, האָרכנדיק צו די רייד פון דער סאָלדאַטקע, ווי מיר פלעגן זי אָנרופן אין די אויגן און אונטער די אויגן. איר מאַן איז געווען דערפון צעפרידן, וואָרים זיין „געשעפט“ האָט גאָר־ניט געליטן צוליב די סקאַנדאַלן פון זיין פרוי, „די ארורה“, ווי ער פלעגט צוגעבן.



איך הויב אָן שרייבן דייטשעליד ער. — בערנשטיינ'ס „נאַטורוויסנשאַפטלאַכע פאָלקסביכער". — מיין בליק אויף דער פּאָעזיע. — סאָציאַליזם אויפן שפּיץ מעסער. — לפ"קן און גימטריאות. — מיין ערשטער שיר געדרוקט. — אַ ליד, פון וועלכן פיסאַרעוו וואָלט געווען צופרידן. — וואָס אין רוסלאַנד פון די זיביעציקער יאָרן האָט געמיינט זיין אַ סאָציאַליסט.

אַ שיין ביסל האָב איך געהאַט געשריבן איידער און גלייך נאָכדעם, ווי מיין ערשטער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין „המגיד" אין 1873. נאָר פּאָעזיע האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אין אַריאָל. מעגלאַך דערפאַר, ווייל אין ק—סקיס הויז האָבן זיך געפונען צוויי מיידלאַך, פון וועלכע די עלטסטע איז געווען מיט מיר אין איינע יאָרן און איך האָב זיך באַלד פאַרליבט אין איר. כדי אויסצודריקן מיינע ליבע־געפילן צו אָט־דער מיידל, האָב איך פּרובירט ווערן אַ דיכטער. איך האָב איר געזונגען לידער ניט אין העברעאיש, וואָס זי האָט ניט פאַרשטאַנען, און ניט אין רוסיש, וואָס מיר האָבן ביידע פאַרשטאַנען, נאָר אין דייטש. פאַרוואָס עפּעס אין דייטש? מעגלאַך, ווייל איך פלעג דעמאָלט מערסטנס לייענען אין אָט־דער שפּראַך. און אויב איר וועט מיך פרעגן: וואָס האָב איך דעמאָלט געלייענט: היינע, שילער אָדער געטע? וועל איך אייך ענטפערן: ניין; וואָרים דאָס, וואָס איך האָב דע־מאָלט געלייענט אין דייטש, איז געווען פון יענעם מין ביכער, וואָס זיינען געווען געשריבן אינם גייסט פון פיסאַרעוו און זיינע חסידים. איך האָב געלייענט בערנשטיינ'ס „נאַטורוויסנשאַפטלאַכע פאָלקסביכער". דאָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק און איך האָב ליב געקראָגן די דייטשע שפּראַך אין דעם אַנגענע־

מען איינפאַכן סטיל פון א. בערנשטיין. דאָך די לידער, וואָס איך האָב געשריבן, זיינען געווען משונה'דיקע מליצות, זייער ווייט פון דער נאַטור. איך ווייס ניט מער, אויב אין זיי האָט זיך געפונען עפּעס פּאָעזיע. נאָר איך ווייס, אַז ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיין אַמאָרישן שלאָף, האָבן זיך צעשאָטן אַלע מיינע חלומות, וואָס איך האָב גע'חלומ'ט אינם פאַרלויף פון וואָכן, און זיינען פאַרטראָגן געוואָרן פון אַלע ווינטן. איך האָב צעריסן אויף שטיקלאַך אַלע מיינע גראַמען און מיר האָט זיך דעמאָלט געדוכט, אַז איך האָב דורכדעם געקראָגן אין פּיסאַרעוו'ס אויגן אַ כפּרה אויף מיינע זינד, צו פאַרברייינגען אין גאָרנישט ווערטפולע צייט, אָנשטאָט צו מאַכן אַ ביינקל אָדער אויפנייען אַ בגד.

און ווייל איך האָב דערמאָנט פּיסאַרעוו'ן, וועל איך דאָ באַמערקן, אַז אין יענער צייט און אין די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף מיר, זיינען די קופּלעטן פון קוראָטשקין, די פּאָעמעס פון נעקראַסאָוו: „קאָמו נאַ רוסי זשיט כאָראָשאָ?" (ווער לעבט אין רוסלאַנד גליקלאַך?) א. ד. גל. מיר געווען טייערער ווי די לידער פון פּושקין און לערמאָנטאָוו, אין וועלכע עס איז ניטאָ קיין שום נוצן פון אַ רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט. קונסט צוליב קונסט איז מיר דעמאָלט געווען פאַרהאַסט און איז מיר אויך היינט ניט ליב.

יעדעס ליד, אויך לויט מיין איצטיקער מיינונג, דאַרף האָבן אַ־וועלכן־ס'איז אינהאַלט. אַט־דער אינהאַלט קען זיין אַ דערציילונג, אַ געדאַנק אָדער אַ געפיל. אויב דער דיכטער גיט אונז ניט אין זיינע לידער איינע פון די דריי זאַכן, גיט ער בלויז אַ בינטל ווערטער און קלאַנגען, וואָס האָבן קיין שום ווערט, אַחוץ פון גרישקע'ס שטאַנדפּונקט (אין גאָגאָל'ס „טויטע נשמות"), וועלכער האָט געפונען גרויס קונסט אין דעם, וואָס פון אַלע מינים בוכשטאַבן קען מען צוזאַמענשטעלן אַלערליי מינים ווערטער!

גרישקע'ס פּאָעזיע איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אין אונזער צייט, באַזונדער אין דער אידישער ליטעראַטור. געדאַנק, געפיל, דערציילונג; גראַם, געשמאַק און געזאַנג—זיינען גאַנץ פאַרשוואונ-

דען. מיין איינציקע נחמה איז, וואָס, לויט מיין אויג זעט, זיינען די דיכטער געוואָרן צאָלרייכער ווי זייערע לעזער און צוהערער.

נאָר אין מיין יוגנט האָב איך איבערגעכאַפּט די מאָס, האַל־טענדיק פונם קופּלעט מער ווי פון דעם עכטן ליד. שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט און איך בין ארויסגעטראָטן אינם קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, האָב איך אויפגע־הערט צו גיין אין קוראָטשקינ'ס וועגן. נאָר אין די דרכים פון נעקראַסאָוו, פרייליגראַט, הערוועג, וויקטאָר הוגאָ (עטוואָס) בין איך אויך ווייטער געגאַנגען.

---

מיין סאָציאַליזם, אין אָריאָל, איז נאָך געווען זייער פּרימי־טיוו. דאָס, וואָס מען רופט היינט „וויסנשאַפטלאַכער סאָציאַ־ליזם", איז ביי מיר געווען אויפן שפּיץ מעסער.



אַ רוס, ווענמען מאָרים ווינטשעווסקי האָט, זייענדיק אין אָריאָל, באַ־קערט צום סאָציאַליזם

דער איד אין מיר איז כלל ניט אפגעשוואכט געווארן דורך דעם אינטערנאציאנאליזם פון דער נייער תורה. אזוי געפין איך, אז אין יאר 1874 האב איך געזאמלט נדבות פאר די הונגעריקע אין דעם „הייליקן" לאנד, וואס איך האב אוועקגעשיקט צום „המגיד". מיין בריוו וועגן דעם איז געווען געדרוקט אין נומער 44, 11טן נאוועמבער, 1874, שנת „מישרים אהבוך" לפ"ק.*)

פון די לפ"ק'ים האב איך זיך ניט אפגעזאגט ביזן יאר 1877. און ווען איך רעד פון די לפ"ק'ים, קען איך נאך צוגעבן, אז איך האב דאן אויף אלץ געהאט א גמטריא**). אלערליי גמטריאות פלעגן צו מיר קומען פון זיך אליין. אזוי האב איך אין איין טאג, אין די צייטן פון מיין אינערלאכן קאמף צווישן גלויבן און וויסן, אויסגעפונען, אז די צאל בוכשטאבן אין די נעמען: אלוה (42), יהוה (26), אלהים (68), אל (31), שדי (314) באטרעפן צוזא־מען ווי די צאל בוכשטאבן אין דעם נאמען צבאות, וואס בא־טרעפט אויך 499. אדער, אז די נעמען „מטטרון", „שדי" און „משה" באטרעפן אלע גלייך, צו 314.

אין דער „צוקונפט" פון יאר 1911, אין מיין ארטיקל „יהוה—אלהים", וואו איך האב אויסגערעכנט די דאזיקע גמטריאות, האב איך אויך באמערקט, אז דאס ווארט „אחד" (13) גע'כפל'ט אין צווייען באטרעפט דאס זעלבע וואס "יהוה" (26) און אין פינפטן — וואס „אדני" (65).

---

*) די בוכשטאבן „מישרים אהבוך" באטרעפן 634 (תרל"ד) לפ"ק (לפרט קטן), דאס מיינט, לויט דער קליינער צייטרעכענונג, נאכן אי־דישן לוח, וואס גיט אן דעם דאטום זינט די וועלט איז באשאפן גע־ווארן... דער לפ"ק (קליינער דאטום) לאזט אויס די טויזנטער. למשל, תרפ"ז—687 אנשטאט ה' תרפ"ז—5687. דער פולער (גרויסער) דאטום הייסט לפ"ג (לפרט גדול).

---

**) אן אויסטייטש פון א ווארט דורך רעכענען די בוכשטאבן פאר צאלן: א—1, ב—2, כ—20, ק—100, א. א. וו.

נאָכדעם ווי איך האָב יענעם אַרטיקל אָנגעשריבן, האָב איך „אַנטדעקט" אויך אַנדערע אַנטדעקונגען פון דעם סאָרט, וואָס זיינען אָן צווייפל שוין „אַנטדעקט געוואָרן" פון אַן אַנדער בטלן, וואָס האָט עס געטאָן פריער פאַר מיר, אפשר אין מיטל־אַלטער, אפשר אין אונזערע צייטן. 13)

איידער איך האָב פאַרלאָזן אָריאָל אויף ניט מער זיך צוריק־צוקערן, האָב איך אַוועקגעשיקט צום „המגיד" מיין ע ר ש ט ן שיר: „תהפוכות העתים"—דאָס העברעאישע ליד, וואָס האָט געשיל־דערט די „איבערקערעניש", וואָס די „צייטן" האָבן געבראַכט. למשל, אין דער ערשטער סטראָפע ווערט געזאָגט אַזוי:

אַמאָל, אַז איינער האָט אונטערגעצונדן אַ הויז, האָט ער דערפאַר געדאַרפט באַצאָלן; איצט קריגט דער אונטערצינדער נאָך צוגעצאָלט...

אינם זעלבן זין האָב איך געשילדערט אין די איבעריקע זעקס פערזן: פאַלשע נביאים, וואָס קריגן רייכקייט און כבוד; פאַר־שווענדערישע אַריסטאָקראַטישע דאַמען, וואָס טרייבן זייערע מאַ־נען צו באַנקראָט; סוחרים, וואָס האָבן בלויז וועקסלען; וואַנדע־רער, וואָס קומען קיינמאָל ניט צו זייער ציל.

דאָס ליד איז געווען אַ סאַטירע, אויפן שטייגער פון בעראַנ־זשע, להבדיל, קוראָטשקין און סאַפיר, פון וועלכער פיסאַרעוו וואָלט געווען צופרידן, אויב ניט מיט דער קינסטלערישער זייט, איז מיט דער טענדענץ.

די מערסטע סאַטירעס אין דעם דאָזיקן ליד זיינען נאָך ווייט פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. פאַראַן דאָרט בלויז אַ באַלעבאַ־טישער מאָטיוו און די סאַטירע איז געווענדט געגן הייזער־אונ־טערצינדער, פאַלשע פּרעדיגער, אָפּגעשטאָפּטע פרויען, שווינדלע־רישע סוחרים, די אייזנבאַנען און דער יאָגעניש פון לעבן. 14)

אינם רוסלאַנד פון יענער צייט איז ניט געווען די טעאָריע דער עיקר, נאָר די פּראַקטיק. זיין אַ סאָציאַליסט האָט ניט גע־מיינט זיצן אין בית־המדרש פון קאַרל מאַרקס'עס, לייענען סאָ־ציאַליסטישע צייטונגען, גיין צו סאָציאַליסטישע פּיקניקס, באַנ־

קעטן, פארזאמלונגען. א סאציאליסט אין רוסלאנד האט דעמאלט געהייסן דער, ווער עס האט אפגעגעבן זיין לעבן צו ארבעטן פארן פאלק, אויפצוקלערן דעם פויער און ארבעטער; ווער עס האט געוואוינט און געארבעט צווישן זיי, געגעסן און געטרונקען מיט זיי, אדער געליטן הונגער אין זייער קאמפאניע; ווער עס האט געליטן מיט זיי, ווער עס איז געווען אנגעטאן אין שמאטעס ווי זיי, ווער עס האט זיך ניט געשראקן פאר קיין צרה און פלאג, וועלכער דער רוסישער פויער האט געקענט פאר שטענדיקע קרובים און שכנים.

און איך, דעמאלט א בחור פון ניינצן יאר, וואס האט נאך ניט גענוג געלערנט, וועמעס בילדונג איז באשטאנען אין קענען לייענען ביכער אין עטלאכע שפראכן, וועלכע ער האט געוואוסט. אז ער ווייסט ניט... וועלכער האט געשטרעבט צו לערנען און באלערן, צו פירן און שטראפן, נאר די דערצו נויטיקע ביכער זיינען נאך געווען ווייט פון אים, און די מענטשן ארום האבן אין אים געזען א „זייער יונגן" בחור'ל, וועלכן עס איז שווער צו טרויען, ווארים מען איז ניט זיכער, אז ער וועט קענען ביישטיין א נסיון, אז ער וועט ניט זיין צו שוואך אין צייט פון געפאר, ווען עס וועט זיך פאר אים באווייזן איינער פון די צארישע מלאכי־חבלה און מען וועט אים פארשפארן אין טורמע... און אין יענער צייט האט קיינער ניט געהאפט צו זיין א פרייער מענטש מער ווי אנדערטהאלבן יאר, סיידן ער זאל פארלאזן זיין געבורטס־לאנד און זיך אוועקלאזן וואנדערן אין א פרעמד לאנד... אין מרחקים...

האב איך געשריבן קופלעטן.



די „אָביסקע" אין ק—סקי'ס הויז.— רוסישע רעוואָלוציאָנערע לידער געשריבן מיט אידישע בוכשטאַבן. — די אָפטע שרפות אין אָריאָל און זייער מוסר־השכל פאַר מיר. — איך ווער אַ שדכן פאַר מיין געוועזענער געליבטער. — נאָך אַ צילה אין מיין לעבן — אַ קינד.

דאָך איז געווען אוממעגלאַך אָפּצוקומען מיט גאָרניט.

די אָריאָלער פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט, אז הער ק—סקי'ס הויז איז ניט גאָר כשר. איז זי אונז געקומען באַזוכן. איך, דוכט מיר, בין דעמאָלט געווען אין באַנק. ווען איך בין צוריקגעקומען אין קאַנטאָר, האָב איך אויסגעפונען, אז די פּאָליציי־באַאמטע האָבן געמאַכט אַן „אָביסקע" און גרינטלאַך אונטערזוכט דאָס גאַנצע הויז. זיי האָבן קיין זאַך ניט געפונען אויסער אַ העפטל פול לידער און קורצע אַרטיקלען. קענטיק, אז זיי האָבן אויף דעם געקוקט מיט פאַראַכטונג. מיט עקל, וואָרים זיי האָבן עס אוועקגעוואָרפן אויף דער ערד. איינס פון די קינדער האָט עס אויפגעהויבן און אויסגעפּרובירט אויף דעם זיין טאַלאַנט, עס אָנפילנדיק מיט בליישטיפט־צייכנונגען.

און אין דער אמת'ן איז עס געווען דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט אין ק—סקי'ס הויז. ווען ניט די שנאה צו אידן פון די צאַרישע טשינאָווניקעס, וואָלט צווישן זיי געווען אַ איד, ווען זיי זיינען געגאַנגען אונטערזוכן אַ אידיש הויז, און איך וואָלט אָן צווייפל יענעם טאָג געוואָרן פאַרשפּאַרט אין טורמע.

אין דעם דאָזיקן קליינעם העפטל זיינען געווען רוסישע לידער איבערגעשריבן מיט אידישע בוכשטאַבן — רעוואָלוציאָנערע לידער און אַרטיקלאַך, וואָס זיינען אייגנטלאַך געווען פּראָקלאַמאַציעס.

איינס פון די דאָזיקע לידער איז דאָס יעניקע. פון וועלכן איך האָב דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל: וועגן דעם שמיד, וואָס טראָגט די דריי מעסערס פאַר קירך, עקספּלואַטאַציע און צאַריזם). אַ צווייטס איז געווען אַ מין פּראָקלאַמאַציע צום רוסישן פּויער, ער זאָל ניט העלפן די רוצחים, וואָס דערמאָרדן יענע מענטשן, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט לייב און לעבן צו העלפן די פּויערים און זייערע ברידער־אַרבעטער.

דאָס דאָזיקע ליד האָט זיך געווענדט צו די פּויערים. וועלכע דינען שוין לאַנג אין דער אַרמיי, און האָט זיך אָנגעהויבן ווי פאָלגט: „זייט איר אַוועק פון אייערע פעלדער דינען דעם קייסער צוליב דעם, כדי דער ביטערער טויט זאָל טרעפן, דורך די בלייענע קוילן פון אייערע ביקסן, אייערע ברידער, וואָס פאַרלאַנגען פרייהייט?“

---

אין ערשטן פערז פון מיין שיר „תהפוכות העתים“ האָב איך גערעדט וועגן די אונטערצינדער. דאָס האָט מיך מיין גאַנץ לעבן שטאַרק אויפגערעגט. איך קען געפינען אַ זכות אויף אַ מערדער, וואָס הרג׳עט אַ מענטשן אויס כעס. שנאה אָדער ליבע. נאָר דער, וואָס צינדט אונטער אַ הויז און שטעלט אין געפאַר מענטשן, פרויען און קינדער, דאָס איז אַזאַ פאַרברעכער, פאַר וועלכן עס איז ניטאָ קיין שום זכות.

ווען איך בין געקומען אין אָריאָל, האָב איך געטראָפן אַ גרויסן קיבוץ פון ניט־אידן, וואו עס געפינט זיך דאָ און דאָרט אויך אַ איד. דאָס איז געווען פּונקט דער היפוך צו וואָס איך בין געוואוינט געווען צו זען אין די שטעט פון ליטע. נאַטירלאַך האָב איך געמאַכט פאַרגלייכונגען צווישן אידן און גוים. איך האָב געוואוסט, אַז די אידן זיינען ניט פּייאַיק אויף מאָרד, נאָר, אפשר מער ווי די ניט־אידן, אויף נאַרעריי און שווינדל. בנוגע אונטערצינדן האָב איך געהאַלטן, אַז אידן זינדיקן אין דעם פּרט מער ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער פונם לאַנד.

נאָר איין טאָג, שמועסנדיק מיט אַ רוסישן סוחר אין אָריאָל,

בין איך צוגעקומען צו דער פראַגע וועגן שרפות. איך האָב אים גע־פרעגט: וואָס פאַראורזאַכט די אָפטע שרפות אין שטאָט?

און ער האָט מיר געענטפערט גאַנץ נאַאיוו: „די זאַך איז גאָר פשוט. געדיינקסט וואָס פאַר אַ שפּייכלער מיר האָבן געהאַט? די זקנים צווישן אונז קענען ניט געדיינקען אַזאַ שלעכטן שפּייכ־לער".

איך האָב פאַרטייטשט דעם דאָזיקן ענטפער אַזוי: ניט אידן אונטערצינדן הייזער, נאָר סוחרים און געלטניקעס. וואו אידן זיינען די מערהייט, זיינען זיי די פאַרברעכער; וואו ניט־אידן זיינען די מערהייט צווישן האַנדל־קלאַס, זיינען זיי די אונטער־צינדער. על־כל־פּנים זיינען מיר אין דעם פּרט ניט ערגער פון אַלע אַנדערע פעלקער.

יענעם גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהוי־בענעם קאָפּ.

---

מיין ליבע צו ק—סקי'ס עלטערער טאָכטער האָט ניט גע־האַט קיין לאַנגע יאָר. אין קאַנטאָר איז געווען אַ בוכהאַלטער אַ אידישער יונגערמאַן, געבאָרן אין דייטשלאַנד, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף פון דער אידישער תורה, געשיכטע און מנהגים. צווישן אים מיט מיין געוועזענער געליבטער האָט זיך ביסלאַכוויז אַנטוויקלט אַ ראָמאַן און איך בין געווען אַ שטיקל שדכן צווישן זיי, צו באַווייזן, אַז פון מיין זייט איז ניטאָ קיין שום אייפערזיכט דערביי. און עס איז טאַקע ניט געווען.

וואונדערלאַך איז געווען די דאָזיקע ליבע צווישן די צוויי עלעמענטן, וואָס זיינען אין אַלע זאַכן געווען דער געגנזאַץ איי־נער פון דעם צווייטן. זי איז געווען אַ ניהיליסטקע פון קאָפּ ביז די פיס, און דאָס איז ניט קיין מליצה, נאָר אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווען זיי פלעגן ביידע גיין שפּאַצירן אין גאַס, האָבן זיי זיך גרינטלאַך אונטערגעשיידט מיט זייערע טריט, גאַנג, מיט דער האַלטונג (אָדער דער באַוועגונג) פון זייערע קעפּ. ווען זיי האָבן גערעדט, האָט זי אַרויסגעזאָגט די דייטשע ווערטער ווי אַ רוסיש

מיידל, און ער פלעגט אויסריידן די רוסישע ווערטער, די עטלאכע וואָס ער האָט געקענט, ווי אַן עכטער דייטש. זי פלעגט זאָגן אויף דייטש „איך סאָגע", אַנשטאָט „איך זאגע"; און ער פלעגט זאָגן אויף רוסיש „זאכאר", אַנשטאָט „סאכאר", ווען ער פלעגט פאַרלאַנגען צוקער. זי איז געווען אין אַלצדינג דער היפוך פון אים. פונדעסטוועגן זיינען זיי אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן מאַן און ווייב. נאָר די ליבע פון ביידע זייטן איז געשטאָרבן, און צום סוף איז אויך איין צד (ער) אינגאַנצן אַוועקגעשטאָרבן.

זי האָט געהאַט אַ קליין שוועסטערל, אַ מוזינקע ביי אירע עלטערן, אַ מיידעלע פון פיר יאָר, וואָס האָט מיך ליב געהאַט ווי דאָס לעבן. פון מיין זייט האָב איך זי ניט ווייניקער געליבט ווי זי מיך. צי איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס זי האָט געהאַט דעם זעלבן נאָמען פון מיין באָבען, צלה, הגם איר האָט מען אָנגע־רופן צלה בלויז אַלס פאַרקירצונג פון „צעציליע",—ווייס איך ניט זיכער, נאָר מיין ליבע צו איר איז געווען איבערנאַטירלאַך.

דאָס מיידעלע איז געבאָרן געוואָרן אַ קראַנקע און פלעגט פון צייט צו צייט זיך פאַנאַדערשרייען. כדי איר איינצושטעלן, פלעגן זיי אָנווענדן אַלע זייערע מעגלאַכקייטן און אָפטמאָל פלעגן זיי מיך אַריינרופן צו איר, און אַ איך פלעג איר נעמען אויף די הענט, פלעגט זי אויפהערן וויינען. מער ווי איין מאָל האָט מען מיך אויפגעוועקט אינמיטן נאַכט, ווייל עס איז ניט געווען מער קיין אַנדער וועג איינצושטילן „ציליאָטשקע'ן".

די דאָזיקע ליבע האָט כסדר געהאַלטן אין וואַקסן ביז יענעם טאָג, ווען מיר האָבן אַלע פאַרלאָזן אָריאָל. אירע עלטערן זיינען דעמאָלט אַוועק קיין ווילנע און איך — קיין קאָוונע. פיינ־בערג'ס קאַנטאָר אין אָריאָל האָט זיך פאַרמאַכט אין יולי אָדער אויגוסט 1875.

אין אַ יאָר אַרום בין איך געקומען קיין ווילנע. איך האָב אויסגעפונען, אַז מיין געליבטע, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר, איז געפערלאַך קראַנק. ווען איך בין אַריין אין איר צימער, האָט זי מיך תיכף דערקענט און איר פנים האָט אויפגע־

לויכטן. זי האָט זיך געזעצט ביי מיר אויף די קני און מיך ניט אָפּגעלאָזן, ביז זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אויף מאָרגן האָב איך פאַרלאָזן ווילנע. מיין האַרץ איז געווען פול מיט ליבע צו דעם קראַנקן מיידעלע, וואָס איז דעם זעלבן טאָג געשטאָרבן. עס האָט מיר וויי געטאָן, וואָס איך בין פון איר אַוועק... איך האָב געטראַכט: אפשר... ווער ווייס? ווען איך פאַרלאָז איר ניט, וואָלט זי ניט געשטאָרבן, מיין געליבטע... מיין טייערע צלה, מיין צווייטע צלה...



שׁ י נ ו י ־ ה ש ם. — בערנע געלייענט פון דאָס נײַ. — די העברעאישע צייטונגען און די מאָגן־פראַגע. — דער „השחר". — חסידיזם און דעמאָקראַטיע. — מיין ערשטע צעשטערטע וועלט.

סוף זומער פון יאָר 1875 בין איך צוריקגעקומען פון אָריאָל קיין קאָוונע, האָבנדיק מיטגעבראַכט דעם „טיף־ראַסיישקע" אַק־צענט און אַ שעפּסן־פּעלצל, און איך בין געווען יונג און דום צו שטאָלצירן מיט ביידע. אחוץ דעם האָב איך דאָן שוין פאַרמאָגט אַ ג׳י׳אישן נאָמען, וועלכן אַ יונגע דאַמע האָט מיר געגעבן צום אייביקן אָנדענקען, און בכדי זי זאָל ניט דאַרפן מיך רופן מיט מיין אידישן נאָמען, ווייל אונז ביידן האָט זיך דאַן ניט מער „פּאָלאַגאַיעט" צו זיין אידן.

מיר זיינען נאַראָדניקעס, אונזערע נאַטירלאַכע ברידער זייַ־נען די מוזשיקעס. חיים־יאַנקל דער שוסטער קען וואַרטן, און אגב זיינען מיר דאָך עפּעס ניט אַבי־וואו, טאַקע אין אָריאָל—בקיצור, אַ אידישער נאָמען וואָלט איינפאַך געווען... עט, וואָס איז דאָ צו ריידן! מער ניט, אַלס אַ פשרה צווישן מיין פּעלצל דעם שעפּ־סענעם און מיינע העברעאישע שירים, האָט זי מיר געגעבן אַ נאָמען, וואָס איז ניט רוסיש אויך, נאָר פּויליש: בראָניסלאַוו.

קומענדיק צוריק קיין קאָוונע, האָב איך געפונען ביי מיינעם אַ פריינט בערנע׳ס געזאַמלטע שריפטן אין אַ פולשטענדיקער אויס־גאַבע. איך האָב זיך דערמיט געפרייט ווי מיט דעם גרעסטן אוצר. אַז איך האָב דורכגעלייענט וואָס ער האָט געשריבן אין זיינע בריוו פון פאַריז וועגן די שטייערן און די אָרימע מאַסן, און זיין רעפעראַט פול מיט גלענצענדיקן הומאָר איבער דער אַנטוויקלונג פון דעם „אדל" און די אַריסטאָקראַטן דורך באַ׳גזלנ׳ענען און באַ־

רויבן די דורכרייזענדע, — האָב איך אין דעם געפונען א מין אריינפיר צו דער סאָציאַליסטישער לערע.

---

צווישן צעדערבוים׳ס „המליץ״, דעם אָרגאַן פון דעם סאָרט אפיקורסות, וועלכע גלויבט ניט אין שדים, אין מעמדות און אין א יארמאָלקע, און יחיאל ברילס גאָטספאַרכטיקן „הלבנון״, וואָס זיין מאָטאָ איז געווען „דרך אמונה בחרתי״, זיינען דאַן געשטאַנען צוויי צייטונגען: סלאָנימסקי׳ס „הצפירה״ מיט וויסנשאַפט, וואָס זעט צו לעבן גוט מיטן קו־הישר, און זילבערמאַנ׳ס „המגיד״, וועלכער האָט זיך געסטאַרעט צו געפעלן אַלעמען. פירושים אויף פסוקים און געמאַטערטע פלפולים האָבן זיך דאָרטן רואיק און פרידלאַך געפאַשעט אויף דעם זעלביקן „געמייזאכץ״, וואו א געוויסער מארגאַלים פלעגט פיטערן בערנשטיינ׳ס וויסנשאַפטלאַכע פאָלקסביכער מיט מליצה׳דיקע פראַזן.

קומענדיק אין דער ליטע פון אָריאַל, האָב איך שוין צום „המגיד״ געהאַט אַנדערע קריוודעס ווי אמאָל. אין פּרט פון אמונה איז מיר ניט נאָר דער „המגיד״, נאָר אפילו דער „המליץ״ שוין פאָרגעקומען ניט אהין, ניט אהער. יחיאל ברילס „הלבנון״ איז ווייניקסטענס געווען קאָנסעקווענט. דערשיינענדיק אין מאַינץ (דייטשלאַנד), פלעגט ער פונדעסטוועגן צו אונז קומען אָנגעזופּט מיט עכט ליטווישער, פעטער יום־טוב׳דיקער יויך, מיט הייליקע, נאָך ניט צעקראָכענע, דריי־שפּיציקע קרעפּלאַך אינעווייניק, אַזוי אַריבערגעלייגט א קרעפּל איבער א קרעפּל, אַז עס זאָל אויסזען ווי א מגן־דוד. און דער אַלטער בית־מדרש האָט דערפון געקוואָלן, הגם די ליטעראַרישע יויך איז געווען שיטערלאַך און אין די קרעפּלאַך דאָס פלייש אַבסעלע צו באַיאָרנט און עס האָט געפעלט זאַלץ און פעפער, בעת די מליצה׳דיקע זאַפראַן האָט געהאַט א טעם פון געשטויסענע ציגל. אָבער פרום איז דער „הלבנון״ געווען, ווי א ווילנער רעטשישניק, ווי א װענדזעגאַלער קוגל, און דער אַלטער בית־מדרש פלעגט דערפון אָפּלעקן די פינגער. מיר האָבן געוואוסט, מיט וועמען מיר האָבן געהאַט צו טאָן.

דער „המגיד" דאַגעגן איז איצט אין מיינע אויגן שוין גע־ווען, ווי די רוסן רופן, „ניט פאַר גאָט אַ ליכט, ניט פאַרן טייוול אַ קאָטשערע". ניט פיל מער אַכטונג, ווי געזאָגט, האָב איך גע־האַט פאַרן „המליץ", הגם ליליענבלום האָט שוין דאַן געהאַט דאָרט געשריבן זיינע אַרטיקלען איבער „הדת והחיים" (דאָס געזעץ און דאָס לעבן), וואו ער האָט גע'טענה'ט נעגן דעם צווייטן טאָג יום־טוב און האָט באַוויזן, אַז מען דאַרף מעגן עסן אַרבעס אום פסח (אויב מען האָט, נאַטירלאַך), און האָט פאַרלאַנגט פון די רבנים אַנדערע אַזעלכע „וועלט־ערשיטערנדע", רעוואָלוציאָנערע רעפאָרמען.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט סינאַיסקי און וועדענסקי פון אָריאָ־לער סעמינאַריום און נאָך מער מיט געוויסע ניט־כשר'ע שרייבער, צווישן אַנדערע, אפילו שוין אַ „שאַפּאַטשנע זנאַקאָמסטווע" מיט ברוך שפּינאָזא, האָט מיך געפירט פיל, פיל ווייטער ווי צעדער־בוים'ס ציימונג, מיט ליליענבלומען, מיט אַלעם מיט אַנאַנדער. חוץ דעם, דאָס הייסט, לאָזנדיק רעליגיע אין אַ זייט, האָט מיך גע־מוטשעט די גאָפּל־מעסער־פראַגע, דער רוסישער פּויער, וועלכער קען זיך ניט פאַרגינען קיין זאַלץ אין זיין ברויט און ציטנוויין אפילו אַזעלכע ברויט אויך ניט; אַלזאָ ער, דער אָריאָלער, קורס־קער, וואָראָניעזשער פויער פון „טיף־ראַסייע" און דער קאָוונער אידישער דלות, דער שרעקלאַכער דלות, מיט אַ הונגער־פעסטונג אויפן גרינעם באַרג, מיט אַן אַנדערער אין סלאָבאָדקע, מיט דעם מלאך־המות־קאָמענדאַנט איבער ביידע און איבער דער גאַנצער שטאָט, איבער גאַנץ ליטע, איבער דער גאַנצער מדינה; מיט די נשמה'לאַך פון אייגענער מאַמעס אַכט יונגערהייט געשטאָרבענע עופ'עלאַך, תמיד שוועבנדיק אַרום מיר, פאַר מיינע אויגן, עפּעס אַזוי ווי פאַרלאַנגענדיק נקמה פאַר זייערע אָפּגעשניטענע יאָרן, נקמה פון אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַר די רייכע וויין און מעד, אָבער פאַר דעם אָרימען נאָר גאַל און גיפט און גהינום־משקאות, זיי, וועלכע סמאל ברייעט און לילית דיסטילירט, און די שדים טראָגן פאַנאַנדער אין די אָרימע הייזער, אין די הייזער,

וואו די לופט איז שווער און די נויט איז גרויס און דער דלות פייפט, אָבער וועקט קיינעם ניט, ניט אויבן אין הימל, ניט אונטן אויף דער ערד, קיינעם ניט!

---

אָמער, אויב ניט דער „המליץ", וואָלט איר געקלערט, אַז פאַר אַ בחור, ווי איך, איז דאָך דעמאָלט געווען דער „השחר"!

סמאָלענסקי'ס „השחר" איז ווירקלאַך געווען אַן אָרגאַן פון אויפקלערונג, און אַ קורצע צייט אפילו אַן אָרט, וואו אַ סאָציאַליסטישער אַרטיקל (דער פּנים גוט פאַרשלייערט, און דער גוף אין אַ לעמעלעם פעל) האָט זיך אַמאָל אַריינגע'גנב'עט. דאָרטן, דאָס איז וואָר, האָט יהלל געלאָזן דרוקן זיין געדיכט „עבד




יהל"ל אין דער יוגנט און אויף דער עלטער

לעבדים" און זיין גרויסע פּאָעמע „כשרון המעשה"; 15) דאָרטן זיינען דערשינען אונזער אומפאַרגעסלאַכן צוקערמאַנ'ס „עולם הפוך", דערשינען אונזער אומפאַרגעסלאַכן צוקערמאַנ'ס „עולם הפוך", דר. קאַמינער'ס אָריגינעלע, פאָלקסטימלאַכע „פיוטים" און אפילו ליבערמאַנ'ס ערשטער אַרויספאָר אַלס סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט, הגם אַזוי קונציק פאַרשטעלט, אַז דאָס האָט זעלטן ווער פאַרשטאַנען.

די דאָזיקע אַלע זאַכן זיינען אָבער געווען אין „השחר" דאָס זעלבע וואָס אין אַן אָרימער אכסניא אַ פאַרבלאָנדזשעטער איידעלער רייזענדער, וועלכער ווערט נעבאַך בטל בששים צווישן די בעלי־

עגלות מיט זייערע בייזע מיילער און אַן ערב־רב פון אַנדערע, וועלכע באַטראַכטן די אכסניא פאַר זייער היים און יעדן אַנדערן אין איר פאַר אַ ניט־געבעטענעם גאַסט.

בדרך־כלל איז סמאָלענסקי׳ס „השחר" געווען דער אַר־סענאַל, פון וואַנען עס זיינען געקומען די שאַרפסטע כלי־זיין אין דער מלחמה פון די משכילים און די חסידים.

די דאָזיקע מלחמה איז מיר אין דעם יאָר (1875) געווען ניט נאָר ניט צום האַרצן, נאָר איינפאַך עקלהאַפט.

אַרום יענער צייט האָב איך נעמלאַך שוין פאַרשטאַנען, אַז דער חסידיזם איז אייגנטלאַך אַ מין דעמאָקראַטישע באַוועגונג אין דער רעליגיע, אַ מין בונט קעגן דעם יחוס פון די גמרא־לערנער, פון די באַנק־קוועטשער, פון די קונציקע שווימער אינם ים־התלמוד, וועלכע קוקן אויף דעם המון, דעם פאָלק מיט פאַר־אַכטונג, אפילו מיט האַס.

אָבער אפילו דאַן, ווען דער חסידיזם איז פאַר מיר געווען ניט מער ווי שפּרינגעריי אין דאַווגען, און אַן עקסטראַ־שנאַפּס צייטנווייז, און אַ מענטשלאַכערע אויפפאַסונג פון דעם וואָרט „שיקסע", און אַ רבי מיט פּדיונס, מיט שיריים, מיט התרת־עקרות, ניסים און מלאכים און נבואות און עלית־נשמה און אַנדערע אַזעלכע זאַכן, — אפילו דאַן האָב איך, אַ מתנגד בן מתנגד, געהאַט אַ וואַרימען אָרט אין מיין האַרצן פאַר די חסידים.

זיי האָבן געזאָגט איינעם דעם אַנדערן „דו", סיי אָרים, סיי רייך; זיי האָבן געהאַט צווישן זיך מער אחדות; זיי האָבן פאַראַכטעט דעם אידישן אַריסטאָקראַטישן יחוס; זיי האָבן פיינט געהאַט מרה־שחורה און ליב געהאַט אַ טענצל, אַ געזאַנג, און ווען זיי האָבן איינער דעם אַנדערן דערציילט ניסים פונם רבי׳ן, איז דערביי געווען אַ לוסטיקער הומאָריסטישער פינטל אין אויג, וועלכער האָט געזאָגט: „שוטה, און אַז איך ליג, וואָס מאַכט עס דיר אויס? דיין באָבעס דאגה!"

און איך, אויפגעהאָדעוועט ביי אַ טאַטן, וועלכער האָט זיך פורים ניט געזעצט צו דער סעודה אָן משה דעם שוסטער, וועלכן

ער פלעגט א קוש טאָן ביים אריינגיין; אויפגעהאָדעוועט מיט יודקע דעם ממזר און עלקע דעם זשוליק און עטלאַכע אונטער־געוואָרפענע קינדער, וואָס האָבן זיך אויסגערוט אינם הקדש און אויסגעבילדעט אין דער תלמוד-תורה און פאר וועלכע איך פלעג צו זיבן־אַכט יאָר גנב'ענען אָקראַטשיקעס חלה, און מיין גוטע מאַמע פלעגט זיך מאַכן ניט זעענדיק... איך, אלזאָ, האָב דעם חסידישן „דו“, די חסידישע אחדות, די חסידישע פאַראַכטונג פאַר דער אידישער גמרא־אריסטאָקראַטיע ג ע פ י ל ט, נאָך איי־דער איך האָב עס פ א ר ש ט א נ ע ן.

מיין פאַרשטיין, לאָמיך באַמערקן, האָב איך צו פאַרדאַנקען אָרשאַנסקי'ס גלענצענדן אַרטיקל (אינם „ראַזסוועט“, דאַכט זיך) וועגן דעם חסידיזם.

מיר האָט דערפאַר דער „השחר“ מיט זיין אייביקן קאַמף קעגן די חסידים, הגם גאַנץ אומגערעכט איז דאָס ניט געווען, כמעט אָפּגעקלט, און דער נייַנצניאָריקער „ליטעראַט“ האָט זיך געפונען פונקט אַזוי פון דרויסן אין דעם העברעאישן זשורנאַל, ווי אַכט־און־צוואַנציק יאָר שפּעטער (אין 1904) אין דעם סאָ־ציאַליסטישן אין ניו יאָרק. פונם „המגיד“ בין איך געווען ארויס־געוואַקסן, און אין וואָס אריינצוואַוואַקסן איז ניט געווען.

און כדי צו ענדיקן מיטן „המגיד“, לאָמיך אַ שפּרונג טאָן אויף אַ מיטינג אין דייטשלאַנד.

אין אַ יאָר דריי אַרום האָט די רוסישע רעגירונג אויף אַ וויי־לע פאַרבאָטן דעם „המגיד“ אין רוסלאַנד. איך בין דאַן שוין גע־ווען אין פּרייסן, אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט און אַ „שרייבער“ אין דער קעניגסבערגער סאָציאַליסטישער „פרייע פּרעסע“, און דאָרטן האָב איך געזונגען דעם טויט פון „מיין“ ערשטער צייטונג און געטאַנצט אויף איר קבר.

דער „המגיד“ איז נאָכהער אויפגעשטאַנען תחית-המתים; ער איז אייגנטלאַך נאָר געלעגן אין אַ קורצן צענזורישן הינער־פּלעט, אָבער דאָס האָט ניט צו דער זאַך: דער „המגיד“ איז גע־ווען מיין ערשטע צעשטערטע וועלט.

די געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנט־ווערקער. — אַ ניט־געלונגענער פּאַרזוך. — מיינער אַ שיר לכבוד פּורים ברייננגט אַ שדכן מיט אַ „גליק"־שידוך. — איך ווער באַרימט „מיט איין קלאַפּ".

דאָס יאָר 1876 האָט מיך געטראָפן אין קאָוונע, פירנדיק רעכנונגען און שרייבנדיק בריוו אין דייטש אין פיינבערג'ס קאַנ־טאָר. איך האָב דעמאָלט נאָך ניט געקענט גוט די דאָזיקע שפּראַך, און אויב איך האָב געשריבן „דייטשע בריוו", איז דאָס נאָר געווען דערפאַר, ווייל די דייטשן אין מיין סביבה פלעגן בלויז פירן די ביכער, און כמעט יעדע וואָך אויסן בלייבן פון קאַנטאָר אַ טאָג אָדער צוויי, זייענדיק שכור, און די פּאָסט האָט ניט געקענט וואַרטן ביז זיי וועלן קומען. פון די איבעריקע באַאַמטע, די העכערע און די נידעריקע, איז ניט געווען קיין איינער, וואָס זאָל קענען דייטש, אפילו ווי איך.

ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט אסף הכהן (סענדער פּאָרט) און זיין אינגערן זון, וואָס איז איצט, נאָך זיין ברודער'ס טויט, געוועזן אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן, האָב איך געזען אין סענדער'ן און זיין זון מענטשן, וואָס זיינען פּאַסענד זיך צו באַטייליקן מיט מיר אין שאַפן אַ נייע זאַך — גרינדן אַ האַנדווערקער שול פאַר די אָרימע קינדער אין קאָוונע — פאַר דעם נוצן פון די ברייטע מאַסן (און אפשר דורכדעם פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן פאָלק — נאָר וועגן דעם האָבן מיר ניט גערעדט).

באַלד האָבן מיר געגרינדעט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט גע־הייסן אין רוסיש „אָבשטשעסטוואָ דליאַ ראַספּראָסטראַנעניאַ רע־מעסלאָ". בראש פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנט־

ווערקער איז געשטאַנען דער יונגער פּאָרט (סענדערים זון), אַגוז, מאַרקוסזאָן 16) און איך. ער אַלטער איז געווען דער קאַסירער, און איך דער סעקרעטאַר.



פון רעכטס צו לינקס, שטייענדיק: פּאָרט און מאַרקוסזאָן; זיצנדיק: ווינטשעווסקי און אַגוז. דאָס בוך, וואָס ו. האַלט, איז דער פּנקס פון דער „אָ. ד. ר. ר."

אזוי ווי לפּנים ווען איז די זאַך געווען געזעצלאַך לגבי דער רעגירונג, האָבן מיר זיך איין טאָג פאַרזאַמלט און פאַרפאַסט תקנות, וועלכע דר. פיינבערג האָט געזאָלט פאַרלייגן פאַרן קאָווער נער גובערנאַטאָר, וועלכער וועט געבן אויף דעם זיין אָפיציעלע הסכמה און עס נאָכדעם איבערשיקן קיין פּעטערבורג מיט דער בקשה, אז די רעגירונג זאָל געבן אויף דעם איר ערלויבניש.

דערווייל האָבן מיר אָנגעהויבן זאַמלען אַ פאָנד, און דערצו

האָט אַ סך מיטגעהאָלפֿן, וואָס איך בין געווען אַ „באַאַמטער" אין פיינבערג'ס האַנדלס-הויז — אַ הויז, וואָס אַלע קאָוונער איינ־וואוינער, סיי די אויפגעקלערטע און סיי די פרומע, האָבן רעס־פעקטירט, און אויך אַלע, וואָס אַרבעטן דאָרט, און בפרט אַ בחור, ווי ר' זיסל'ס זון. אַ סך מיטגלידער האָב איך געקראָגן אין קאַנ־טאָר גופא און נאָך מער האָבן זיך אונז אָנגעשלאָסן פון דרויסן, וואָס סענדער פּאָרט און איך האָבן צוזאַמענגעקליבן, גייענדיק פון הויף צו הויף און פון שטוב צו שטוב יעדן טאָג, וואָס איך האָב געהאַט צייט.

אין אַ קורצער צייט האָבן מיר געזאַמלט אַרום פיר הונדערט רובל. אונזערע תקנות זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער הויפּט־שטאָט צו איינעם פון די הויכע נאַטשאַלסטוואָ פון דער רוסישער רעגירונג. דאָרט האָבן די דאָזיקע תקנות געפונען זייער קבר אין אַ געוויסן קעסטל (פאַר דעם וואָס האָט געוואוסט) און זיינען ניט אויפגעשטאַנען קיין תחית־המתים ביז איך האָב פאַר־לאָזן קאָוונע און איך בין אַפּגעפאָרן קיין קעניגסבערג אין אַ יאָר אַרום, און אויך דעמאָלט זיינען זיי ניט אויפגעשטאַנען, אויף וויפיל איך ווייס.

דר. פיינבערג, איינער פון די פּראָמינענצן פון שטאָט, פלעגט אונז תמיד פאַרזיכערן, אַז גאָר אין קורצן וועלן אָנקומען אונזע־רע תקנות באַשטעטיקט פון דער רעגירונג, נאָר ער איז מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן אין זיין ניינציקסטן יאָר,17) ניט זעענדיק קיין תחית־המתים בנוגע די דאָזיקע תקנות אונזערע.

און אַזוי איז די ערשטע פּראָבע צו טאָן פּראַקטישע אַרבעט *) ניט געלונגען.

וואָס טאָן? איך בין אַ סאָציאַליסט און קיין סאָציאַליסטישע אַרבעט איז ניטאָ, ווייל עס איז ניטאָ קיין סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג, על־כל־פּנים זע איך איר ניט אין מיין קאָוונער סביבה. די פּראַקטישע אַרבעט איז ניט געלונגען. מען דאַרף וואַרטן, ווייל

*) זע ווייטער, זייטן 240—243.

מיר האָבן געוואָלט גיין „בדרך הישר“, אין דער גלייכער וועג אין צארישן רוסלאנד, און בפרט אין די געגנטן, וואו אידן האָבן גע־וואוינט, איז געווען פול מיט דערנער.

גלייכצייטיק האָט די לאגע פונם אידישן פאָלק אָנגעפילט מיין האַרץ מיט טיפן טרויער. די צייטונגען, סיי די העברעאישע און סיי די רוסישע, האָבן מיר שטענדיק דערציילט שלעכטע בשורות פון פארפאָלגונגען, נגישות, שחיטות, בלוט־בלבולים. פון דער אנדערער זייט האָב איך געזען ביי אונזערע אידן מיאוס'ע זאכן, פארברעכנס — סיי וואָס ס'איז צו זיי געשען, און סיי אין דעם, וואָס זיי האָבן געטאָן. זיי זיינען דאָך אָבער מיינע ברידער, קינדער פון מיין פאָלק, און וואָס טוט מען?

און איך געפין אז אין דעם דאָזיקן יאָר, 1876, האָב איך גע־שריבן עטלאכע שירים, פון וועלכע צוויי־דריי זיינען געווען גע־דרוקט אין „המגיד“. עס זעט אויס, אז די צרות פון אידישן פאָלק, ווי אויך געוויסע מעשים פון יחידים צווישן זעלבן פאָלק, האָבן זיך געזוכט אַן אויסדרוק דורך מיין פעדער. עפּעס אַ האַרץ־אויסגוס, און איך הויב אָן דיכטן, איך הויב אָן רעדן, וויינען, שרייען, לאכן מיט יאשטשערקעס, שפּאָסן פון אַ פארוואונדעט האַרץ, פון כעס און צאָרן.

מיין ערשטער שיר פון דעם דאָזיקן יאָר איז דער שיר „חזיון ליל פורים“ (אַ פורים־נאכט פאנטאזיע), געדרוקט אין „המגיד“ פון 15טן מערץ, 1876. איך דערצייל דאָרט, ווי עס קומט מיר צו חלום דער אַלטער אידישער שונא המן בן המדתא. המן דער־קלערט מיר, אז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס צוזאמען מיט אים האָט מען אויך אויפגעהאנגען זיינע צען זין, האָט ער נאָך מאַסן קינדער, צום גרעסטן טייל אידן, וואָס זעצן פאָר זיין ארבעט, ווי דער גרענדע־פירער, דער משומד, דער מסור, די אנטיסעמיטי־שע צייטונג דער „קול“ (דער „גאָלאָס“ פון פעטערבורג) א. ד. גל.

איך ווייס, אז די גראַמען פון דעם דאָזיקן שיר האָבן ניט געטויגט. מען קען ניט גראַמען „קול“ מיט „קול“, „כסף“ מיט „כצף“, „עז“ מיט „חת“ א. ד. גל. איך ווייס אויך, אז איך האָב

א סך געזינדיקט אין דער זילבן־מאָס, אין סטיל א. אַ. וו., נאָר אַזעלכע זינד האָב איך געפונען אויך ביי די בעסטע דיכטער פון מיין צייט. נאָר דער עיקר איז, אַז דער דאָזיקער שיר האָט גע־מאַכט א פוראָר אין אונזער שטאָט, וואו אַלע האָבן דערקענט א געוויסן קאָוונער גביר, א מסור און אַן אַלגעמיין פאַרהאַסטער קערל, אין דעם „אינטריגאַנט, וואָס פירט זיין געמיינדע", פון וועלכן המן זאָגט:

„לי הכסף, ידמה, לי גם הזהב,
והוא יושב על גפי מרומי קרת.
ידוע תודע כי אותו אוהב,
כי בני, בני הוא שילדה לי זרש". *)

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די זעלבע וואָך, וואָס איז אָנגעקומען דער „המגיד", איז געקומען א מאַן פון ראַסיין קיין קאָוונע, אויפגעזוכט מיין טאַטן, וועלכער איז געווען א „נאמן" אַפן בריק פון קאָוונע קיין סלאָבאָדקע, און אים פאָרגעלייגט א „גליק"-שדוך פאַר זיין זון, דעם פאַרפאַסער פון דעם שיר „חזיון ליל פורים" — א שדוך, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אויף דער ערד: א מיידל א צאַצקע, נדן אין די שווערע הונדערטער אַריין, א שווער א קצין, מיט א הויז, — וואָס איז דאָ פיל צו ברייען, — א שמאַלץ־גרוב! צו זיין פאַרדרוס האָט מיין טאַטע גע־וואוסט, אַז אין מיין האַרצן איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם בילד פון אַן אַנדער חוה'ס טאָכטער,[18] און די צאַצקע האָט גליקלאַך געמאַכט אַן אַנדערן, וועלכער האָט אויך געמאַכט שירים, אפשר ניט ערגער ווי מיינע.

---

*) מיינס דאָס זילבער, טראַכט ער, אויך דאָס גאָלד,
און ער זיצט אינם אויבנאָן פון שטאָט.
זיי וויסן, אַז אים האָב איך האָלט,
מיין זון איז ער, געבאָרן מיר פון זרש."

אין מיינע לידער פון דעם יאָר (1876) פילט זיך אָבער שטאַרקער מיין ליבע צום אידישן פאָלק, ווי צו דעם מיידל, וואָס איך האָב געליבט. אין יענער צייט האָב איך אויך פאַרעפנטלאַכט אַ שיר „זכר ליציאת מצרים", וואָס איז געווען געדרוקט אין „המגיד" דריי וואָכן שפּעטער ווי מיין פורים-פאַנטאַזיע. אויך דער דאָזיקער שיר, אַזוי ווי אַלע אַנדערע, איז געווען דורכגעדרונגען פון אַ טיפן מיטלייד צו אַ פאָלק, וואָס ווערט פאַרפאָלגט פאַר קיין



מ. ווינטשעווסקי און זיינער אַ יוגנט-פריינט אין יאָר 1876

אַנדער זינד ווי בלויז דערפאַר, ווייל ס'איז אַ אידיש פאָלק און ניט קיין אַנדער פאָלק.

אין דעם דאָזיקן שיר ווערט געשילדערט די אידישע אָרימ־קייט, פאַרפאָלגונגען און ליידן, און די לעצטע שורה פון יעדן

פערז באמערקט, אז דאס דערמאנט די צייט, וואס אידן זיינען ארויס פון מצרים. צום סוף פיר איך אויס אזוי:

„תלאות מצאונו כיוצאי מצרים,
אך מתי כמהם נצא לרוחה?
מתי נראה צרינו צוללים במים?
מתי נבוא, כיוצאי מצרים, למנוחה?
מתי יעברו העבים מעל פני השמים?
איה זה הזכר ליציאת מצרים?" *)

איך דערמאן עקסטרא דעם פאקט, אז דער שיר „זכר ליציאת מצרים" איז געווען געדרוקט דריי וואכן נאך דער פורים־פאנטאזיע, אונטערצושטרייכן, אז דער רעדאקטאר פון „המגיד", אליעזר ליפמאן זילבערמאן (אדער זיין געהילף דוד גארדאן), און דער ראסיינער שדכן האבן אלע געהאט די זעלביקע מיינונג וועגן יענעם ליד. אזוי בין איך געווארן בארימט „מיט איין קלאפ". צי מיר האט טאקע פאר זיי געקומט צו ווערן א ראסיינער איידעם, ווייס איך ניט, אבער ביי זיך בין איך געווארן א גאנצער האן. דער „המגיד" האט געדרוקט אלץ, וואס איך האב אים געשיקט. דאס דערמאן איך געגן דעם, וואס האט פאסירט אנדערטהאלבן יאר שפעטער, ווען איך בין צוגעשטאנען צו אהרן ליבערמאנ׳ס קרייז. נאר וועגן דעם וועל איך רעדן שפעטער.

---

*) צרות האבן מיר, ווי די ארויסגייער פון מצרים,
נאר ווען, ווי זיי, וועלן מיר זיך באפרייען?
ווען וועלן מיר, ווי די ארויסגייער פון מצרים, געפינען
א מנוחה?
ווען וועלן פארשווינדן די וואלקנס פונם הימל?
וואו איז דער „זכר" (זעיכער) פון „יציאת מצרים"?

ס אָ צ י אַ ל ע ס אַ ט י ר ע ס א ו ן ק ו פּ ל ע ט ן. — איבערזעצונגען פון שילער, יאַכאַנטאָוו און נעקראַסאָוו. — דער שפּעטערער דומע־דעפּוטאַט הערצענשטיין. — „די פּאַרשטויסענע און פאַרפירטע“. — „ס'טויג ניט!“ — דער קאַמף צווישן דעם „מענטש וואָס וויינט“ מיט דעם „מענטש וואָס לאַכט“. — „בדמיך חיי“. — „דברי קהלת“. — „ציון“. — „עשה למענך אם לא למעננו“.

אין מאַנוסקריפּט געפינען זיך ביי מיר אייניקע קופּלעטן און לירישע זאַכן אין רוסיש און העברעאיש פון די יאָרן 1874—1876, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך, קיין שום ליטעראַרישן ווערט ניט.

אָבער אין אַלע געדרוקטע און ניט געדרוקטע ערשטע פּעדער־איבונגען זעט זיך די ליבע צום אָרעמאַן און דער האַס צו זיינע אונטערדריקער. חוץ דעם דריקט זיך אין אַלץ אויס דער שטאַנד־פּונקט, אַז דער גנב, די פּראָסטיטוטקע, דער שכור זיינען גיכער קרבנות, ווי שולדיקע.

די זעלבע מאָטיוון געפינען זיך אויך אין מיינע איבערזע־צונגען (אויף העברעאיש) פון פרידריך שילער'ס „קינדער־מערדע־רין“, יאַכאָנטאָוו'ס „מיסל“ (געדאַנק) און נעקראַסאָוו'ס „אָגאָ־ראָדניק“ (גערטנער). דער דאָזיקער פאַרנעמט מיך פאַרן האַרצן. דאָס בלייבט (און וועט בלייבן) ניט געדרוקט. אָבער עס זעט זיך שוין אין דעם דער זעלביקער גייסט ווי אין דעם שיר „הגנב“, וואָס איז געווען געדרוקט אין יאָר 1877, אינם „אספת חכמים“. איך קען ניט זאָגן, אַז מיר איז געשטאַנען עלקע דער זשוליק פאַר די אויגן, בעת מיין פּעדער האָט פּרובירט איבערגעבן דעם האַס

צו דער געזעלשאפט, װעלכע שלאגט די גנבים, װאס זי אלײן ברײנגט אויף דער װעלט. — איך קען דאס ניט זאגן, װײל איך געדײנק עס ניט, אבער אן די ערפארונגען, װאס איך האב געהאט צװישן די ארעמע און פארשטויסענע אין קאװנע, װאלט קײנמאל ניט געשריבן געװארן אזא געדיכט. און אגב, װײסן מיר דען אלע־מאל, אונטער װעלכן אײנדרוק מיר שרײבן דאס אדער יענעס און װאס אונז שטײט פאר די אויגן און װאס ניט? זעען מיר דען איבערהויפט אלץ, װאס אונז שטײט פאר די אויגן?

איך צװײפל, אויב מײן איבערזעצונג פון שילער׳ס געדיכט האט עפעס א ליטעראַרישן װערט, כאטש איך געפין דארט שײנע שטעלן. געלונגענע שורות געפין איך אויך אין מײן איבערזעצונג פון יאכאנטאװ׳ס „מיסל“ (דער געדאנק). אלענפאלס האט זײן ליד א קנאפן װערט בײ די רוסישע קריטיקער. סקאביטשעװסקי אין זײן געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור דערמאנט אים כלל ניט.

מער װערט האט מײן איבערזעצונג פון נעקראסאװ׳ס „אגא־ראדניק“. לויטן גײסט פון יענער צײט, װען פיסארעװ איז געװען מײן פײערדיקער זײל, האב איך ליב געהאט נעקראסאװ׳ן מער פון אלע אנדערע רוסישע דיכטער, הגם לערמאנטאװ און א סך פון זײנע לידער, װאס מיר פלעגן זינגען, איז מיר געװען זײער ליב. אין דער אמת׳ן האב איך ניט פײנט געהאט אפילו פושקינען, נאר אין יאר 1876 װאלט איך דאס עפנטלאך ניט צוגעגעבן. דאס איז יענער פושקין, װאס האט געשריבן, אז „א מענטש קען זײן אינטעליגענט, אכטונג געבנדיק אויף דער רײנקײט פון זײנע נעגל“. און װי קען אן אויפגעקלערטער מענטש ליב האבן אזא מין אריסטאקראט? פון דער דאזיקער דומהײט האב איך זיך ניט אויסגעהײלט ביזן יאר 1879, װען איך בין געקומען פון פאריז קײן לאנדאן און איבערגעלײענט נאכאמאל פיסארעװ׳ס ארטיקל איבער דעם דיכטער פושקין און זײן קריטיקער (װאס האט אים ליב געהאט) בעלינסקי.

אלענפאלס אין 1876 איז נעקראסאװ געװען אין מײנע אויגן

דער דיכטער פון די דיכטער, דער פאָלקס־דיכטער, כמעט דער געטלאַכער, און זיין ליד דער „אָגאָראָדניק“ האָב איך איבערגע־זעצט, אויב ניט מיט גרוים טאַלאַנט, איז מיט אַ סך ליבע.

און רעדנדיק וועגן נעקראַסאָוו׳ן, דערמאָן איך זיך, אַז אין יאָר 1880, ווען איך האָב זיך אין לאָנדאָן באַקענט מיט הערצ־שטיינ׳ען, וואָס איז דעמאָלט געווען באַשטימט צו ווערן פּראָפע־סאָר (און אויך זיך צו שמד׳ן, ווי ער האָט מיר אָנגעדייט) און איז שפּעטער דער׳הרג׳עט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט פון דער צווייי־טער רוסישער דומאַ, איז הערצענשטיין געווען דער, וואָס האָט מיר באַוויזן, אַז אַפילו אין זיין פאָלקסטימלאַכקייט איז נעקראַסאָוו אָפּט ניט געווען ערנסט.

אינם יאָר 1876 (19 האָב איך אויסער די דערמאָנטע שירים אויך געשריבן אייניקע קופּלעטן און סאַטירעס, צווישן די לעצטע אויך אַן איבערזעצונג פון שילער׳ס „דער וועלט־פאַרבעסערער“. איך האָב אויך געשריבן אַ קלאָג־ליד, איבער דעם טויט פון מיין שוועסטער. אויסער דעם אויך אַ לאַנגן שיר מיט אַ סאָציאַליסטי־שער טענדענץ, וואָס איך האָב אָנגערופן „הנדחה והנהלאה“ (די פאַרשטויסענע און די פאַרפירטע), אין וועלכן ס׳פילט זיך דער גייסט פון נעקראַסאָוו אויף יעדער זייטל. וואַרשיינלאַך, אויף זי־כער געדיינק איך עס ניט מער, איז עס געווען אינספּירירט פון נעקראַסאָוו׳ס „אובאָגאיאַ אי נאַריאַדנאיאַ“. דאָס איז אַ שיר, וואָס נעמט די זעלבע שטעלונג צו דער פּראָסטיטוטקע ווי צום גנב (אין שיר „הגנב“).

דעם דאָזיקן שיר האָב איך אויפגעשריבן אַ פּאָר וואָכן פריער, איידער משה לייב ליליענבלום איז געקומען אין קאָוונע. ווען איך האָב אין אים דערפילט אַן אינטימע פריינטשאַפט, האָב איך אים פאָרגעלייענט דעם דאָזיקן שיר. ער האָט זיך איינגע־הערט זייער ערנסט פון אָנהויב ביזן סוף. ווען איך האָב געענדיקט לייענען, האָט ער, מיט זיין איינפאַכקייט און תמימות, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק געליבט, באַמערקט: „ס׳טויג ניט!“

איבער צוואַנציק יאָר האָט מיר געעקלט אָנצוקוקן דעם דאָ־

זיקן שיר. ווען איך האָב נאָכדעם צוזאַמענגעקליבן מיין גאַנצע העברעאישע „פּאָעזיע" אין איין העפט, האָב איך עס נאָכאַמאָל געלייענט, געמעקט, געענדערט, צוגעגעבן און פאַרקירצט אין אַ סך ערטער. ווער ווייסט, אפשר וואָלט משה לייב ליליענבלום אים שוין געפונען פולקאָם, און אפשר וואָלט ער ווידער געזאָגט: „ס'טויג ניט!" ווער ווייס. [20]

די העלדין פון דעם דאָזיקן שיר—אסתר—האָט קיין שום שייכות ניט מיט די מיידלאַך, פון וועלכע איך האָב גערעדט. זי געהערט צו אַן אַנדער קלאַס. זי איז אפילו געווען אין גימנאַזיע אַ יאָר אָדער צוויי, אָבער די גאַל און די גיפט, וואָס איך געפין אין דער דיכטונג, זי לייענענדיק היינט כמעט ווי אַ פרעמדער, דאָס הייסט אזוי אָביעקטיוו ווי נאָר מעגלאַך. — דאָס באַווייזט מיר, אַז איך וואָלט דעמאָלט דערצו ניט פּייאיק געווען, ווען ניט די סביבה, אין וועלכער איך האָב צוגעבראַכט מיינע ערשטע קינדער־יאָרן.

און אַזוי ווי איך האַלט דערביי, לאָמיך דאָ זאָגן, אַז, בלע־טערנדיק אין יענעם ביכל שירים פון די יאָרן 1875—1876, גע־פין איך, אַז אַ גרויסע און טיפע ליבע צום אידישן פאָלק האָט פאַר זיך געזוכט אַן אויסדרוק דורך מיין יונגער, שוואַכער און ניט זייער שפּיציקער פעדער. איך באַקלאָג נאָכאַנאַנד אידישע צרות: לאָקאַלע, רוסלענדישע, אַלוועלטלאַכע.

און עס קעמפט שוין אין אַלע די דאָזיקע יונגע און נאָך ניט צייטיקע פּראָדוקטן פון מיין ליטעראַרישער טעטיקייט דער לי־ריקער מיט דעם סאַטיריקער, דער „מענטש וואָס וויינט" מיט דעם „מענטש וואָס לאַכט", דער „זינגער" מיט דעם „משוגע'נעם פי־לאָזאָף" (אַ יאָר אָדער צוויי שפּעטער—יגלי, איש הרוח), און דער רעזולטאַט איז שוין דאָן, אַז איך בין ווי צעטומלט.

„עס איז אַ וואונדערבאַרע זאַך
מיט מיין געלעכטער און געוויין;
איך בין ניט לוסטיק, ווען איך לאַך,
און טרויער ניט בשעת איך וויין".

ווערטער, וועלכע איך האָב געמאכט פאַר אַ מאָטאָ אויפֿן פאָדער־בלאַט פֿונם „משוגע'נעם פֿילאָזאָף אין ענגלאַנד“ (אין מיינע שריפֿטן, פֿאַרלאַג „צוקונפֿט“, 1909). 21)

אַזוי, צום ביישפּיל, געפֿין איך פֿון יענעם יאָר 1876 אַ שיר־עלע „בדמיך חיי!“ אַדרעסירט צו כנסת ישראל, וואו עס ווערט געשילדערט די אידישע לאַגע אין רומעניע, מאַראָקאָ און פּערסיע, און גלייך דערביי ווערט סאַטיריש גע'דרשנ'ט געגן די אָרטיקע עולות און אָרטיקע בלוטצאַפּערס, אַ שטייגער, דאָס איז שוין אַזאַ מזל ביי דיר, אָרעם אידעלע?:

„בדמיך חיי, בדמיך חיי!“
בעת מען בלוטיקט דיך פֿון דרויסן און פֿון אינעווייניק:
„כן מקרבך ראיתי רוב רעות לך באו,
אנשי קהלותיך מצצו דמך בעלוקה,
כשודדי לילה באו, כמעוף־צוקה,
הה, מהרסיך ומחריביך ממך יצאו:
דמך נשפך כדם פר עז וגדי,
ואמר לך: „בדמיך חיי! בדמיך חיי!“ *)

אַ ריין סאַטירישן כאַראַקטער האָט געטראָגן אַ שיר אין „המגיד“ (20טן יאַרגאַנג) „דברי קהלת“, וועלכער איז געווען גע־דרוקט אין „המגיד“ פֿון 11טן אָקטאָבער 1876.

דער אַרויספּאָר איז אַ ברייטלאַכער, אַ סאָציאַלער און פֿאַר יענער צייט אין אַ אידישער צייטונג אַ געוואַגטער. איך זאָג:

*) דיינע מערסטע ליידן זע איך קומען פֿונם אייגענעם קרייז,
דיינע אייגענע לייט זויגן דיין בלוט ווי פּיאַווקעס,
זיי קומען ווי נאַכטרויבער, ווי אַן אומגעריכטער אומגליק,
אַ, דיינע צעשטערער און פֿאַרווּסטער קומען פֿון דיר אַליין:
דיין בלוט ווערט פֿאַרגאָסן, ווי דאָס בלוט פֿון רינד און ציג,
און איך זאָג דיר: אין דיין בלוט, לעבן! אין דיין בלוט, לעבן!

„האדם לעמל, לעבודה יולד,
אפס לא הכל יעבדו, יעמולו,
ומפרי ידיהם לא רבים יאכלו.
הנה כי כן הוא, בני עמי, עלי חלד.“ *)

אָבער אַרויס קומט דערפון אַ רייע קופּלעטן, אַ האָרעלע צו ערנסט צו ווערן דעקלאַמירט פון אַן אַקטיאָר, אַביסעלע צופיל פון סאַרקאַסטישע שמייכלס און אויגן־פינטלעריי, כדי צו נעמען מענטשן ביים האַרצן.



בן־נץ (מ. ווינטשעווסקי) אין 1876

דאָס זעלבע וואָלט איך זאָגן וועגן אַן אַנדער העברעאישן שיר׳על, וואָס האָט ניט געהאַט די זכיה אַרויסצוקומען דורך שוואַרצער דרוק־טינט אויף דער ווייסער וועלט. דאָס איז געווען אַ געדיכט „ציון“, געשריבן, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אויף

---

*) דער מענטש איז געשאַפן פאַר אַרבעט, פאַר פראַצע.
נאָר ניט אַלע אַרבעטן, פראַצעוון,
און ניט פיל עסן די פרוכט פון זייערע הענט.
אַט־אַזוי גייט עס, מיינע קינדער, אויף דער וועלט.

תשעה באב תרל"ו. עס פאַנגט זיך אָן מיט דעם באַרימטן פערז פון ר' יהודה הלוי'ס קינה: „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך... (ציון, דו פרעגסט דאָך, וואָס מאַכן דיינע געפאַנגענע.) איך דערצייל איר, וואָס ביי אונז טוט זיך היינט, ווי אירע אי־דעלאָך זעען אויס, וואָס זיי ליידן און ווי זיי לעבן.

אין דער צווייטער סטראָפע ווערט, למשל, געזאָגט:

„דעי, כי בניך רוב פורעניות 22) עוד סובלים,
אין אור במושבותיהם, באיזה מדינה
יך מקל־נעם, יפצע מקל־חובלים;
שמם לשמצה בעמים, למשל, לשנינה,
וגם בקרבם רבים ימצאו, יראו,
איש את רעהו חיים יבלעו". *)

און דאָן, דערציילנדיק אין דער דריטער סטראָפע וועגן דעם, אַז, ווי אין דער צייט פונם חורבן, איז היינט אויך נאָך דאָ אַ שנאת־חנם צווישן אידן, דערצייל איך איר, אַז מיר האָבן זי נאָך, ווייל —

„כמו קמצא ובר־קמצא, אז מחריביך,
גם כאבא סקרא ראש הבריונים,
עוד חיים בינינו רעים, גאיונים." ‡)

---

*) ווייס, אַז דיינע קינדער ליידן נאָך אַ סך צרות.
ניטאָ קיין ליכט אין זייערע קוואַרטאַלן. אין איין מדינה
שלאָגט זיי די קנוטע, פאַרוואונדעט זיי די דובינע;
זייער נאָמען איז צו שאַנד און צו שפּאָט צווישן פעלקער,
און אויך צווישן זיך אַליין איז מען צעריסן,
איינער וואָלט דעם אַנדערן אַ לעבעדיקן איינגעשלונגען.

‡) אַזוי ווי קמצא און בר קמצא זיינען דיינע צעשטערער,
אַזוי ווי אבא סקרא, דער פירער פון די בריונים,
לעבן נאָך צווישן אונז רשעים, גרויסהאַלטער.

אָבער דאָס איז ביי מיר דער פונדאַמענט פאַר אַן אַטאַקע פון אַ קאָוונער רעדלפירער, וועלכן איך האָב מיט גענוג האַרץ דער־פון צו מאַכן אַ קאַפּיטל ירמיה, ווען עס איז נאָר דערצו דאָ דער גויטיקער טאַלאַנט.

און איך באַקלאָג זיך דאַן, וואָס אונזערע פאָרשטייער און די „בעלי־כרסין" (גראָבע בייכער) שווייגן, בעת די אָרימע לייט זיינען צו שוואַך צו פאַרטרייבן די „פאַרוויסטער פון אונזערע וויינגערטנער" (מחבלי כרמנו), און זיך ווענדנדיק צו מאַמע־ציון, זאָג איך:

„ובכרמך צר המקום לתמר וזית,
כי חוחים מלאוהו, שמיר ושית". *)

אַ פּאָר פערזן, פאַרבייגייענדיק, וועלכע זיינען אַ שאַרפער קאָנטראַסט געגן דער אויבן־ציטירטער פּראָזאַאישער שורה:

„דעי, כי בניך רוב פורעניות עוד סובלים",

וועלכע איז, חוץ דעם אידיאָמאַטיש ריין מאַמע־לשון.

צווישן מיינע שירים פון 1876 געפינט זיך אויך אַ קופּלעט „עשה למענך אם לא למעננו" (טו דאָס פון דיינטוועגן, אויב ניט פון אונזערטוועגן). דער דאָזיקער פערז איז אויך דער רעפריין פונם ליד, וואָס האַלט זיבן סטראָפן. עס ווערן דאָרט קריטיקירט דער מחבר (וואָס שרייבט נאָר צוליב געלט), דער דאָקטאָר (וואָס וויל ניט היילן די אָרימע אומזיסט), דער ביוראָקראַטישער שול־אינספּעקטאָר, דער צייטונג־קאָרעספּאָנדענט, דער אַדוואָקאַט און דער רעדאַקטאָר. יעדע סטראָפע ענדיקט זיך מיט אַ צורוף צו ווערן בעסער: „טו דאָס פון דיינטוועגן, אויב ניט פון אונ־זערטוועגן".

איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף אַנדערע שירים פון יענער צייט, ווייל מיר איז דאָ נאָר וויכטיק אַרויסצובריינגען אַזוי קלאָר

*) און אין דיין וויינגאָרטן איז צו ענג פאַר פּאַלמע און איילבערטבוים,
וואָרום דיסטלען און דערנער האָבן אים אָנגעפילט.

ווי איך קען, די פאַרשידענע שטרעמונגען אין מיין נשמה צוזאַ־מען מיט די עקאָנאָמישע און אַנדערע צושטאַנדן פון יענער צייט, בדי אַז וואָס ווייטער איז געקומען זאָל ווערן פאַרשטענדלאַך פאַר מיר אַליין און פאַר אַנדערע.

אין איין און דעם זעלבן גייסט פון די אָנגערופענע און טייל־וויז ציטירטע שירים איז אויך געהאַלטן אַ געדיכט, וואָס איז דער ווענדפּונקט אין מיין לעבן. דאָס איז מיין „שומר מה מלילה?“ (וועכטער, וואָס איז מיט דער נאַכט?), אָנגעהויבן אין קאָוונע און געענדיקט אין קעניגסבערג אין 1877.

ווי מיר וועלן זען שפּעטער, בין איך דורך דעם דאָזיקן שיר (אינדירעקט) געוואָרן אין דייטשלאַנד אַ סאָציאַל דעמאָקראַט מיט אַלע פּרטים און דקדוקים.



„ש ו מ ר מ ה מ ל י ל ה?" — אהרן ליבערמאַנ'ס מאַניפעסט „צו די אינטעליגענטע אידישע יונגע לייט" היילט מיך אוים פונם פעסימיזם. — דער איינפלוס פון די נביאים. — ישעיה'ס נבואה פון „באחרית הימים". — דער טעמפּל אינם האַרצן.

מיין שיר „שומר מה מלילה?" געהערט, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, צו אַ שפּעטערן פּעריאָד. נאָר אַז איך האָב אים שוין דערמאָנט אינם לעצטן קאַפּיטל, וועל איך זיך ניט האַלטן ביים כראָנאָלאָגישן סדר און דאָ עפּעס זאָגן וועגן אים.

אָבער איידער איך פאַרגעס, וועל איך דאָ נאָטירן אַ כאַראַקטעריסטישע קליינוקייט.

בלעטערנדיק אין מיין פריער דערמאָנטן ביכעלע לידער, געפין איך אַן איבערזעצונג אין העברעאיש פון שילער'ס „וועלטפאַרבעסערער". דאָס עראינערט מיך, אַז אין יאָר 1875 האָב איך אויף אַ קורצער צייט געהאַט „פאַרצווייפלט" אין די סאָציאַלע האָפנונגען, וועלכע איך האָב געהאַט מיטגעבראַכט פון „טיף־ראַסייע", און בין ערשט אינגאַנצן קורירט געוואָרן פונם פעסימיזם, ווען איך האָב האָב איבערגעלייענט (אין העברעאיש און רוסיש) מיין שפּעטערן חבר'ס מאַניפעסט — איך מיין: ליבערמאַנ'ס „אל שלומי בחורי ישראל" (צו די אינטעליגענטע אידישע יונגע לייט) — אין דעם יאָר 1876. *)

און איצט וועגן דעם שיר „שומר מה מלילה?" דאָס איז געווען דער לעצטער—דאַכט זיך, דער לעצטער—שיר, אין וועלכן מיין אָרימע מוזע האָט נאָך איר אויפמערקזאַמקייט געטיילט צווישן דער קליינער קאָוונער און דער גרויסער וועלט. דער שוין

---

*) זע אידישע איבערזעצונג אין די ביילאַגן, סוף בוך.

# ЕВРЕЙСКОЙ ИНТЕЛЛИГЕНТНОЙ МОЛОДЕЖИ.

Къ каждой честной и общеполезной дѣятельности ты готовишься къ вступленію въ жизнь и орудіемъ для осуществленія своихъ намѣреній ты избрала всемогущее знаніе. Ты полагаешь, что занявъ видное общественное положеніе и посвятивъ свои силы на служеніе теперешнему общественному строю, ты излѣчишь народъ отъ всѣхъ разъѣдающихъ его язвъ и поведешь его по пути прогресса, общечеловѣческаго развитія и счастія.

Напрасно! При теперешнемъ общественномъ строѣ возможенъ только одинъ прогрессъ, это — прогрессъ народныхъ бѣдствій. При существующихъ междучеловѣческихъ отношеніяхъ возможна только одна карьера, это — карьера народнаго эксплуататора.

Частная собственность породила противуположеніе интересовъ личности интересамъ массы; институтъ государственности, опирающійся на принципъ національности, вызвалъ подавленіе однихъ народностей другими, а институтъ религіи создалъ господство шарлатановъ и невѣжей надъ здравымъ разсудкомъ человѣчества.

Въ силу этихъ условій современнаго строя, карьера въ настоящее время развращаетъ и порядочныхъ людей. Теперешній общественный дѣятель неминуемо становится въ ряды враговъ народа, а благодѣтели народа сами высасываютъ изъ него послѣдніе жизненные соки.

И народъ начинаетъ понимать это повсюду. Начинаетъ понимать это и еврейскій народъ.

Съ мрачнымъ взоромъ и накипѣвшей злобой говоритъ онъ насѣвшей ему на шею интеллигенціи хищней и спекуляторовъ:

„Вы страшно виноваты передъ нами. — Умственное развитіе, которымъ вы такъ гордитесь, куплено нашимъ трудомъ, нашими страданіями, нашею кровью. Поколѣніе за поколѣніемъ должно было умирать въ нищетѣ и мученіяхъ, чтобы наросташіе слои труповъ образовали ту высоту, съ которой вы презрительно смотрите на насъ.

„Изъ нашего горя, изъ нашихъ страданій вы создали себѣ довольство и наслажденія, а намъ вы оставили суровую нищету, изнурительно-непосильный трудъ.

„Но это не все! Вы старались помрачить нашъ умъ схоластикой вашихъ праздныхъ толкованій; вы заставляли насъ преклоняться передъ вами, и чѣмъ больше увеличивалось ваше нравственное разложеніе, тѣмъ больше еиміаму заставляли вы насъ курить вамъ.

„Обогащенные и усиленные трудомъ и покорностью порабощенныхъ массъ своихъ единоплеменниковъ, вы направили свое хищничество и на другія народности.

„И за всѣ ваши грѣхи приходилось расплачиваться *намъ*. Вы вызывали на насъ бурю за бурею, ударъ за ударомъ! Изъ за васъ разжигалась расовая и религіозная вражда, которая обрушивалась всѣми своими ужасами прежде всего *на насъ*. Изъ за васъ истребляли тысячами нашихъ братьевъ, дѣтей народа. Благодаря вамъ, имя Израиля стало ругательствомъ повсюду. Изъ за васъ сыпались клеветы на весь страждущій, нищенствующій еврейскій народъ, который самъ страдалъ отъ вашего хищничества больше другихъ народныхъ массъ“.

Такъ смотритъ еврейскій народъ на свою интеллигенцію. И мы, дѣти нашего народа; мы, друзья всѣхъ страждущихъ массъ, говоримъ предъ лицемъ всего міра: мы отрекаемся отъ этихъ губителей рабочаго народа!

Мы отрекаемся отъ васъ, лживые святоши. Вы заковали народъ въ тяжелыя цѣпи обрядовой мелочности и традиціонной слѣпости, чтобы тѣмъ легче эксплуатировать и поработить его — вы не наши!

И вы, надѣвшіе маску европейской цивилизаціи, чтобы окончательно высосать его кровь по всѣмъ правиламъ современной культуры: вы, „просвѣщенные“ рабы золота и власти, которые еще крѣпче натягиваете петлю правительства на шею народа; вы, всемірные спекуляторы, которые затаптываете наше имя въ грязь — вы не наши! Вы отдѣлились не отъ одного своего племени, вы отдѣлились отъ всего страждущаго человѣчества. И нашъ народъ отрекается отъ васъ вмѣстѣ со всѣмъ человѣчествомъ. Безпощадную войну объявляютъ вамъ всѣ эксплуатируемыя вами народныя массы. Вы обречены на гибель!

Тебя же, молодежь, сохранившую еще честность стремленій; тебя, желающую *истиннаго* блага народу; тебя, молодая интеллигенція, которую настоящій общественный строй и его извращенная цивилизація не успѣли еще развратить въ конецъ — тебя зовемъ мы въ наши ряды, въ ряды борцевъ за благо народныхъ массъ, за благо всего человѣчества!

Мы протягиваемъ тебѣ братскую руку и зовемъ съ собою всѣхъ тѣхъ, кто дѣйствительно хочетъ служить страждущему человѣчеству.

Прочь карьера! Прочь поклоненіе преданію! Прочь поклоненіе золоту и власти! Брось все прошлое и примкни къ рабочему народу и его друзьямъ. Ему одному принадлежитъ будущее. Внѣ его — одно разрушеніе и смерть!

Мы говоримъ тебѣ: разгорается борьба среди всѣхъ народовъ земли. Пролетаріи всѣхъ странъ собираются свергнуть ярмо капитала и правительства. Страждущее человѣчество вооружается, чтобы завоевать свою свободу и свои права. Соціальная революція готовится развернуть свое красное знамя. Ея лозунгъ: Общій трудъ! общее имущество! свободный союзъ трудящихся въ братствѣ всѣхъ націй и племенъ! гибель монополіи во всѣхъ ея проявленіяхъ! гибель всѣмъ тѣмъ, кто станетъ препятствіемъ на пути всемірной справедливости!

И нашему пролетарію пора присоединиться къ этому великому движенію. И ему пора расправить наболѣвшіе члены, чтобы вмѣстѣ съ пролетаріями другихъ народовъ добыть свою долю счастія въ царствѣ всеобщаго труда и справедливости; ту долю, которую у него отняли его эксплуататоры; ту долю, которую не давала ему ненависть всѣхъ націй, вызванная этими же самыми эксплуататорами. Международное братство рабочихъ не знаетъ раздѣленія человѣчества на племена и народы; оно знаетъ только полезныхъ тружениковъ и вредныхъ общественныхъ трутней. И честные эти труженики готовятся на рѣшительный бой со своими угнетателями.

Мы говоримъ тебѣ, что и еврейскій пролетарій примкнетъ къ этому великому дѣлу, ибо чаша его страданій переполнена.

Иди же на помощь пролетарію, молодежь! На помощь тому, кому ты обязанъ своимъ развитіемъ. На помощь народу, который тебя взлелѣялъ, который своимъ потомъ и кровью купилъ все то, чѣмъ ты гордишься.

Иди въ народъ, сливайся съ нимъ, трудись съ нимъ, страдай съ нимъ, буди его, воодушевляй однихъ, укрѣпляй другихъ — и призывай всѣхъ къ великой борьбѣ противъ властелиновъ міра, противъ угнетателей пролетарія, противъ эксплуататоровъ народа.

Пусть рухнетъ старый міръ неправды и притѣсненія рабочаго люда подъ ударами борцевъ за правду и свободу! И тогда, надъ его развалинами, развѣется въ лучезарномъ свѣтѣ свободы красное знамя соціальной революціи.

*Еврейскіе соціальные революціонеры.*

[21]

רוסישער טעקסט פון ליבערמאַנ׳ס אויפרוף, געדרוקט אין לאַווראָוו׳ס סאָציאַליסטישן זשורנאַל „וופעריאָד“ (לאָנדאָן, אויגוסט, 1876).

דערמאָנטער שיר „הגנב", וואָס איז זיכער געווען באַזירט אויף איינדרוקן פון לאָקאַלע פּאַסירונגען, האָט פונדעסטוועגן שוין גע-האַט אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, אינגאַנצן פריי פון אָרטיקע רמזים, און דער שיר „למי אני עמל" איז שוין געווען אַ פול־קאָמענער קאָנסעקווענץ פון דער נייער, ברייטער, קלאָרערער וועלט־אַנשויאונג.

וועגן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן שיר, געשריבן פאַר ליבערמאַנ'ס „האמת", אָבער געדרוקט אין מיין „אספת חכמים" (קעניגסבערג, 1877), וועל איך רעדן וויטער. דאָרט וועל איך אייך דערציילן, ווי אַזוי איך בין דורך דעם דאָזיקן שיר געוואָרן אַ סאָציאַליסטישער שרייבער. דאָ וועל איך בלויז אונטער־שטרייכן, וואָס איך האָב שוין איינמאָל פריער געזאָגט, אַז מיר ווייסן אין דער אמת'ן קיינמאָל ניט אויף קלאָר וואָס מיר האָבן פאַר די אויגן בעת מיר שאַפן — מ'וועט מיר אַנטשולדיקן דעם פּרעטענציעזן אויסדרוק: איך געפין ניט אין דעם אויגנבליק קיין אַנדערן, אַלזאָ, בעת מיר שאַפן — עפּוואָס. אַזוי אויך ווייסן מיר ניט פון וואָס פאַר אַ זיווג אַ אידייע איז אויף אונזער ליטע־ראַרישן ברעכשטול, מיט אָדער אָן געבורטס־שמערצן, געקומען אויף דער וועלט.

און אין דעם „שומר מה מלילה?" פילט זיך דער—דאַן שוין כמעט פאַרגעסענער—איינפלוס פון ישעיה הנביא.

איך, וואָס האַלט זיך שוין פאַר אַ תלמיד פון פּיסאַרעוו, דאָבראָליובאָוו און ביעלינסקי, — זיי נעמענדיק אין דער נאָענט־קייט־אָרדנונג צו מיר; איך, וואָס האָב בערנע'ס פרייהייט־ליבע און טשערנישעווסקים נשמה־אַדל און אַ שיין ביסל רוסאָ און וואָלטער אין הארצן, אַזוי גוט ווי אין מוח; איך, ענדלאַך, וועלכער בין שוין אַ שני-בשלישי מיט לאַסאַל און אַ קרוב־מחמת־קרוב מיט מאַרקס, און פאַר אין דעם שאָטן פון דעם נאַר־וואָס דאָ, אין קעניגסבערג, געשטאָרבענעם יאָהאַן יאַקאָבי—איך שרייב פונ־דעסטוועגן נאָך אַלץ מיט די ווערטער און מיט דעם גייסט פון

דעם גרויסן אידישן פראָפעט, וועלכער האָט געלעבט מיט גאַנצע 2600 יאָר פריער.

ניט נאָר די קעפּל פונם שיר, ניט נאָר די גאַנצע אידייע קומט פון דעם גרויסן בן־אמוץ, נאָר כמעט אַלץ, וואָס איך שרייב אויף מיין פעדער, האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם דיכטער־פּרעדי־גער, וועלכער האָט אַריינגעדרונגען אין מיין האַרצן מיט זיין ליבע צו יתומים און אַלמנות און אַנדערע אַנטאַרבטע און באַרויבטע — אַ שטייגער ווי „זי, עליה השלום“! *) — און מיט זיין האַס צו אַלץ, וואָס איז רויב, מאָרד און באַטרוג, אונטער וואָס פאַר אַ מאַסקע דאָס זאָל ניט פאַראַדירן.

האָב איך צו פאַרדאַנקען, הייסט דאָס, אים און, ווי איך פאַרשטיי איצט, ניט אים אַליין, נאָר אויך עמוס און הושע פאַר אים, און מיכה המורשתי נאָך אים, הגם ניט אין אַזאַ הויכן גראַד. איך האָב זיי געלערנט ניט ווי אַן אַנדער קינד.

אין אים זע איך היינט דעם אוטאָפּיסט־אידעאַליסט, וועלכן קיינער האָט ניט איבערגעיאָגט, און זייער ווייניקע, אפילו צווישן מאָדערנע ראַדיקאַלן, האָבן דערגרייכט אין דעם פּרט פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג צווישן פעלקער און ראַסן אַלס צוקונפטס-אידעאַל.

די נבואה, אַז „באחרית הימים“ (אין שפּעטערע צייטן) וועלן די פעלקער צעברעכן זייער כלי־זיין און וועלן פון מאָרד־געצייג מאַכן קאָסעס און פעלד־אַקער אינסטרומענטן, און ס'וועט זיך פאַשן אין פרידן דער וואָלף מיטן שעפּס, דער לעמפּערט מיט דער ציגעלע א. אַ. וו., דערגייענדיק אין דער דאָזיקער האַרמאָניע-אילוזיע ביז צו דער הויכער מדרגה, אַז אַ קינד, אַ קליין אינגל וועט זיי פירן, — די דאָזיקע נבואה האָט וואַרשיינלעך שטאַרק באַאיינפלוסט מיין יוגנטלאַכע טעטיקייט פיל שטאַרקער ווי איך אַליין וואָלט זיך פאַרגעשטעלט.

און, איר וועט מיר דערלויבן זיך אויף די עלטערע יאָרן

---

*) ווינטשעווסקי'ס „באָבע־צילה“ (זע אויבן, אין צווייטן קאַפּיטל).

אזוי ווייט צו פאר'חלומ'ען אויפן וואָר, וועל איך אייך זאָגן, אז ביי מיר איבערזעצט זיך היינט צייטנווייז בן־אמוצ'עס פּראָפּע־צייאונג וועגן דעם, וואָס וועט געשען אין „שפּעטערע צייטן", אומגעפער אזוי:

„פּאַרטיק וועט זיין אין זיין דערהאַבנקייט דער ג י י ס ט י ־ ק ע ר הר־המוריה פונם אידישן פאָלק, הויך איבער אַלע בערג.

און עס וועלן זיך צו אים ציען אַלע פעלקער און עס וועלן צו אים גיין פילע נאַציאָנען און וועלן זאָגן:

„לאָמיר דערשטייגן דעם געטלאַכן באַרג — אַ שטייגער אַזוי הויך ווי זיין שפּינאָזאַ, אַזוי פריי פון נעבל־וואָלקן, וואָס שטערן דער ראיה, ווי זיין מאַרקס — ווייל פון דעם דאָזיקן גייסטיקן ציון קומט צו די פעלקער אַלע די גרויסע לערען און פון דעם גייס־טיקן ירושלים די פעלקער־פאַרברידערונג".

דעם געמלאַכן „הר־המוריה", לאָמיך באמערקן, וועלכן מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך, ארויסגייענדיק אין גלות, און האָבן ארומגעטראָגן איבער וועלדער און פעלדער און גרויסע ימים, דורך טויזנטער יאָרן, אפּט האלב דערשטיקט אונטער דער שוואַ־בער משא, אָפּטער דורך אים גופא באשיצט קעגן אַן אויסגוס פון שוועבל און פעך, ווי אין די צייטן פון סדום און עמורה, אין צייטן וועגן דער הימל—אזוי האָט עס אויסגעזען—האָט פייער ארונטער־גערעגנט, און דער תהום האָט פייער ארויפגעשפּיגן.

צוזאמען מיטן כותל מערבי האָבן מיר דאָרטן איבערגעלאָזן ניט מער ווי אַ חורבה. דעם טעמפּל אליין האָבן מיר ביי זיך, אין זיך.



**ס ע נ ד ע ר פ אָ ר ט, דער קאָוונער שטאָט־אפיקורס. — „אסף הכהן“. — דער גרעסטער ליגן. — משה לייב ליליענ־בלום.—אברהם מאַפּו'ס „פּובליקום“.—פּייגע נאָוואָכאָוויטש, ליליענבלום'ס געליבטע. — ליליענבלום'ס אפיקורסות און קאָסמאָפּאָליטיזם.**

דעם סאָציאַליזם, וואָס איז אין אָריאָל שטענדיק געווען פאַר מיינע אויגן, כאָטש אין אַ ניט גרויסן קרייז און ניט אין קיין גרויסער באַוועגונג, האָב איך אין קאָוונע אינגאַנצן ניט געזען. פון אַ פּאָר פון מיינע דאָרטיקע חברים האָב איך געהערט, אַז דאָרט איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ זון פון דעם אָפיציעלן קאָוונער שטאָט-אפיקורוס—סענדער פּאָרט—אַ יונגערמאַן, וואָס איז גע־ווען באַקאַנט אפילו צו די פּאָליציי־באַאַמטע ווי אַ סאָציאַליסט. נאָר ער איז געשטאָרבן עטלאַכע חדשים פריער איידער איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין אָריאָל.[23] ער האָט געהאַט תלמידים, נאָר איך האָב זיי ניט געפונען.

סענדער פּאָרט ווערט געשילדערט אין ליליענבלום'ס וידוי „חטאת נעורים“ אונטערן נאָמען אסף הכהן. „אסף“ באַשטייט פון די ערשטע בוכשטאַבן פון זיין נאָמען (אַלכסנדר ס'ענדער פּ'אָרט). ער האָט געצויגן זיין חיונה פון שיקן ברייוו פון קאָוו־נע קיין ווילנע, וואָס דאָס איז געווען געגן געזעץ. כ'האָב זיך אַלע מאָל געוואונדערט, פאַרוואָס זיינע שונאים צווישן די פרומאַקעס האָבן אים ניט גע'מסר'ט. בפרט, אַז ער האָט די ברייוו ניט גע־שיקט דורך אַ ספּעציעלן שליח, נאָר דורך אַ צופעליקן רייזנדן, וואָס פלעגט נעמען דאָס פּעקל ברייוו פון סענדער פּאָרט'ס הויז אין קאָוונע און זיי איבערגעבן צום שליח פון אַנדערן צד, קומענדיק אויפן וואָקזאַל אין ווילנע. ס'איז דערפאַר געווען לייכט

פאר יענעם רייזנדן צו ברענגען די בריוו דירעקט אין דער פאָלי־ציי פון אונזער שטאָט, כדי צו פארקלאָגן דעם פארהאסטן „סענ־דערקע" פאָרט. אויב מ'האָט עס ניט געטאָן צוליב דעם, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ מסירה אויך אויף די שיקער, ווייס איך ניט. אפשר איז דאָס געווען די סיבה און אפשר זיינען די קאָוונער פרומאַקעס געווען אָנשטענדיקערע מענטשן ווי זייערע ברידער אין אַנדערע שטעט און האָבן אפילו אַן אפיקורוס ניט געוואָלט איבערגעבן אין „גוי'אישע הענט".[24]

פאר מיר איז סענדער פאָרט געווען אַ וואונדער פון מיין קינדהייט אָן. ער האָט עפנטלאַך מחלל שבת געווען, ער פלעגט אַרומשפאצירן שבת איבער קאָוונער גאַסן מיט אַ שטעקן און קיי־נער האָט אים אַ וואָרט ניט געזאָגט. עס האָט אויסגעזען ווי דער עולם וואָלט אויף אים אַוועקגעמאַט מיט דער האַנט און באַ־שלאָסן: זאָל ער לויפן... עס וועט קומען זיין טאָג... ער וועט אליין „אַוועק'פּגר'ן".

אין קאָוונע פלעגט מען פון סענדער פאָרט דערציילן אַלער־ליי נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע מעשיות. עס האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז דער ימח־שמו'ניק עסט טשוועקעס מיט חלב, אַבי נאָר צו טאָן להכעיס דעם בורא־ברוך־הוא. מען האָט דערציילט און געגלויבט, אַז „סענדערקע" האָט זיך מיט אים, כביכול, גערייצט ביים פסח־סדר, געברויכנדיק געגן רבונו־של־עולם זייער גראָבע ווערטער.

פון אים, „סענדערקע'ן", פון „מאַפּקע'ן" (אברהם מאַפּו) און פון שאַפּירקע'ן דעם אַפּטייקער איז געגאַנגען אַזאַ מין מעשה:

ויהי היום, איז זיך צונויפגעקומען שאַפּירקע מיט מאַפּקע'ן, מיט אים דער עוכר. איז ער, ימח שמו, האָט זיך אָפּגערופן צו די אַנדערע ביידע כל־בו'ניקעס און האָט געזאָגט: „חברה! לאָמיר זאָגן ליגן, און ווער עס וועט זאָגן דעם גרעסטן ליגן, איז, הייסט עס, הרי זה משובח".

האָבן זיי איינגעשטימט. האָט מאַפּקע געזאָגט דעם ערשטן ליגן; מאַכט ער:

— משיח וועט קומען!
רופט זיך אָפּ שאַפּירקע און זאָגט:
— מ'וועט אויפשטיין תחית המתים!
— שאַט! — שרייט ער אויס, — רעדט ניט, גאָט הערט!
„ער“, דאָס איז געווען סענדער פּאָרט. אזא פּאָרט איז אין



**אברהם מאַפּו („מאַפּקע דער אפיקורס“)**

יענע צייטן געווען אומעטום, יעדער שטאָט האָט זיך געהאַט איר אפּיקורס, איר וויצלינג, איר שטאָט-באַק, איר משוגע'נעם.[25]

סענדער פּאָרט'ס הויז איז געווען אַן אָרט, וואו יונגעלייט פלעגן זיך צוזאַמענקומען און וואו היציקע דיסקוסיעס פלעגן פאָר־קומען כמעט יעדן טאָג. דער אַלטער, ווען איך בין מיט אים באַ־

קאַנט געוואָרן, איז שוין געווען קראַנק צום שטאַרבן. ער האָט זיך קוים, קוים געהאַלטן, און ווען זיין טויט איז צוויי יאָר שפּעטער געקומען, האָט יעדער אמת'ער פריינט דאָס געהאַלטן פאַר אַ באַפרייאונג פון שרעקלאַכע ליידן.

דער דאָזיקער פּאָרט האָט געהאַט אַ געוויסן איינפלוס אויף מיין לעבן, אָבער ניט קיין זייער גרויסן. אַ גרעסערע ראָלע אין מיין אַנטוויקלונג (אַלס סאָציאַליסט און שרייבער) האָט געשפּילט זיין הויז — דאָס איז געווען פּאָרט'ס הויז, וואו איך האָב געקראָגן צו זען ליבערמאַנ'ס „מאַניפעסט צו די אידישע יונגעליים", דאָס הייסט, די ערשטע סאָציאַליסטישע שריפט אין העברעאיש. אויך איז דאָס געווען פּאָרט'ס הויז, וואו איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דעם מאַן, וועלכן איך האָב אויבן דערמאָנט, מיט משה לייב ליליענבלום, אַ יאָר שפּעטער.

אין הויז פון סענדער פּאָרט, דער אָפיציעלער קאָוונער שטאָט־אַפּיקורוס, האָב איך אין יאָר 1875 געהערט רעדן פון אַ מערקווירדיקן מענטשן.

סענדער פּאָרט, וואָס האָט מיך ליב געהאַט ניט ווייניקער ווי ער האָט געליבט זיין איינציקן זון, פלעגט אַ סך רעדן פון דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס איז שוואַך אין קערפּער און שטאַרק אין גייסט. אַ גרונט־ערלאַכער מאַן, וואָס ליבט דעם אמת, און איז גרייט צו גיין דערפאַר אויף מסירת־נפש. אַ מאַן, וועלכן די פאַנאַטישע פרומאַקעס פון זיין שטאָט פאַרפאָלגן פאַר זיין אמת, נאָר ער שטייט אייזן־פעסט און גיט ניט נאָך אַ האָר פון זיינע פּרינציפּן.

ווי הייסט ער, דער דאָזיקער מאַן?

זיין נאָמען איז משה לייב ליליענבלום פון ווילקאָמיר, קאָוונער גובערניע. ער איז דער פאַרפאַסער פון אַ קליינעם ביכל מיט אַ רייכן אינהאַלט „קהל רפאים" (מתים־געמיינדע — אַ פיינע סאַטירע אין פערזן, וועלכע איז דערשינען אין יאָר 1870). אחוץ דעם האָט ער געשריבן אַרטיקלען אין „המליץ", וועגן „רעליגיע און לעבן", וואָס האָבן אויפגערודערט די „וועלט".

פון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבן צו לייענען מיט גרויס אַנטוזיאַזם אַלץ, וואָס איז אַרויס פון ליליענבלום׳ס פּעדער, אפילו קליינינקייטן און פּראָיעקטן צו רעפאָרמירן די אידישע רעליגיע, וואָס האָבן אין מיינע אויגן קיין שום ווערט ניט געהאַט. אין יענער צייט בין איך שוין געווען אַ „כופר בעיקר“, און ליליענבלומ׳ס אפיקורסות, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט, למשל, מיט זוכן אַ היתר, אַז מען מעג עסן אַ געוויסן סאָרט אַרבעס אום פּסח, האָט מיר אויסגעזען אַלטמאָדיש, אָפּגעלעבט. וואָרים כאָטש איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ סאָציאַליסט, געקענט אויסוויינינק רע־וואָלוציאָנערע (רוסישע) לידער; געליינענט טשערנישעווסקי׳ס ווערק א. ד. גל., געפילט טיפן מיטלייד פאַר אַלע אָרימע און עלנ־טע, — האָב איך דאָך ניט באַגריפן, צו וואָס ליליענבלום צילט, און ניט פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע פון מעגן עסן אַ געוויסע תבואה אום פּסח איז געווען אַ לעבנספראַגע פאַר די אידישע אָרימע לייט, וואָס האָבן ניט געהאַט גענוג מצה צו עסן.

איך האָב שוין אויבן דערציילט, אַז סענדער פּאָרט איז גע־ווען אַ גרויסער חולה און אין יאָר 1877 האָט ער אָפט געהאַלטן ביים שטאַרבן, כאָטש ער פלעגט זיצן אין זיין שטול און אַמאָל אויך אַרויסגיין אין דרויסן. איך פלעג קומען אין זיין הויז יעדן טאָג, אים „מבקר־חולה“ זיין. פּאָרט האָט געליטן גרויסע יסורים און קיינער פון אונז (מעגלאָך, אויך דער דאָקטאָר אין כלל) האָט ניט געוואוסט, צי זיין קראַנקהייט איז היילבאַר. זיין ווייב, אַ פּשוט׳ע אידישע טאָכטער, האָט שטאַרק געגלויבט אין איר מאַן, כאָטש ער האָט אין קיין זאַך ניט געגלויבט. זי איז געווען אַ פרומע אידענע און איר גרעסטער חטא אין אירע אויגן איז געווען, וואָס זי האָט אַמאָל אויסגעהערט אברהם מאַפּו׳ן, ווען ער פלעגט פאַר איר פאָרלייענען שטיקלעך פון זיינע ראָמאַנען, וואָס ער האָט אין יענער צייט געשריבן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען קיין העב־רעאיש, און מאַפּו פלעגט פאַר איר איבערזעצן אויף אידיש, וואָס אמנון האָט געזאָגט און וואָס תמר האָט געענטפערט, וואָס עזריקם האָט געראָטן און וואָס תרצה האָט געטאָן א. א. וו. פּאָרט

פלעגט זיך וויצלען, אַז מאַפּו נויטיקט זיך אין אַ „פּובליקום“, וואָס זאָל אים אויסהערן מיט רעספּעקט, און זיין ווייב איז מאַפּו'ס „פּובליקום“.

איין טאָג, בין־השמשות־צייט, ווען איך בין אריין אין פּאַרט'ס הויז און צוגעקומען צום חולה, האָט ער מיך אויפגענו־מען מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט. אנטקעגן אים איז גע־זעסן אַ פרעמדער, און ווי עס שיינט האָט פּאַרט מיט אים גע־רעדט וועגן מיר.

— הער ליליענבלום, הער נאָוואָכאָוויטש! — האָט דער קראַנ־קער אונז פאַרגעשטעלט און אויף זיין פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ צופרידענער שמייכל.

מיין נאָמען—מיין דאַזיקער אמת'ער נאָמען, וואָס איז מיר היינט כמעט פרעמד, ווייל איך האָב זיך מיט אים ניט אָנגערופן אַרום פופציק יאָר, האָט דעמאָלט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף מיין נייעם באַקאַנטן. ערשט עטלאַכע טעג שפּעטער, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן זען איינער אין דעם אַנדערן אַ פריינט און אַ חבר, האָט מיר ליליענבלום פאַרטרויט, אַז מיין נאָמען, וועלכן ער האָט צייטנווייז באַגעגנט אין „המגיד“, איז אים געווען ליב נאָך איידער ער האָט זיך מיט מיר באַקאַנט פערזענלאַך.

— דיין נאָמען איז ווי איר נאָמען — האָט ער באַמערקט מיט אַ שטילן זיפץ. ער האָט געמיינט זיין געליבטע פייגע נאָ־וואָכאָוויטש, די „פריילין פ. נ.“ פון זיין בוך „חטאת נעורים“ (יוגנט־זינד) — אַן אויטאָביאָגראַפיע, וועלכע האָט ניט איר גלייכן אין אונזער ליטעראַטור.

אין יענער צייט האָט ליליענבלום, ווי אים האָט זיך געדוכט, אונטערדריקט זיינע געפילן און זיך „איינגאַנצן“ באַפרייט פון זיין שטאַרקער ליבע צו דער פריילין פ. נ. נאָר דער אמת איז, אַז גראַד דעמאָלט איז זיין ליבע צו איר געווען זייער שטאַרק. דער פאַקט איז, אַז ווען מיר פלעגן שפּאַצירן מייל־ווייט אויף די אַלעקסאַנדער בערג, אויף יענער זייט פון קאָוונע, פלעגט ליליענ־בלום נאָכאַנאַנד רעדן פון איר און דערביי זיך סטאַרען צו מאַכן

דעם איינדרוק, אַז דאָס, וואָס האָט פּאַסירט אין זיין לעבן, איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן ווי אַ פאַרבייגייענדיקער חלום, אַז אין זיין צעבראָכן האַרץ איז ניטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר געפילן פון ליבע. נאָר איך האָב געפילט, אַז דער דאָזיקער ריינער ערלאַכער מענטש, וועמען עס זיינען געווען פרעמד ליגן און פאַלשקייט, נאַרט זיך און מיך יעדעס מאָל, ווען ער רעדט פון איר. באַזונדערס האָב איך עס געפילט אין דעם אופן, ווי ער פלעגט אויסרעדן מיין נאָמען (נאָוואָכאָוויטש), און אין דעם דערמאָנען אים צופיל, ניט ווי זיין שטייגער צו קאַרגן מיט ווערטער, זייענדיק אַ שטאַמלער. עס איז געווען לייכט צו זען, אַז ער האָט הנאה פון די יסורים, וואָס עס פאַראורזאַכט אים דאָס דערמאָנען דעם נאָמען פון זיין געליבטער. יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך אָנגערופן מיט איר נאָמען. עס איז מיר געווען קלאָר, אַז ער פירט נאָך אַ דעפענסיווע מלחמה אין זיין האַרצן, אַז ער פלייסט זיך צו קאָנטראָלירן זיינע געפילן, נאָר ניט אַלעמאָל געלינגט עס אים. ער האָט געוואוסט, אַז אויך זי, די געליבטע פון זיין האַרצן, ליבט אים נאָך. ווי מען האָט מיר שפּעטער דערציילט, איז פייגע נאָוואָכאָוויטש געבליבן אומפאַרהייראַט איר גאַנץ לעבן.

דער ליליענבלום פון יענער צייט איז אַלט געווען אַ יאָר דריי־און־דרייסיק, אַלזאָ אַן ערך מיט דרייצן יאָר עלטער פאַר מיר.

אַזוי ווי „ערלאַכקייט” איז דעמאָלט געווען ביי מיר וואָס מען רופט אַ פיקס־אידייע, אַ זאַך, וואָס איז מיר כמעט ניט אַרויס פון דעם געדאַנק, ניט אויפן וואָר, ניט אין חלום, האָט ליליענבלום, ווי ער האָט צו יענער צייט אויסגעזען, גלייך פאַרנומען דעם אויבנאָן אין מיין האַרצן.

ניט הויך געוואַקסן, ניט ברייט אין די אַקסלען, מיט איינגעזונקענע אויגן און, דאַכט זיך, רויטלאַכע האָר, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ קליינשטעטלדיקער מלמד'ל, וואָס האָט מורא פאַרן ווייב, האָט בושה פאַרן באַהעלפער און פרייט זיך, אויב אינגלאַך לאָזן אים צורו.

אין אמת'ן האָט דער דאָזיקער מאַן געהאַט ניט נאָר דעם

קוראַזש זיך כמעט מוסר־נפש צו זיין, נאָך אויך די סאַמע־לוסט, וועלכע ברייננט אַזאַ קוראַזש ארויס.



משה לייב ליליענבלום, אין 1877

איידער ער איז געקומען קיין קאָוונע (די „עיר גדולה" פון „חטאת נעורים") האָט אים די ווילקאָמירער אידישע שוואַרץ־מאַה אַזוי פאַרפאָלגט, אַז עס האָט ניט פיל געפעלט ער זאָל ניט דערלעבן צו דערציילן די מעשה.

אָבער ניט וועגן דעם סאָרט קוראַזש דיינק איך איצט. כאַ־ראַקטעריסטישער פאַר ליליענבלום'ען זיינען די פאָלגנדע עטלאַכע אומבאַדייטנדע קלייניקייטן:

ווען ער איז אָנגעקומען אין קאָוונע, איז ער, נאַטירלאַך, גע־ווען אַ גרויסער קבצן. ער איז דערפאַר אריינגעפאָרן אין יאַנאָווער אכסניה, איינע פון די אָרימסטע אין שטאָט.

עס קומט אָן דער שבת קודש. ליליענבלום גייט נאַטירלאַך ניט דאַווענען, און דאָס גייט נאָך ווי־עס־איז דורך. די אורחים און דער בעל־אכסניה זיינען אָבער געקומען פון שול (פרייטאָג־צו־נאַכט), האָבן זיך אָפּגעגעסן, אָפּגעזונגען זמירות און געלייגט שלאָפן.

ליליענבלום שלאָפט ווייניק. ער זיצט ביי אַ ספר.

מיטאמאָל ווערט אַ מהומה. דער באַלעבאָס כאַפּט אים אָן, אַרומטראָגנדיק פון איין צימער אין דעם אַנדערן אַ לייכטער מיט ברענעדיקע ליכט.

— גאָט־אין־מיט־אייך! — שרייט ער, — ר׳ איד, וואָס טראָגט איר עפּעס אַ ליכט אום שבת?

— איך דאַרף! — ענטפערט ליליענבלום און גייט רואיק ווייטער.

משמעות האָט מען אים דאָרטן געהאַלטן פאַר גאָר פּשוט משוגע, אַ־ניט וואָלט זיין לעבן געווען אין געפאַר.

אין ווילקאָמיר נאָך בעט זיך ביי אים אַ קרוב, ער זאָל צוליב טאָן „דער וועלט" און גיין דאַווענען.

— עס איז ניטאָ צו וועמען — ענטפערט ער.

ווען ער איז געווען אַ קורצע צייט אין קאָוונע, בין איך שבת ביי טאָג מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן אויפן באַרג אין אַלעקסאָט.

מיר האָבן זיך לאַנג אונטערהאַלטן. מיטאַמאָל זע איך, ווי ער נעמט אַרויס אַ פּעקל טאַבאַק מיט פּאַפּיר און נעמט מאַכן אַ סיגאַרעט. איך, וועלכער האָב נאָך דאַן ניט געהאַט געראויכערט און בין געווען אַן אפיקורוס מער אין געדאַנק, ווי אין דער טאַט, בין פאַרוואונדערט געוואָרן. אין אונזערע מקומות, אין יענע צייטן רויכערן אום שבת, האָט אַ איד געדאַרפט שטעלן זיין לעבן אין געפאַר, כדי דאָס צו טאָן אפילו אין וואַלד.

— האָט איר דאָס גאָר קיין מורא ניט? — האָב איך אים געפרעגט.

אַנשטאָט צו ענטפערן, האָט ער, געריינק איך, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און, אָנרייבנדיק אַ שוועבעלע, האָט ער פאַררויכערט זיין פּאַפּיראָס.

עס איז קיין גוזמה ניט צו זאָגן, אַז ליליענבלום איז דעמאָלט געווען דער זויבערסטער, ערלאַכסטער, כאַראַקטער־פולסטער אי־דישער שרייבער.

זיין גאַנג, זיין בליק, זיין העברעאישער סטיל, זיין רעדן וועגן זיך און וועגן אַנדערע — אַלץ האָט געוויזן אַ פּראָטעסט און אַן

אויפריכטיקייט, וועלכע ס'איז שווער צו טרעפן, ספּעציעל צווישן אונזערע „מחברים“.

כדי צו דערטרינקען זיינע יסורים פון ליבע אינם „ים פון פאַרגעסנהייט“, איז משה לייב ליליענבלום דעמאָלט געווען פּיי־איק זיך אַנצושליסן אַן וועלכער־עס־איז באַוועגונג, און איז געווען מסוגל אפילו צו זיין אַ סאָציאַליסט, כאָטש ניט קיין מאַרקסיסט — פּשוט, ווייל עס זיינען נאָך ניט געווען קיין מאַרקסיסטן, ניט נאָר צווישן אונז, נאָר אויך ניט צווישן די גענאָסן אין דייטש־לאַנד. עס איז געווען דעמאָלט מאַרקס, נאָר ניט קיין מאַרקסיזם, ווי מען פאַרשטייט דאָס היינט. אַזוי איז אויך ליליענבלום קיינ־מאָל ניט געווען קיין ניהיליסט. דער עכטער ניהיליזם האָט אויפ־געהערט עקזיסטירן זינט דעם יאָר 1873, דאָס מיינט: זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ (פאָלקס־פרייהייט), און ווער עס איז פריער געווען אַ ניהיליסט, פון דעם באַזאַראָוו־טיפּ אין טורגעניעוו'ס „טאַטעס און קינדער“, לויטן פּירוש פון פּיסאַרעוו, איז געוואָרן אַ פאָלקס־סאָציאַליסט און אוועק „אין פאָלק“.

ליליענבלום איז אַ געוויסע צייט געווען אַ קאָסמאָפּאָליט, נאָר קיינמאָל ניט קיין אַסימילאַטאָר. זיין קאָסמאָפּאָליטיזם איז געווען דער אויסדרוק פון אַ שטאַרקן שטרעבן צו ווערן דערצויגן פון דאָס ניי אויף די יסודות פון דער אייראָפּעאישער קולטור, צו דערלערנען די לאַנדסשפּראַך און אַנדערע שפּראַכן, לעבעדיקע און טויטע. אָט אויף דעם אופן האָט זיך ליליענבלום דערוויי־טערט פון זיין פאַרגאַנגענהייט אין די דאָזיקע יאוש־וואָכן, ווען ער איז געקומען צום שלום, אַז עס איז ניטאָ קיין אויסוועג פון דער דילעמע—פון איין זייט זיין ליבע צו דאָס מיידל, צו וועל־כעס עס האָט געהערט זיין האַרץ, און פון דער צווייטער זייט, זיין פליכט צו זיין ווייב און קינדער. די פאַרפאָלגונגען פון די פאַנאַטיקער זיינען נאָך געווען ווי אָפענע וואונדן אין זיין האַרצן. די מענטשן ווידער פון דער „נייער שטאָט“ (אָדעס) האָט ער געהאַלטן, ווי ער האָט מיר געשריבן, פאַר „ריינע לעפּצן און

אומריינע הערצער“. און אזוי איז זיין „אידישקייט“ אביסל אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן און ער איז געוועזן אינם צושטאַנד פון אַ מענטשן, וואָס האָט פאַרלאָרן דאָס אַלטע און זיך נישט צוגעפאַסט צו דעם נייעם. די אידן זיינען פאַר אים געוועזן דעמאָלט, און אפשר ביזן יאָר 1880, נישט מער און נישט ווייניקער ווי סתּם מענטשן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַלערליי מינים, פון אַלע ריכטונגען און אַלע מיינונגען.

און איך געדיינק, ווי איין מאָל, שפּאַצירנדיק אויסער דער שטאָט, ווען מיר זיינען געגאַנגען און געשמועסט איבער פראַגן פון רעליגיע און נאַציע, האָב איך באַמערקט, אַז ביי מיין גאַנצער ליבע צום מענטשלאַכן געשלעכט אין אַלגעמיין, קען איך נישט זאָגן, אַז מיר איז אַלץ־איינס אויב, למשל, מען פירט צו דער תליה אַ אידן אָדער אַ נישט־אידן.

— מיר איז אַלץ־איינס — האָט מיר געענטפערט ליליענבלום מיט זיין איינפאַכקייט און תּמימות, נישט אַרויסנעמענדיק דעם פּאַפּיראָס פון מויל.

אָבער איך האָב דעמאָלט געפילט, אַז „נישט ער רעדט דאָס, נאָר זיינע יסורים רעדן אין אים“. זיין ליבע צו זיין פאָלק האָב איך אַרויסגעלייענט פון אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן אויך אין דעם דאָזיקן פּעריאָד, און אין מיין הארצן איז נישט געוועזן קיין ספק, אַז ער וועט רעדן אין דעם טאָג אַנדערש, ווען עס וועט פאַראיבערגיין זיין רויש און זיין יאוש.

און ווייל אין יענער צייט, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, איז מיין סאָציאַליסטישע טעטיקייט באַשטאַנען אין זוכן צו טאָן פּראַקטישע אַרבעט (די געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנטווערקער), האָב איך נישט פיל גערעדט מיט ליליענבלום'ען אין די זעקס טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין קאָוונע, און נישט געוואוסט פון דער ענדערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין זיין געדאַנקען־גאַנג. ערשט עטלאַכע וואָכן שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין קעניגסבערג, פּרייסן, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז משה לייב ליליענבלום ציילט זיך צווישן אונזערע חברים.

ווי מען קען זען פון זיין בוך „דרך תשובה“, האָט ער גע־נומען אָפּשייד פון אונז—סענדער פּאָרט און מיר—דעם 20טן יוני, און זיין בריוו צו מיר, וועלכן ער גיט איבער אין דעם דער־מאָנטן בוך, איז באַצייכנט דעם 22טן יולי. 26) אין יענער צייט איז משה לייב ליליענבלום שוין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט לי־בערמאַנ'ען, דורך צבי שערשעווסקי'ן אָדער דורך יהל"ל'ן. נאָר איך האָב דערפון ניט געוואוסט, ווען איך האָב מיט אים פאַר־בראַכט אין קאָוונע. דערפאַר קען איך ניט רעדן וועגן זיין גייס־טיקן צושטאַנד פון יענער צייט. אַז עפּעס פון סאָציאַליסטישן אידעאַל איז שוין דעמאָלט געווען אין ליליענבלום'ס האַרץ — האָב איך פאַרשטאַנען שפּעטער, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אונזער שמועס וועגן דעם ניהיליזם פון פּיסאַרעוו, ווי דאָס ווייזט זיך אַרויס פון זיין קריטיק איבער „פאָטערס און קינדער“ און אין אַנדערע שטעלעס. איך געדיינק, אַז איך האָב באַמערקט צו לי־ליענבלומ'ען, אַז לויט מיין מיינונג איז פּיסאַרעוו געווען אַ ניט קאָנסעקווענטער נאָכפאָלגער פון טשערנישעווסקי'ן. משה לייב ליליענבלום האָט איינגעשטימט מיט מיר און צוגעגעבן:

— פּיסאַרעוו איז בכלל ניט קיין טיפער מענטש: ער איז מער ריידער ווי דיינקער. און תיכף האָט ער צוגעגעבן אויף רו־סיש: „וואָדיאַניסט“ (אַ וואַסערדיקער).



דער „הקול". — מיין אַנטירעליגיעזער פאַנאַטיזם. — „על ה' ועל משיחו". — פּאָרט געגן ליליענבלומ'ס פּשרה. — ווי איך בין מקבל־פּנים דעם „הקול". — מיכאל לוי ראַדקינס־זאָן. — צוויי אַנעקדאָטן.

מיט דעם „הקול", די צייטונג, וועלכע האָט, ווי מען וועט זען, געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין מיין לעבן, בין איך באַקאַנט גע־וואָרן נאָך איידער איך בין אָנגעקומען אין קעניגסבערג.

דאָס איז געווען אין קאָוונע און אויך אין סענדער פּאָרט'ס הויז. עמיצער האָט אַהין געבראַכט דעם ערשטן נומער פון יענער צייטונג, און די נאָענטסטע עטלאַכע טעג האָב איך כמעט פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט. די יונגע לייט און יונגע „דאַמען", גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, וועלכע האָבן אַביסעלע פון מיר געהאַלטן, — ווער צוליב מיין טיף־ראַסיישן אַקצענט, ווער צו־ליב מיינע סאַטירישע קופּלעטן (אין רוסיש, רבותי!), ווער צוליב מיינע העברעאישע געדרוקטע און ניט־געדרוקטע שירים — האָבן דעמאָלט, ווען דער „הקול" איז אין אונזער קרייזל דערשינען, ערנסט אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז איך בין ניט ביים זינען. אַזוי אויפגערעגט בין איך געווען שיינע עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד.

כדי דעם עסק קלאָר צו מאַכן, איז נויטיק אַ שטיקעלע באַ־קאַנטשאַפט מיט מיין אפּיקורסות פון יענער צייט.

מאַקאָליי זאָגט ערגעץ־וואו וועגן דעם דיכטער שעלי, זיין לאַנדסמאַן, אַז דער אַטעאיזם איז ביי אים געוואָרן אַ רעליגיע. ביי מיר, און ניט ביי מיר אַליין אין יענע צייטן, איז דער ניט־גלויבן און דער האַס צו יעדער אמונה דערגאַנגען צו דער העכ־סטער מדרגה פון פאַנאַטיזם. עס פלעגט מיר זיין שווער פאַר־בייצוגיין אַ בית־מדרש, ניט קריצנדיק מיט די ציין פאַר כעס,

קוים פלעג איך דערהערן דעם קול פון מענטשן, וואָס דאַרפֿן אָדער לערנען אַ בלאַט גמרא. מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז באַשטאַנען דערין, צו באַווייזן, אַז משה האָט ניט געשריבן די תורה, אַז יהושע האָט ניט אָפּגעשטעלט די זון מיט דער לבנה, אַז דוד איז ניט געווען קיין פיינער מאַן און זיין זון שלמה ניט שטענדיק אַ חכם; צו געפינען פגימות אין תורה, אַ פאַלשן חשבון אין דעם סדר־הדורות און טויזנט אַנדערע חסרונות און פאַלשקייטן אין דער ביבל, ניט האָבנדיק געהערט ניט פון ראָבערט אינגערסאָל, דעם אַמעריקאַנער, ניט פון טשאַרלז ברעדלוי, דעם ענגלענדער, ניט פון דזשאָן מעסליע, דעם פראַנצויז, און אַנדערע אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע אפיקורסים. אייזערקע ליאַכאָווסקי, ·דער סטויבצער כופר־בעיקר, יאָסל פּריים, דער „מופקר" פון ראסיין, און אונזער אייגענער סענדער פּאָרט זיינען געווען די איינציקע קעמפער קעגן דער אמונה, וועלכע זיינען מיר געווען באַקאַנט, דאָס הייסט, די וויכטיקסטע פון די, וועלכע דער קעלמער מגיד און אַלע ווייבער פלעגן שעלטן מיט טויטע קללות.

אַרום יענער צייט האָב איך אויפגעשריבן אַ גרויסן אפיקורסישן שיר, וועלכער האָט געהייסן „על ה׳ ועל משיחו" (אויף גאָט און אויף זיין געזאַלבטן). דעם שיר האָב איך געווידמעט דעם קאָוונער שטאָט־אפיקורוס, סענדער פּאָרט. דאָס איז געווען באַלד נאָכדעם ווי עס האָט זיך געגרינדעט די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנטווערקער, און איידער איך האָב געשריבן יענעם שיר, וואָס איך האָב פאַרגעלייענט פאַר ליליענבלום׳ען.

אַלס מאָטאָ צו מיין שיר האָב איך אָפּגעשטעלט דאָס גמרא־ווערטל „מלכותא דארעה כעין מלכותא דרקיע" (די רעגירונג פון דער ערד איז ווי די, וואָס אויפן הימל). מיין אַבזיכט איז געווען צו באַווייזן, אַז פּונקט אַזוי ווי די הימלישע מלוכה איז געבויט אויף אמונה, אַזוי האַלט זיך אויך די ערדישע אויפן גלויבן.

אין אַ גרויסן שיר, איבער צוואַנציק פערזן, האָב איך געשילדערט דעם רבונו־של־עולם׳ס ממשלה און איר פאַרגליכן מיט

דער רעגירונג פונם צאר אלעקסאנדער דעם צווייטן, און איך בין געקומען׳ צום אויספיר, אז ווען ניט די אמונה אין זייביידן, וואלטן זיי כלל ניט עקזיסטירט...

די גרונט־אידייע איז באשטאנען אין דעם, אז דער אויבערשטער איז א שומר־פתאים (א היטער פון נאראנים), וועלכע ער באדארף, כדי אויפצוהאלטן די אמונה אין אים, פונקט אזוי ווי דער קייסער באדארף זיי צוליב דעם זעלבן צוועק.

דאס דאזיקע געדיכט איז געווען אזוי דורך־און־דורך טרייף, סיי פון גאט׳ס שטאנדפונקט, סיי פון דעם קייסער׳ס, אז איך האב נאטירלאך ניט געהאפט, אז דאס וועט ווען־עס־איז געדרוקט ווערן.

דער דאזיקער שיר, צוזאמען מיט א ביכל געבונדן פון א גוטן איינבינדער, איז איין טאג פארלארן געגאנגען. אויסער דעם דערמאנטן שיר זיינען דארט געווען אויך איניקע אפאריזמען.

איך שטעל זיך פאר, אז מיין טאטע האט צופעליק געפונען דאס דאזיקע ביכל און עס שטילערהייט פארברענט. אויב דאס איז געווען דער סוף פון מיין שיר, טוט מיר שטארק לייד אויף דעם עגמת־נפש, וואס דאס האט פארשאפט מיין טאטן. נאר ווער ווייס, אפשר האב איך עס פארלארן פארנדיק קיין קיידאן. 27) מעגלאך אויך, אז איך האב דאס ביכל פארלארן אין פארט׳ס הויז.

אלענפאלס האט פארט געהאט א קאפיע פון דעם „על ה׳ ועל משיחו“. איך געדיינק נאך, אז ווען איך האב פאר אים פארגעלייענט דאס ליד, איז ער אריין אין גרויס התלהבות און צום סוף מיט גרויס ליבשאפט מיר געגעבן א הארציקן קוש מיט דעם קאמפלימענט: „אי, דו שגיץ איינער!“

אפנים, אז די פרומקייט און דער פאנאטיזם פון כפירה איז נאך גרעסער ווי די פון אמונה.

---

איך האב דערמאנט ליליענבלום׳ען, פארט׳ן און די אפיקורסות און דאס ברייננגט ארויף אויף מיין זכרון אן אנעקדאט, וואס איך האב נאך א האר אויסגעלאזן.

ווען ליליענבלום איז געקומען פון ווילקאמיר קיין קאוונע

און די פאַנאַטיקער פון זיין שטאָט האָבן אים רודף געווען מיט אומגעהויערער פאַרביטערטקייט, האָט ער זיך געווענדט צו אסף הכהן (א. ס. פּ.) און נאַטירלאַך געפונען שוץ אין זיין הויז.

פּאָרט האָט ניט געלייענט דעם וועכנטלאַכן „המליץ“ און האָט ניט געוואוסט געגוי דעם אינהאַלט פון ליליענבלום'ס אַר־טיקלען. און אַט זיצט געגן אים דער אפּיקורסישער פּראָפעסאָר און פּאָרט וויל וויסן, צוליב וואָס איז דער גאַנצער טומל ביי די פרומע אידן פון ווילקאָמיר?

ליליענבלום גיט איבער נאַיוו דעם אינהאַלט פון זיינע אַר־טיקלען אין „המליץ“.

— און דאָס איז אַלץ, וואָס דו האָסט געשריבן, דאָס און ניט מער. — פרעגט דער אַלטער בייז, פּונקט ווי עמיצער וואָלט אים אָפּגענאַרט אינם האַנדל.

— דאָס און ניט מער — ענטפערט ליליענבלום.

— נאַרישקייטן! — האָט אים ה' פּאָרט במעט אריינגעשריען אין פּנים — מיר זיינען געגן די פרומאַקעס און גלויביקע אַזוי ווי אין אַ באַנקראָט. מיר — מיר ווילן ניט געבן אפילו קיין גראָשן און זיי ווילן ניט שיינקן אַ גראָשן. זיי מאָנען אַלץ און מיר אַנט־זאָגן אַלץ. און אָט קומסטו און שלאָגסט זיי פאָר דרייסיק פּראָ־צענט. אַ מין פּשרה. שוטה איינער! זיי וועלן ניט נעמען, מיר וועלן ניט געבן! פאַרשטייסטו דען ניט אַזאַ פּשוט'ע זאַך? און דו ביזט עס אַ שרייבער, אַ פילאָזאָף, אַ תלמיד־חכם!

איך וואָלט געקענט דערציילן נאָך עטלאַכע כאַראַקטערים־טישע קליייניקייטן, אָבער גענוג איז געזאָגט געוואָרן צו געבן דעם לעזער אַ באַגריף פון דעם אַנטירעליגיעזן פאַנאַטיזם פון יע־נער צייט, הגם אין דעם געדיכט „על ה' ועל משיחו“ האָט ער שוין אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער.

דאָס איז אָבער ניט אַלץ. ביי מיר און מיינע גייסטיקע חברים איז געווען נאָך אַ מין פאַנאַטיזם, ניט ווייניקער שטאַרק, קעגן יעדער צביעות, אונטער אַלע אומשטענדן. דאָס צו מאַכן קלאָר וועט גענוג זיין צו זאָגן, אַז איך, למשל, האָט רעספּעקטירט

ר׳ יצחק אלחנן, דעם קאָוונער רב, און פון הארצן פאראכטעט שטיינבערג׳ן, דעם קאזיאָנעם רב. דעם פרומאק וואָלטן מיר אויס־געבראכט פון דער וועלט, ווען עס וואָלט אים ניט ווי געטאָן; דעם היפּאָקריט, דאגעגן, וואָלטן מיר לכל־הפחות ווי געטאָן, ווען מען וואָלט אים ניט געקענט אויסברייגגען פון דער וועלט.

ועל־כולם האָט ליבערמאַנ׳ס מאַניפעסט נאָר־וואָס געהאַט פאַרענדיקט די ארבעט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין אָריאָל מיט טשערנישעווסקי׳ס „טשטאָ דעלאָט“ און אנדערע אזעלכע שריפטן.

בקיצור, איך בין געווען א דאָפּלט־פּאַנאַטישער, אנטירעלי־גיעזער, אנטיהיפּאָקריטישער געפיל־סאָציאַליסט (א היגער מבין וויל האָבן, אז דאָס בין איך, זינדיקער מענטש, געבליבן עד־היום), בשעת איך האָב געקראָגן צו זען דעם קעניגסבערגער „הקול“ אין קאָוונע.

און וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך בין שיעור ניט פון דער הויט ארויסגעשפרונגען.

די צייטונג האָט אין זיך געהאַט אלץ, וואָס מיר איז געווען דערווידער אין אלע אנדערע צייטונגען: זי איז געווען א געדרוק־טער צבוע׳אַק אין פיר זייטן, ניט אזוי גוט געשריבן ווי דער „המליץ“, ניט אזוי אייראָפּעאיש ווי דער „המגיד“, היפּאָקריטי־שער ווי דער „הלבנון“.

איך האָב עס גלייך פאַרדאַמט מיט קללות וחרמות און מיט גרויס געפּאַר פאַר די אָרימע, פּיל־געקריצטע ציין.

און — ווער וואָלט דאָס געגלויבט? — א יאָר שפּעטער בין איך געווען א פאָדערשטע ראָד אין דעם „הקול׳ס“ וואָגן, צוויי יאָר שפּעטער — א קרבן אויף זיין מזבח (הגם ניט פון זיינעטוועגן) און נאָך שפּעטער — א פאַרטריבענער פון דער היים צוליב דער זעלביקער צייטונג.

עס איז זייער לייכט מעגלאָך, אז ווען ניט מיכאל לוי ראָד־קינסזאָן, איר רעדאַקטאָר, וועלכער איז אין יאָר 1905

געשטאָרבן דאָ אין אַמעריקע, וואָלט איך אַליין קיינמאָל די דאָ־זיקע געבענטשטע מדינה ניט געזען.

---

מיכאל לוי ראדקינסזאָן! וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ פּער־זאָן?

שטעלט זיך פאָר אַ מאַן, וועלכער הויבט אָן זיין ליטעראַרי־שע טעטיקייט מיט אַ ספר, וואָס באַזינגט דעם בעל־שם־טוב מיטן חסידיזם, מיט אַלע נסים־ונפלאות פון די דאָזיקע אידישע סעק־טאַנטן; ווערט שפּעטער אַן ארויסגעבער פון אַ צייטונג, וועלכע גייט דורך אַלע פּאָליטישע ריכטונגען — פון דער שוואַרצסטער רעאַקציע ביזן פורפור־רויטן סאָציאַליזם; נעמט זיך דאַן צו דער גמרא און איבערזעצט אויף ענגליש דעם תלמוד.

נאָך מער: ער איז אין אמת'ן ניט קיין חסיד, בשעת ער באַ־שרייבט די שבחים פונם בעש"ט, ער איז שפּעטער ניט קיין סאָ־ציאַליסט, אַלס רעדאַקטאָר, און האָט קיין שום ענטוזיאַזם ניט פאַרן תלמוד, ווען ער ווערט זיין איבערזעצער.

נו, איז פּילייכט אי דאָס, אי יענעם פאַרשטענדלאָך. מיר האָבן געזען היפּאָקריטן, וועלכע האָבן געטראָגן אין זייער לעבן אַלערליי מאַסקעס, אויסטועענדיק איין פּנים און אַרויפשלעפּנדיק אַן אַנדערן, נאָך דער עבודה־זרה נאָך, וועלכער זיי האָבן געדינט.

אָבער חוץ וואָס ראָדקינסזאָן איז אויף קיין פאַל ניט געווען קיין היפּאָקריט אין דעם געוויינלאַכן זין פון דעם וואָרט, — חוץ דעם איז מיט זיין גאַנצער קאַריערע פאַרבונדן אַן אַנדער מערק־ווירדיקע דערשיינונג.

ראָדקינסזאָן האָט זיך נעמלאָך גענומען צום בעל־שם־טוב, צום סאָציאַליזם און צום תלמוד, ניט האָבנדיק די נויטיקע קענ־טעניש אין דעם חסידיזם, ניט פאַרשטייענדיק (אין אָנהויב) מיט וואָס מען עסט ניט נאָר סאָציאַליזם, נאָר אפילו צייטונג־שרייבע־ריי, ניט האָבנדיק גענוג שפּראַכקענטעניש אין ענגליש, כדי אויפ־צושרייבן אַ בריוו און דאַן איבערזעצן—טאַקע איבערזעצן, ניט נאָר אַזאַ זאַך בלויז אונטערנעמען—דעם תלמוד אויף ענגליש.

א וואונדערבארע רעטעניש, ניין? איז דאָס אָבער נאָך ניט אַלץ.

ראדקינסזאָן האָט זיין גאַנץ לעבן־לאַנג זיך געראַנגלט מיט נויט און מיט געלט־מאַנגל. א רייכער מאַן קען זיך באַגיין אָן פּרינציפּן, אָן קענטעניש, אָן ענטוזיאַזם פאַר זיינע אונטערנע־מונגען. אָבער אַן אָרימאַן?

ווי איר זעט, איז דאָס א פּערזענלאַכקייט, מיט וועלכער עס לוינט אַביסעלע נעענטער באַקאַנט צו ווערן.

---

ווען איר וועט וועגן אים רעדן מיט ערגעץ א אידישן (לשון־קודש׳דיקן) מחבר, וועט דער פריער פאַר אַלץ אַפּלייקענען, אַז דער מאַן האָט עטוואָס אויפגעטאָן. ווען איר וועט אָבער דעם דאָזיקן מחבר אריינקריגן אין א ווינקעלע, אים ווייזנדיק ראַד־קינסזאָנ׳ס פאַרשידענע חבורים, זיינע צייטונגען און זיין ענגלישן תלמוד, — וועט ער אייך ענטפערן: ע, דאָס איז געווען פשוט א שאַרלאַטאַן, וואָס האָט אָדער גע׳גנב׳עט, אָדער אויסגענוצט פרעמדע אַרבעט און אַזוי ווייטער.

„נו, ר׳ קרוב“, וועט איר אים ענדלאַך זאָגן, „לאָמיר צוגעבן, אַז איר זייט גערעכט. גלויבט איר אָבער, אַז יעדער אידיאָט קען דורך הוילער שאַרלאַטאַנעריי ווערן א מחבר, א צייטונג־שרייבער און א איבערזעצער? דאָס דאַרף מען דאָך נאָך אַלע מעשיות קע־נען!“

„און נאָך וואָס. דיינקט איר, אַז אַזאַ פּייאיקער שאַרלאַטאַן, אויב איר זייט מודה, אַז פּייאיק איז ער געווען, האָט ניט גע־קענט מאַכן פיל מער געלט, זיך נעמענדיק צו אַנדערע זאַכן, ווי ליטעראַטור?“

אייער ר׳ קרוב וועט דאָ בלייבן אָן ווערטער.

הייסט עס, בלייבט א קשיה?

אָ, ניין! דאָס לאָזט זיך לייכט פאַרענטפערן און קלאָר מאַכן. טאָמער גיט זיך מיר דאָס ניט איינגאַנצן איין, וועט דאָס זיין איינפאַך דערפאַר, ווייל אָנשטאָט א טייל פון א קורצן קאַפּיטל

וואָלט מען דעם מאַן געדאַרפט געבן שיינע עטלאַכע לאַנגע אַר־טיקלען, וואָס פאַר אַ מיינונג מען זאָל פון אים ניט האָבן.

די אויפגאַבע איז אַ שווערע, אָבער איך וועל טאָן מיין בעסטעס.

לאָמיר פריער באַטראַכטן זיינע מעלות און חסרונות איינ־ציקווייז און דאַן זען צו געבן זיין בילד אינגאַנצן.

צו יענער צייט — אין די זיבעציקער יאָרן פון דעם פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט — זיינען געווען צווייערליי סאָרטן אידי־שע מחברים: די אַלטע און די יונגע, די שנאָרערס און די אידע־אַליסטן, די תלמידים פון די צוויי ראַבינער־שולן (אין ווילנע און זשיטאָמיר) און די, וואָס איך וואָלט רופן: די משכילים־נאַראָדני־קעס (פאָלקיסטן).

די ערשטע זיינען כמעט אַלע געווען מער אָדער ווייניקער היפּאָקריטן. די ווילנער ראַבינער־שול (פון דער זשיטאָמירער ווייס איך אַזוי גוט ווי גאָרניט, אָבער זי איז וואַרשיינלאַך געווען יענערס אַ ליבלאַכע שוועסטער) האָט ניט געקענט זיין קיין אַנ־דער זאַך, ווי אַן אַקאַדעמיע פון צביעות, פון מאָראַלישער פאַר־דאָרבנקייט און פון סיסטעמאַטישן באַטרוג לגבי גאָט און לייטן. אין דער אינסטיטוציע, ווי אין מאַמע־רבקה'ס לייב, האָבן זיך געשטויסן עשו און יעקב, קאַריערע און רעליגיע, פיזישע גע־אָגראַפיע און מעשה־בראשית, אפּיקורסות און טלית־קטן, און אי־דישקייט איבערזעצט אויף רוסיש.

די אידישע מחברים, וועלכע האָבן זיך דאָרט געהאָדעוועט אָדער געעלטערט, אַלס שילער אָדער לערער, זיינען געווען אַזוי זיכער צבוע'אָקעס, ווי תלמוד־תורה־קינדער זיינען אומציכטיש ווייניקסטן געווען.

איך וויל ניט אויסרעכענען קיין נעמען, אָבער אין דעם פּרט פון צביעות קענט איר ניט אָנרופן ניט איין עלטערן העברעאישן מחבר, וועלכער זאָל האָבן אַ רעכט צו פאַררייסן די נאָז קעגן ראַד־קינסזאָנ'ען.

די ;;אינגערע שרייבער, ניט דוקא אינגער אין יאָרן, אָבער די,

וואָס האָבן נאָך זייערע אידייען נאָך געהערט צום אינגערן דור, זיינען געווען ריינע אידעאַליסטן, מייסטנס מענטשן, וואָס האָבן געמאַכט אַ לעבן פון בוכהאַלטעריי, לערעריי און מעדיצין, שרייבנ־דיק פאַר זייער אידעאַל „על מנת שלא לקבל פרס".



מיכאל לוי ראָדקינסאָן

ראָדקינסאָן האָט געהערט צום עלטערן דור, אָבער, ווי איך האָב שוין געגעבן צו פאַרשטיין, איז ער ניט געווען אַ היפּאָקריט ווי די אַנדערע.

איז ער געווען ערלאַך? אין אַ געוויסן זין—יאָ. ער האָט ניט פאַרכאַפּט קיין געלט, האָט, אַזוי ווייט ווי איך ווייס, קיינעם ניט באַשווינדלט, האָט באַצאָלט, וואָס ער איז געווען שולדיק—ווען די נויט האָט ניט געשטערט.

ער איז אָבער געווען אַן עקספּלואַטאַר, אַ מענטש, וואָס

האָט פון אַלץ און פון אַלעמען געצויגן אַ נוצן, וואָס האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט און איז ניט געווען קיין גרויסער בעל-מפונק, ווען די מיטלען צו זיין צוועק זיינען געווען אַזעלכע, וואָס אַן אַנדערן וואָלט פון זיי ניט גוט געוואָרן. דערביי איז ער אָבער ניט געווען קיין פּראָסטער געלט־מענטש, און אויב ער האָט מענטשן עקספּלואַטירט, איז דאָס געווען ווייל אָן דעם וואָלט ער ניט געקענט אויספירן זיינע פּלענער און אונטערנעמונגען.

אַלס שרייבער (פון ספרים חצונים, אַלס מאָדערנער שריי־בער) האָט ער ניט נאָר ניט געהאַט קיין סיסטעמאַטישע שול־בילדונג, נאָר אויך ניט קיין שום ידיעה פון קיין שפּראַך מער אָדער ווייניקער גרינטלאַך און מיט מער אָדער ווייניקער גראַמאַ־טיק, — אפילו ניט העברעאיש. נאַטירלאַך איז דאָס ניט האָבן קיין סיסטעמאַטישע—ווילנער ראַבינער־שול־בילדונג געווען ניכער אַ מעלה ווי אַ חסרון, אָבער בעת אַ רב האָט געקענט שרייבן תורה אָן דקדוק, איז דאָס געווען אַ גרויסער חסרון ביי אַ מאָ־דערנעם ליטעראַט.

אָבער אויב אים האָט געפעלט גראַמאַטיק, האָט אים ניט געפעלט ניט קיין גוטער קאָפּ און ניט קיין ענערגיע.

און איצט, ווען איר ווייסט וועגן אים אַלע די מעלות און חסרונות, דאַרפט איר זיך לייכט קענען פאָרשטעלן דעם גאַנצן מאַן.

דאָס, קלערט איר, האָט געמוזט זיין אַ זייער ענערגישער, פּייאיקער, אַמביציעזער מענטש, וואָס אויף פּראָסט אידיש וואָלט איר רופן אַ קאָפּ־מענטש, אַ מאַן, וואָס וויל דערגרייכן צו אַ העכ־בער מדרגה. פון דער אַנדערער זייט, דאַרפט איר איצט פאַר זיך קענען זען אַ מאַן, וואָס שפּרייזט פאָרווערטס איבער געפאַלענע מענטשן, איבער פּלאַנקענס, איבער רינעס, זיך פאַרפּלושקענדיק מיט שמוץ, זיך און אַן אַנדערן אָפּשלאָגנדיק אין זיין איילעניש, אַבי פאָרווערטס, אַבי וואָס נעענטער צום ציל, צום ציל!

איר פאַרשטייט, אַז דאָס איז געווען אַ מאַן, וועלכן עס האָט ווייניק־וואָס אויסגעמאַכט, צי אים האָט אונטערגעפירט אויף

זיין שווערן, זאמדיקן וועג, דורכן לעבן צו דער נאָענטסטער סטאַנ־ציע, דער ווילנער גאון אויף זיין אַלט־מאָדיש וועגעלע, מיט משיח בן דוד'ס אייזעלע איינגעשפּאַנט אין אים, אָדער עס האָט אים אונטערגעפירט קאַרל מאַרקס אין אליהו הנביא'ס פייערדיקער קאַרעטע, שטרעבנדיק הויך און העכער... דאָס האָט אים פּונקט אַזוי ווייניק אויסגעמאַכט, ווי די פּראַגע, צי ער וועט זאַט ווערן אויף אַ ציווויליזירטן אופן, וויסנשאַפטלעך־גאַסטראָנאָמיש, על־פּי חוקי פּאַריז, אָדער זיך שטאָפּנדיק מיט רעטעך און צימעס, אָדער מיט איינגעמאַרינירטע הערינג אויף אַ „פּאָדקלאַדקע" פון הייסע לאָקשן־קוגל, פון וועלכע עס גייט נאָך אַ פּאַרע.

איר זעט פאַר זיך אַ מאַן, וועלכער קימערט זיך אַזוי ווייניק וועגן אָרדנונג און עסטעטיק, ווי אָרום וויסע ציין און אַ פּעדאַנטיש־מעטאָדיש־געזעצלאַך אויסגעשלייפטע האַלז־טיכל. אויב איר קענט פאַרשטיין אַנאַרכיע אַלס אַ סיסטעם, פּרינציפּנלאָזי־קייט אַלס אַ פּרינציפּ און „פרעגט מיך בחרם" אַלס אַ ליטעראַ־רישע מעטאָדע און איר קענט זיך דערביי אויך פאַרשטעלן אַן אייזערנעם ווילן, וועלכער קען, זעט און דערגרייכט, ווייל ער נויטיקט זיך ניט אין געוויינלאַכע באַלעבאַטישע כוחות, אויגן און לייטערס, ווייל זיין ווילן איז גובר אַלץ, דאַן האָט איר פאַר זיך — אפשר ניט גאַנץ קלאָר, אָבער דאָך — מיכאַל לוי ראָדקינסאָן.

מיין שייכות מיט אים וועט באַשריבן ווערן אין דעם קומענ־דיקן קאַפּיטל. צו פאַרפולשטענדיקן זיין בילד, וועל איך דאָ גלייך דערציילן אויך וועגן אים אַ פּאָר אַנעקדאָטן.

דער „הקול" האָט נאָר דאַן געקענט עקזיסטירן, ווען אין דער רעדאַקציע איז געזעסן אַ כמעט ניט־באַצאָלטער אונטער־רעדאַק־טאָר, בשעת דער שעף־רעדאַקטאָר איז אַרויסגעפאָרן אין רוסלאַנד קלייבן אַבאָנענטן.

הער ראָדקינסאָן באַדאַרף אַזאַ אונטער־רעדאַקטאָר, און זיין וואונדערבאַרע נאָז דערשמעקט אונזער (סאָציאַליסטישן) קרייז אין קעניגסבערג.

ער טרעפט אַ סטודענט מיטן נאָמען גאַרמיזע און אַ גע־

וויסן ראַבינאָוויטש. זיי שלאָגט ער פאָר די גדולה פון רעדאַק־טאָרשאַפט.

„אָבער וואָס פאַר א טענדענץ וועט אייער צייטונג האָבן?“ — ווילן זיי וויסן.

„טענדענץ“, ענטפערט ער, „גאָר קיין טענדענץ ניט“. — ער האָט דאָס נאַטירלאַך ניט געמיינט: צו יענער צייט האָט ער גאָר פשוט נאָך ניט פאַרשטאַנען דעם טייטש פון דעם וואָרט „טענ־דענץ“.

מען האָט אים דערקלערט, אז דערמיט מיינט מען: וואָס פאַר א ריכטונג די צייטונג וועט האָבן, וואָס איר פּאָליטיק וועט זיין.

„אַ, אזוי! — רופט ער אויס, — מיין צייטונג שרייבט קעגן דעם ניהיליזם“.

האָט מען אים געענטפערט לא מיט אַן אלף.

„איר האָט ניט אָנגעקלאַפּט אין דער ריכטיקער טיר“ — ערקלערט מען אים.

הער ראָדקינסזאָנ׳ען ווערט ענג אין מוח. וואָס טוט מען דאָ? יונגע לייטלאַך זיינען דאָס פיינע, ארום וואָס זיי טראַכטן איז ניט מטבעות, נאָר טענדענצן, אָבער...

ער גייט ארום עטלאַבע מאָל הין און צוריק אינם צימער, מיט דער לינקער האַנט קאַלופּנדיק דעם שטערן, און שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ.

„הייסט עס, — זאָגט ער צו מיינע חברים, — קעגן ניהי־ליזם ווילט איר ניט שרייבן, האַ?“

„אַ, ניין!“ — ענטפערן זיי מיט א שלשלת אויף דעם „ניין“.

„ניין?“—פרעגט ער איבער, פאַרטראַכט זיך און זאָגט דאַן: „זייער גוט, טאָ שרייבט זשע פאַרן ניהיליזם“.

און דער משא־מתן איז געשלאָסן געוואָרן אויף דער שטעל.

דאָס ווערט אָנגערופן פּרינציפּנלאָזיקייט אלס פּרינציפּ. און דאָ האָט איר נאָך אַן אנעקדאָט, וועלכער ווייזט זיין קראַפט: ווען ער איז געווען אין דער היים, פלעגט ער די „פּאָליטיק“

שרייבן אליין. דערצו האָט מען געדאַרפט לייענען צייטונגען, און די רוסישע פלעגן אָנקומען ניט רעגלמעסיק און צו שפּעט.

איין טאָג זע איך, ווי ער זיצט ביי דער קעניגסבערגער „האַרטונגשע צייטונג“ מיט אַן אָנגעהויבענעם פּאָליטיק-אַרטיקל אויפן טיש — פאַר זיך.

וויסנדיק, אַז ער קען ניט קיין דייטש (דאָס הייסט דאַן, שפּעטער האָט ער געקענט), פרעג איך אים, ווי אַזוי ער פאַרשטייט, וואָס ער לייענט.

— וואָס הייסט, ווי אַזוי? — ענטפערט ער, — איך דערטאַפּ: וואָס איך דערזע ניט, דערטאַפּ איך, מיט די פינגער דערטאַפּ איך.

און דאָס איז געווען אמת, ער פלעגט דערטאַפּן.

איין בורא אין הימל ווייסט, ווי ווייט מיינע עראינערונגען וועלן מיך אויף דעם אופן פאַרפירן, אָבער דאָס, וואָס קומט, וואָלט געווען אומפאַרשטענדלאַך אָן אַ שטיקעלע בילד פון דעם מערקווירדיקן מאַן, וועלכער האָט אונז—ליליענבלומען, יהל"לן, שערעשעווסקין, דעם דר. קאַמינער, ראַבינאָוויטשן און מיר—געגעבן די מעגלאַכקייט פאַרטצוזעצן ליבערמאַנ'ס אַרבעט, ווי דאָס וועט געשילדערט ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

„געגאָסע בן־נץ האָט דאָס וואָרט!“



ק ע נ י ג ס ב ע ר ג . — מיין סאָציאַליזם קרעפטיקט זיך.— „שומר מה מלילה". — פוז שול אַרויס, קום איך אַריין אין שול פון סאָציאַליזם. — או"ר, אַמאָל און היינט. — מיין ערשטער זשאַרגאָן־אַרטיקל.

אין די 3—4 יאָר פאַר מיין אוועקפאָרן פון דער היים, ד. ה., פאַר דעם זומער פון 1877, האָט זיך מיין סאָציאַליזם געהאַלטן אויף הינערשע פיסלאַך; איך בין דאַן ניט נאָר נאָך ניט געווען וואָס די דייטשן רופן „זאָטל־פעסט", מחמת איך האָב געהאַט געלייענט זייער ווייניק סאָציאַליסטישע שריפטן פון א מער אָדער ווייניקער וויסנשאַפטלאַכן כאַראַקטער, מיין צרה איז נאָך געווען א גרעסערע.

אפילו מיין אמונה אין דעם סאָציאַליזם, ווי איך האָב אים דעמאָלט פאַרשטאַנען, איז נאָך געווען שוואַכלאַך, און אָט פאַר־וואָס:

איך האָב זייער פרי פאַרשטאַנען, אז אזא זאַך, ווי איינפירן א נייע אָרדנונג אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט, קען ניט גע־מאַכט ווערן אויף א געוויסן מאָדעל, נאָך דעם אָדער יענעם צו־שניט. חוץ דעם בין איך געווען פעסט איבערצייגט, דאָס הייסט, אפילו שוין דעמאָלט, אינגלוויז, אז קיינער קען ניט באַשטימען דעם טאָג, אפילו ניט דאָס יאָר, ווען די סאָציאַליסטישע געזעל־שאַפט וועט ווערן אווירקלאַכקייט, א פאַקט. מיר האָבן אָבער מיינע „לערער" דעם עסק פאָרגעשטעלט גראָדע אזוי, אז אָט נע־מען מיר, אַשטייגער, און פירן איין אזא און אזא מין חברותאַ־לעבן אין דער וועלט אזוי גיך, ווי מיר זיינען פאַרטיק מיט די הכנות. א יונגע דאַמע, מיינע א גוטע פריינדין אין אָריאָל, וועל־כע האָט איבריקנס געהאַט מער חן ווי שכל, האָט מיר אין דעם

חודש מאַי 1874 צוגעזאָגט אויף זיכער, אַז דעם ערשטן סעפּ־טעמבער פון יענעם יאָר וועט „אויסברעכן“ די סאָציאַלע רעוואָ־לוציע. זי האָט אין דעם נאָך אַלץ געגלויבט אין אָנהויב אוי־גוסט, און זי האָט ניט געקענט ניט גלויבן, „מחמת די אינפאָר־מאַציע איז געקומען פון דער סעמינאַריע גופא“. איך אָבער האָב, ווי געטע, צו זיך אַליין געזאָגט:

„די בשורה הער איך שוין,
דאָך פעלט מיר די אמונה“.

און איך בין געבליבן דערביי די נאָענטסטע דריי־פיר יאָר.

דערפאַר איז דער סאָציאַליזם פאַר מיין קומען קיין דייטש־לאַנד געבליבן פון אינעווייניק ניט דערבאַקן, הגם פון אויבן צו־געברענט. ער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ מעכטיקער ליבע צו די אָרימע און באַנזלטע, אין אַ הייסן וואונטש עפּעס צו טאָן פאַר זיי, אָבער ווי אַזוי דעם וואונטש צו פאַרווירקלעכן און ווי די דאָזיקע ליבע אויסצודריקן האָב איך אויף קלאָר ניט געוואוסט.

ווי די לעזער ווייסן שוין, איז מיין באַקאַנטשאַפט מיטן דלות און מיט דער ביטערער נויט געווען זייער אַ נאָענטע, זייער אַ אינטימע, און דערפאַר האָט מיר די גאולה נאָך אויסגעזען ווייטער, נעבלהאַפטער, ווייניקער פּראַקטיש, ווי זי האָט מיר גע־דאַרפט דערשיינען אפילו דאַן. אשטייגער, די נשמה וועט אַרויס־גיין איידער די נחמה וועט קומען.

און איך האָב זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן. דאָ האָב איך זיך געכאַפּט צו אַזעלכע גרינדונגען, ווי די קאָוונער געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנטווערקער. אין דער שטיל האָב איך פּראָפּאַ־גאַנדירט מיינע נייע אידייען אין מיין ענגן קרייזל. אָבער ניט זייענדיק צופרידן ניט מיט דער האַנטווערקער־שול (וועלכע איז איבריקנס געוואָרן אַ נופל, אויב מען קען פון איר איבערהויפּט רעדן אַלס אַ געבורט), ניט מיט מיין פּראָפּאַגאַנדע, האָב איך מיט דער פעדער אין דער האַנט געחלומט, געזיפצט, געגאַרט, — ווייזנדיק דעם שונא סאַטיריש־שאַרפע ציינער, — ווייזנדיק דעם

אומגליקלאַכן, אַרימען ברודער אַ פּול ווארים האַרץ, אַ ניט גאַנץ קלאָרן קאָפּ, אַ מאַכטלאָזע, מאַכטלאָזע האַנט!

ועל־כולם, בין איך ניט געווען אינגאַנצן אַרויסגעוואַקסן פון מיינע לאָקאַלע קאָוונער קריוודעס און דאגות. „דער שונא“, וועלכן איך האָב דאָ אָקאָרשט דערמאָנט, איז געווען ניט נאָר דער פינסטערער אַבערגלויבן מיט זיין שולהויף־געזינדל, ניט נאָר דער קייסער, אָדער דער עקספּלואַטאַטאָר, נאָר דער קאָוונער „קאָבלעפּל“, — אַ לומפּ, וואָס זיין בילד (אין לעבנס־פאָרמאַט) איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן נעבן דעם דייטש ביסמאַרק, דעם פראַנצויז טיער, דעם קאַצאַפּ קאַטקאָוו.

---

אין אַזאַ גייסטיקן צושטאַנד בין איך זומער 1877 אָנגעקומען קיין קעניגסבערג, אין פּרייסן, — עטלאַכע חדשים, לאָמיך אַגב־אורחה באַמערקן, נאָך דעם טויט פון יאָהאַן יאַקאָבי, דעם גרויסן מאַן, וועלכער האָט געהאַט דעם קוראַזש זיך צו שטעלן קעגן דער כאָלערע אין 1813, קעגן דעם פּרייסישן קעניג אין 1848 און קעגן דער „עפנטלאַכער מיינונג“ און קעגן זיין פּאַרטיי אין 1870, בשעת ער, דער 65־יאָריקער גרייז־גראָער מאַן, האָט זיך דערקלערט פאַר אַ סאָציאַליסט.

און קומענדיק קיין קעניגסבערג, האָב איך מיט זיך געבראַכט אַ העברעאישן שיר: „שומר מה מלילה?“.

דאָס געדיכט מוז איך אויף אַ קורצער ווײַלע לאָזן אָן אַ זייט, כדי צו דערציילן אַ קלייניקייט, וועלכע איז געווען אַ מין הקדמה צו דעם נאָענטסטן זייער וויכטיקן קאַפּיטל אין מיין לעבן.

איך בין אַרויס פון שלמה פיינבערג'ס קאַנטאָר אין דער ליטע, כדי אַריינצוגיין אין זיין קאַנטאָר אין דייטשלאַנד. פיינבערג האָט נאָכגעגעבן מיין פאַרלאַנג צו אַרבעטן אונטער זיין אויפזיכט, אַחוץ דעם וואָס מיר איז נויטיק זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין דער דייטשער שפּראַך.

אין דעם איז געווען אַ קערנדל אמת, הגם דער עיקר איז געווען מיין גרויסער ווּאונטש צו זען פנים־אל־פנים די גרויסע

ארבעטער־באוועגונג, ווענן וועלכער איך האב א קורצע צייט פריי־ער געלייענט א לאנגן ארטיקל אין איינעם פון די רוסישע זשור־נאלן (דוכט זיך, אין „וויעסטניק יעווראפי").

לאמיך שוין אויך דא באמערקן, אז דער פארפאסער פון דעם דאזיקן ארטיקל, וואס האט זיך אונטערגעשריבן „ברוקע", איז געווען יאהאן מאסט; ברוקע (ג׳דער בריקקע) איז די דייטשע איבערזעצונג פון דעם ווארט „מאסט" אין רוסיש. וועגן מאסט רעד איך באריכות אין צווייטן טייל פון מיינע עראינערונגען. *)

נאכדעם ווי איך האב זיך צוריקגעקערט אין אויגוסט קיין קאוונע, האב איך דארט פארבראכט עטלאכע וואכן מיט מיינע עלטערן און אין סעפטעמבער צוריקגעקערט קיין קעניגסבערג. פון דעמאלט אן האב איך מיינע עלטערן ניט מער געזען.

אין פיינבערג׳ס קאנטאר בין איך איצט געווען דער קארעס־פאנדענט אין העברעאיש און רוסיש, אנשטאט דעם וואס אין קאוונע האב איך געשריבן אין דייטש. פונדעסטוועגן האט זיך איצט מיט יעדן טאג פארגרעסערט מיין קענטשאפט פון דער דאזיקער שפראך, ווייל איך האב געלייענט א סך ביכער און צייטונגען.

אין יענער צייט איז מיין געגנערשאפט צו דער רעליגיע גע־ווען זייער שטארק. באזונדערס האב איך געהאסט די רעליגיע פון די רעפארמירטע דייטשע אידן, וועלכע איך האב געהאלטן פאר א מוראדיקער עם־הארצות. און כדי צו פארשטארקן מיין אפיקורסות, בין איך געגאנגען אין „סינאגאגע" ערב ראש השנה תרל"ח, זיך גוט צוגעקוקט צו אלץ, וואס דארטן איז פארגעקומען, און אלץ, וואס מיינע אויגן האבן געזען און מיינע אויערן האבן פארנומען, איז געווען ניט מער ווי א נאכאמונג פון די לוטערא־נישע קירכן.

אין יענער צייט איז אין קעניגסבערג געווען א פיינער רעס־טאראן, וואס אן אלמנה, פרוי קאנצל, האט געהאלטן. צום

*) אין באנד 10 פון אט־די „געזאמלטע ווערק".

אָוונט־עסן פלעגן זיך דאָרטן פאַרזאַמלען אַ סך יונגעלייט, צווישן זיי סטודענטן, האַנדלס־אָנגעשטעלטע און דערגלייכן, ווי אויך אומפּאַרהייראַטע סוחרים אָדער אַזוינע, וועמעס פרויען זיינען געווען אין רוסלאַנד, פּוילן, אָדער ליטע.

יענעם ראש השנה ביינאַכט בין איך געקומען אין רעסטאָראַן דירעקט פון „סינאַגאָגע", וואו איך האָב אָקאָרשט געהערט די דרשה פון דר. באַמבערגער. ביים עסן דאָס אָוונט־ברויט האָט מען געשמועסט וועגן דעם „גאָטעסדינסט" אינם „טעמפּל", און יעדער האָט אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג צום גוטן אָדער צום בייזן. אַ פיין, ריין, נעט-געקליידעטער, ראַזירטער, געקאַמטער, געשוכטער, געוואַשענער יונגערמאַן, אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט געקיימט מיט כונה, געשלונגען מיט ריטם, גערעדט מיט אַכטל אָדער זעכצנטל נאָטן, געלאַכט וויסנשאַפטלאַך און געשמייכלט אַזוי, אַז די פיינע ציינער זאָלן חלילה ניט קריגן קיין שאָדן פון אַ צוגווינט, — אָט־דער יונגערמאַן האָט אין עטלאַכע גוט סאָרטירטע, קלינגענדיקע פראַזן געלויבט דעם פריידיקער דר. באַמבערגער'ס דרשה. דאָס האָט, נאַטירלאַך, אַרויסגערופן גאָר די גאַל און די גיפט אין מיר און... און איך האָב געקערט די וועלט!

דער יונגערמאַן האָט געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ ווילדן מענטשן, ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין געדאַנק. ער האָט אין מיר געזען ניט בלויז אַ פאַנאַטיקער, אַ מין חסיד פון אומגלויבן — דאָס וואָס איך בין געווען — נאָר אויך אַ מין זעלבסטמערדער. ווי ער האָט מיר נאָכדעם דערקלערט, קען קיין מענטש ניט רעדן אויפגערעגטערהייט, ניט איינשטעלנדיק דערביי זיין לעבן דורך אומפאַרדייאונג א. א. וו.

עס איז ניט נויטיק דאָ איבערצו'חזר'ן אַלץ, וואָס איז אַרויס פון מיין מויל ממש מיט פלאַמען פייער, ווען איך האָב גערעדט וועגן דער קאַריקאַטור פון אידישקייט אין די הענט פון מאַלפּעס, וואָס איך האָב געזען דעם אָוונט אין טעמפּל אינם משך פון אָנדערטהאַלבן שעה. נאָר אויב פון דעם, וואָס איך האָב גערעדט, האָט געעקלט דעם דערמאָנטן רואיק-געמעסיקטן

מענטשן, האָט דאָס שטאַרק אויסגענומען ביי אַן אַנדער מענטשן, אויך אַן איידעלער יונגערמאַן.

דער איז אַלט געווען אַ יאָר 25 אָדער מער, האָט געטראָגן שפּאַקולן, וועלכע ער פלעגט אָפּט אויסטאָן, כדי זיי אָפּצו־ווישן, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין איין שוויצן. ער האָט געהאַט אַן אינטעליגענטן פּנים, מיט בלאָנדע האָר און



או״ר (אליהו וואָלף ראַבינאָוויטש), אין 1876

אַ בלאָנד בערדעלע, אַן ערנסטן בליק, און אויף זיך זויבערע, גאַנצע אָבער ניט פּראַנטישע קליידער.

זיינע אויגן האָבן נאָכאַנאַנד אַפּלאָדירט מיין דרשה געגן דער דרשה פון דעם „היפּאָקריט“ אין טעמפּל.

נאָכן עסן האָט פרוי קאַנצעל׳ס עלטסטע טאָכטער מיך פאַר־

געשטעלט פאַר דעם דאָזיקן יונגענמאַן, און מיר זענען באַקאַנט— באַקאַנט און באַפריינדעט געוואָרן גלייך יענעם אָוונט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען קיין רוסיש און האָט ניט גערעדט קיין אידיש, און אַזוי גוט ווי איך האָב געקענט האָב איך אים אויף דייטש דערציילט פון דער נייער באַוועגונג אין רוסלאַנד, וואו איך האָב געהאַפט אין קורצן צוריק צו זיין, און ער מיר — פון דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד.

מיר זיינען אַרויס פון רעסטאָראַן, האָבן אַרומגעשפּאַצירט עטלאַכע שטונדן איבער די קעניגסבערגער גאַסן. מיר האָבן שפּאַ-צירט, גערעדט, גערעדט און גערעדט... מיר האָבן גערעדט שטיל, ערנסט, מיט פולע הערצער, און דער זייגער האָט געשלאָגן איין שעה נאָך דער אַנדערער. ער האָט מיר דערציילט אַלץ, וואָס ער ווייסט וועגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון זיין לאַנד. איך ווידער, פון מיין זייט, האָט גערעדט מיט ענטוזיאַזם, הגם שטי־לערהייט, איבער די „רוסישע העלדן“, זייערע אויפטואונגען, די פאַרפאָלגונגען געגן זיי, די נגישות וואָס זיי ליידן, דעם מסירת נפש וואָס זיי באַווייזן, וואָס איז דאָרט אַ טאָג־טעגלאַכע געשעעניש.

צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט האָב איך גענומען פון אים אָפּשייד. ער האָט שטאַרק געדריקט מיין האַנט און צו מיר גע־זאָגט:

„גוטע נאַכט. האָפּנטלאַך, וועלן מיר זיך טרעפן אויף די באַ־ריקאַדן פון סאַנקט־פּעטערבורג, ווען עס וועט קומען די צייט“...

די צייט איז געקומען. באַריקאַדן אין רוסלאַנד זיינען געבויט געוואָרן, אָבער ער און איך האָבן זיך אויף זיי ניט געטראָפן. איך בין געווען אין אַמעריקע, פאַרוואָגלט ווייט, ווייט פון דער היים, בעת ער, דער לאַנדאַנער דרוקער און בוכהאַנדלער, האָט געהאַט זיין בליק ווייטער צום מזרח צו, זוכנדיק ניט באַריקאַדן אין פּעטערבורג, נאָר דעם כותל־מערבי אין ירושלים.

געוועזן איז דאָס אליהו וואָלף ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט

זיך אויסגעבילדעט אין דייטשלאַנד, שטודירנדיק אונטער אברהם גייגער אין דעם בערלינער אידישן סעמינאַר, און האָט דאַן, ווען מיר זיינען (אין 1877) באַקאַנט געוואָרן, באַזוכט דעם קעניגס־בערגער אוניווערזיטעט, געשריבן העברעאיש אין ראָדקינסזאָנ׳ס „הקול" און איז געווען אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסט. געשריבן האָט ער אונטער דעם נאָמען או״ר, דער ראשי־תיבות (אָנהויב בוכשטאַבן) פון זיין נאָמען.



א. וו. ראַבינאָוויץ, אויף דער עלטער

און ער, וועלכער האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט דער דייטשער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור; ער, וועלכער האָט פאַר מיר אויסגעשריבן די פאַרשיידענע פאַרטיי־צייטונגען, וועלכע זיי־נען מיר באַלד געוואָרן וויכטיקער ווי מיין טעגלאַכער פרישטיק,— דער יונגערמאַן איז געווען, ווי מיט דריי־פיר יאָר צוריק מיין

ע ר ש ט ע ר ל ע ר ע ר א י ן ס אָ צ י אַ ל י ז ם, אַ סע־מינאַריסט. ווידער אַ סעמינאַריסט, מער ניט אַ אידישער!

---

אים האָב איך איין טאָג אין סעפּטעמבער פאַרגעלייענט מיין אויבן־דערמאָנטן שיר „שומר מה מלילה?"

דאָס איז געווען אַ געדיכט פון אַ שטיקלאַך דרייסיק פיר־צאָליקע סטראָפן, געשריבן מיט אַ יאָר פריער (אין 1876), און דאָ האָט איר זיין אינהאַלט:

„פאַרמאַטערט און אומעטיק בין איך צו רו געגאַנגען אין אָוונט, האָב מיך געלייגט, און דער שלאָף איז מיר געווען זיס; דען אויף ווייכע בעטגעוואַנט בין איך געלעגן אויסגעצויגן אויף מיין בעט — פּונקט ווי איינער פון די גרויסע אין דער וועלט —

„כרגע כמהם תבל ומלאה שכחתי,
כל הרעבים ללחם, שבעי נדודים, —
שבעי כעס ורגז, יגון ומרודים —
את כל אלה כמהם בשנתי שכחתי".

ווי איינער פון זיי האָב איך שנעל פאַרגעסן די וועלט און אַלץ, וואָס אין איר איז פאַראַנען: די וואָס הונגערן צוליב ברויט־מאַנגל און וואָס זיינען אָנגעזעטיקט מיט צרות, וואָס זיינען זאַט פון צאַרט און אויפרעגונג — אָט אָט די אַלע האָב איך אין מיין שלאָף פאַרגעסן".

אין די נאָענטסטע זיבן סטראָפן ווערט דערציילט, ווי אַזוי דער שרייבער ווערט אויפגעוועקט פון די געפילן, וועלכע רופענען זיין האַרץ, ווי ער טוט זיך ווידער אָן און האַלט אָן, אַרומשפּאַ־צירנדיק איבערן צימער, אַ ויכוח מיט זיין אייגענעם שטורמישן האַרץ; ווי ער גייט דאַן אַרויס אין גאַס, וואו די גאַנצע נאַטור שיינט צו זיין טויט און פאַרדעקט מיט פינסטערניש; ווי ער וואַנדלט אַרום אַליין אַ לאַנגע צייט ביז ער טרעפט ענדלאַך דעם

נאכט־וועכטער. ווערנדיק מיד פון ארומוואנדלען, בלייבט ער שטיין לעבן דעם וועכטער און פרעגט אים: וואס וועט זיין דער סוף פון דער פינסטערער נאכט. — די לעצטע עטלאכע צײלן דריקט ער אויס אין העב־רעאיש אין די פאלגנדיקע פיר פערזן:

„החושך כסה ארץ, בסה חומות וחל,
הלילה לי ארך, שוטט ברחוב נלאתי,
ואגש אל השומר, פני אליו סבותי,
לאמר: „שומר מה מלילה, שומר מה מליל?“

דערמיט ענדיקט זיך דער ערשטער טייל פון דעם גערדיכט, וועלכעס באשטייט פון דריי חלקים. אין דעם צווייטן דערקלערט דער וועכטער דעם נאכט־וואנדלער (ניט פארשטייענדיק, וואס ער מיינט מיט דעם ווארט „נאכט“), אז עס איז זיך גאר ניטא וואס צו איילן צו דערלעבן דעם מארגן, ווייל דאן וועלן זיך אויפ־כאפן א סך אזעלכע מענטשן, וועלכע טוען ניט קיין בייז, נאר ווען זיי שלאפן. ער זאגט:

„הטרם תדע כי על גפו מרומי כל קרת
יושבים בולעי חיל רשים, והם בני־השם,
למו „נדיבים“ יקראו, למו קרני ראם,
המה ראשי המדברים, ביום מועד ועצרת?“

דאס הייסט: ווייסטו דען ניט, אז פון אויבנאן אין יעדער שטאט זיצן די, וואס פרעסן דעם ארימאנ'ס פארדינסט און זיי זיינען די מענטשן מיט א נאמען, די וואס מען רופט פילאנטראפן, די וואס ווערן פארערט און זיינען די פירער, די ערשטע רעדנער ביים פעסט און ביי דער פארזאמלונג.

פארשטייסטו דען ניט, פרעגט דער וועכטער, אז פאר דעם פאלק איז וויכטיק, אז די חברה זאלן שלאפן, און ווען נאר מעג־

לאַך, אויף אייביק? און דאַן — וועט דען די אונטערדריקטע לייב־
טער ווערן, ווען די זון וועט אויפגיין? וועט דען דער שמוץ אויס־
געראַמט ווערן? וועט דען די שלעכטסקייט צומאַכן די מויל, אָדער
די פאַלשקייט פארשטיקט ווערן? וועלן דען די, וואָס עסן דעם
פאָלקס פלייש און זויגן אוים זיינע געטראַנקען ביז די הייוון, ניט
עפענען ווידער די מיילער, ווען די זון וועט אויפגיין?

דער שרייבער אונטערברעכט דעם וועכטער און זאָגט אים
(אינם דריטן טייל), אַז רעדנדיק פון דער נאַכט, מיינט ער דעם
היינטיקן סיסטעם און, אַרומרעדנדיק אונזער גאַנצע ציוויליזאַ־
ציע, פירט ער אוים:

„פאַר קנעכט וועלן מיר ווערן פאַרקויפט. מיר וועלן תמיד אַרבעטן,
ווי שקלאַפן, ביזן באַגינען צו טאָגן, ביז די נאַכט איז צו ענד. דער
וועט אונז בייסן אין פוס, יענער וועט אונז קלאַפּן פון אויבן, אַ
אַנדערער וועט אונז פאַרפירן אין פינסטערער ווילדערניש, אין וויסטע־
ניש אָן אַ וועג.

„אָבער ווען, זאָג, וועט ענדלאַך אויפגיין די זון, ווען וועלן די
צענדליקער טויזנטער אויפשטיין פון שלאָף, — מענטשן פון פויאיקייטן
און וויסן וועלן אַרויסגיין באַוואָפנט, כדי זיך צו באַפרייען פון דעם
שקלאַפן־יאָך, כדי אָפּצושאָקלען פון זיך די פאַראַזיטן? — — —

„ווען וועלן פאַרשטיין די, וואָס קושן די הענט פון זייערע באַלע־
באַטים, אַז נאָר די אַרבעטנדיקע האַנט מאַכט דאָס רייכטום, ניט ירושה,
ניט שווינדל; אַז נאָר פון די אַרבעטער קומט די עשירות פון די אומ־
געריכטע, און אַז דאָס איז עס, וואָס זיי לאָזן איבער פאַר זייערע קינ־
דער נאָך זיך.

„און ווען וועלן זיי (די אַרבעטער) אָנפאַנגען צו פאַרשטיין זייער
אייגענעם ווערט אין דער וועלט? ווען וועלן זיי פאַרשטיין, אַז פאַר
אַרבעט איז דער איינציקער געצאָלט — אַרבעט, אַז דערפון קען זיך קיי־
נער ניט אויסקויפן, ווייל צו זיין אַרבעטער, ניט ליידיקגייער, ווערן
מיר געבוירן?

„זאָג מיר, וועכטער, זע איך באַשווער דיך אין דעם נאָמען פון
גאָט, ביז וואַנען וועט דער מענטשלאַכער נאָמען ווערן געשענדעט, ווען

וועט דאָס מאַרגנרויט ענדלאַך דורכברעכן די וואָלקנס — וועכטער, ווי
ווייט האַלט עס—אָ, זאָג מיר,—מיט דער נאַכט?״ *)

אַז די באַשוועררונג אין דעם נאָמען פון גאָט איז געווען צוּ־
ליב דעם גראַם „מליל״, איז ניט אומנויטיק צו באַמערקן, ווייל
דער שרייבער איז דעמאָלט געווען ניט נאָר אַ ניהיליסט, נאָר
אויך אַ פאַרברענטער אפיקורס. אָבער וואָס טוט ניט אַ יונגער
דיכטער צוליב אַ גראַם...

ווען או״ר האָט דורכגעלייענט מיין דאָזיקן שיר, און אויך

*) „לעבדים נמכר, עוד נעבד בפרך
עד אור הבקר, עד צאת זה הלילה;
זה ישופנו עקב, זה יהלמנו מלמעלה,
וזה יתענו ביליל ישימון, בתהו לא דרך.

מתי איפא, הגידה נא, יזרח השמש?
מתי יקיצו משנתם רבבות באנשים,
בעלי דעת וכשרונות, ויצאו חמשים
לפרוק עול העבדות מזחלי עפר כרמש?

מתי יבינו אלה נושקי ידי אדוניהם,
כי רק יד חרוצים תעשיר, לא ירושה, לא מעל,
כי רק מיד העובדים 27א) כל הון בליעל,
וזה רכושם יורישו לבניהם אחריהם?

ומתי יחלו להכיר ערכם בחלד,
מתי יבינו העובדים בזעת אפים,
כי שכר עבודה—עבודה ואין לפעל ידים
בל כופר? פועלים אנו, ולא לבטלנים נולד.

הגידה שומר, ראה השבעתיך בשם האל,
עד מתי שם האדם לשמצה יפרע?
מתי יבקע השחר, מתי יבקע?
שומר, מה מלילה, שומר, מה מליל?״

מיינעם אַ צווייטן, אַ קירצערן שיר, וואָס איך האָב אָנגערופן „למי אני עמל?“ (פאַר וועמען אַרבעט איך?), האָט ער באַשלאָסן, אַז איך מוז ווערן אַ סאָציאַליסטישער שרייבער.

— אין אַזוינע שירים, — האָט א. וו. ראַבינאָוויטש צו מיר געזאָגט, — נויטיקט זיך דער „האמת“; שיק, לכל־הפּחות, איינעם פון זיי צו ליבערמאַנ׳ען אין ווין.

— סטייטש, ליבערמאַן קען דאָך מיר כל ניט, — האָב איך געענטפערט.

— וועגן דיין פערזענלאַכקייט און דערגלייכן, — האָט ראַבינאָוויטש באַמערקט, — וועל איך אים שרייבן, און דו שיק איינעם פון דיינע לידער.

—אויב אַזוי, — האָב איך געזאָגט, — וועל איך אים שיקן דעם שיר „למי אני עמל?“ דאָס ערשטע („שומר מה מלילה?“) איז אין מיינע אויגן געווען דער וויכטיקסטער פון אָט־די ביידע, נאָר דאָס צווייטע איז געווען קירצער און דער סאָציאַליסטישער געדאַנק מער בולט.

— זייער גוט, — האָט געענטפערט או״ר, — שיק, און אויב מעגלאך—וואָס פריער, אפשר וועט עס נאָך אריין אינם דריטן העפט.

דעם זעלבן טאָג האָב איך געשיקט דעם שיר, נאָר דער דריטער העפט איז שוין געווען אינם דרוק. אין אַ חודש אַרום האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער פערטער העפט, וואו עס האָט זיך געזאָלט אַנטהאַלטן מיין שיר, איז פאַרבאָטן געוואָרן אין עסטרייך (און ממילא אויך אין רוסלאַנד), אַז דער רעדאַקטאָר ליבערמאַן איז אין טורמע אין ווין.

דער „האמת“ איז, אַלזאָ, אונטערגעגאַנגען.

אינצווישן בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט ראָדקינסזאָנ׳ען, פון וועלכן ב׳האָב שוין גערעדט אינם פריערדיקן קאַפּיטל. ער איז געווען אַ ברודער פון י. ב. פרומקין, דער רעדאַקטאָר פונם (העברעאישן) וואָכנבלאַט „חבצלת“ אין ירושלים. וואַרשיינלאַך איז אויך ראָדקינסזאָנ׳ס נאָמען פריער געווען פרומקין, נאָר ער האָט אים

גענענדערט, כדי זיך צו באפרייען צו גיין אין סאָלדאטן: עס האָט געהייסן, אז ראָדקינסזאָן איז א בן־יחיד ביי זיינע עלטערן און איז דערפאר פריי פון מיליטער דינסט.

דער רעזולטאט פון מיין באקאנטשאפט מיט ראָדקינסזאָנ'ען איז געווען א צווייפאכער:

ערשטנס, האָב איך גענומען שרייבן אין דעם קעניגסבערגער זשורנאל „אספת־חכמים" און, צווייטנס, בין איך גלייך דאָן ארויסגעפאָרן מיט א זשארגאָן־ארטיקל. *)

דער דאָזיקער ארטיקל, דער ערשטער פון מיין יונגער פעדער אין פראָסט מאמע־לשון, איז געדרוקט געוואָרן אין דעם „קול־לעם" פונם 26טן אָקטאָבער 1877, מיט א חודש שפעטער ווי דאָס געדיכט „שומר מה מלילה" אינם „אספת־חכמים".

אין דעם „אספת־חכמים" האָט צום ערשטן מאָל פאר דעם אידישן פובליקום זיך פאָרגעשטעלט דער גענאָסע בן־נץ. דאָס אידישע אַרטיקל איז געווען אונטערגעשריבן בן־קאָוונע, אשטייגער בן־נצ'ן האָט ניט געפאסט צו שרייבן אידיש? אפשר...



*) זע ערשטן באַנד.

**דער „אמת“ און מיין שייכות צו אים. — אַ געפּער־לאַכטע שטיקל פּוסטע גאוה. — ליבערמאַן אַלס שרייבער. — דער „אספּת־חכמים“ אַ קאָנקורענץ־בלאַט. — הוראַ, איך ווער רעדאַקטאָר! — עס איז גוט צו זיין יונג!**

אויף מאָרגן נאָך אונזער ערשטער באַקאַנטשאַפט איז א. וו. ראַבינאָוויטש מיט מיר געגאַנגען צו דער „קעניגסבערגער פרייער פּרעסע“, אַ סאָציאַליסטיש וואָכנבלאַט. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן רעדאַקטאָר. נאָכדעם זיינען מיר אוועק צו אַן אַלטן חבר, וואָס האָט געהאַלטן צו פאַרקויפן פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, ווי די בראָשורן, וואָס אַנטהאַלטן לאַסאַל'ס רעדעס, די קליינע שריפטן פון מאַרקס, בראַקע, מאָסט א. ד. גל. איך האָב זיך אויך אַבאָנירט אויף דעם אָפיציעלן סאָציאַליסטישן אָרגאַן „פאָרווערטס“, וואָס איז דעמאָלט אַרויס אין לייפּציג, דריי מאָל אַ וואָך. גלייכצייטיק האָב איך זיך אַבאָנירט אויף דער „בערלינער פרייע פּרעסע“, אַ טעגלאַכע צייטונג, וואָס איז אַרויס דאָס רוב אונטער דער רעדאַקציע פון יאָהאַן מאָסט. איך זאָג „דאָס רוב“, ווייל מאָסט פּלעגט פון צייט צו צייט פאַרשפּאַרט ווערן אין טורמע. ניט ווייניקער ווי אַ זעקסטל פון זיין לעבן האָט מאָסט פאַרבראַכט אין די טורמעס פון עסטרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אַמעריקע.

אינם משך פון עטלאַכע וואָכן האָב איך גאַנצענע טעג געלייענט סאָציאַליסטישע ביכער און צייטונגען. אחוץ די עטלאַכע שעה אין וואָך, וואָס איך האָב אויסגעבראַכט אין טעאַטער. יעדער מינוט, וואָס האָט ניט געהערט צו פיינבערג'ן און צו זיין געשעפט, איז געווען אָפּגעגעבן אויף לייענען סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין דייטש.

נאָר מיין התמדה אין דער מאָס האָט ניט אָנגעהאַלטן לייַנ־גער ווי די עטלאַכע וואָכן, וואָס איך האָב דערמאָנט. ניט, חלילה, דערפאַר, ווייל איך האָב זיך אָנגעהויבן פוילן. אדרבא, מיין אַק־טיוויטעט האָט זיך פאַרשטאַרקט מיט יעדן טאָג אין דער מאָס, וואָס מיין וויסן האָט זיך פאַרמערט און עס איז געוואַקסן מיין האָפענונג צו ווערן „ווער עס איז“ און אויפטאָן „עפּעס וואָס“ אין מיין נייער וועלט. נאָר אינצווישן האָב איך זיך באַקאַנט מיט ליבערמאַנ׳ס ווערק, די ערשטע צוויי נומערן „האמת“. דאָס זשורנאַלעכל האָט מיר פשוט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. עס איז געווען אַ זעלטן געראָטענע זאַך: אַ פיינער, זויבערער, ערלאַכער, ליטעראַרישער פּראָדוקט. ער איז געווען אַזוי ריין פון דרוק־פעלערן, ווי פון גראַמאַטיקאַלישע און שפּראַכלאַכע פעלערן; ער איז געווען פריי פון די דעמאָלדיקע געוויינלאַכע חניפות צו די לעזער, פון די הבטחות, וועלכע מען האָט ניט געמיינט צו האַלטן, און פון די מליצה־פראַזן, אין וועלכע קיינער האָט ניט פּרובירט געפינען קיין אינהאַלט. אַזוי ווי קיין אַרטיקל איז ניט געווען אונטערגעשריבן און דעם רעד־דאַקטאָר׳ס נאָמען איז געווען פאַרשטעלט (אַרטור פרימאַן האָט זיך ליבערמאַן דאַן גערופן), איז דאָרטן אַלץ געווען לשם שמים, פריי פון פּערזענלאַכער גאוה, ווירקלאַך באַגייסטערט פון אַ וואונטש צו נעמען אַן אָנטייל אין דעם גרויסן עמאַנסיפּאַציאָנס־קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

ענדלאַך אַ צייטשריפט. וועלכע מ׳קען ליבן! ענדלאַך אַ זאַך, פאַר וועלכער עס לוינט זיך צו אַרבעטן!

און צו דער אַרבעט האָב איך זיך גענומען כמעט גלייך, אויף דער שטעל, — צו דער אַרבעט אין צוויי ריכטונגען: שרייבן און געלט־זאַמלען, מיט דער פעדער אין איין האַנט, מיט דער רוי־טער פּאַטשיילקע אין דער צווייטער.

די מעשה איז אַזוי געווען:

איין טאָג האָב איך זיך באַקענט מיט אַ סטודענט) וועלכער

שנה ראשונה. Nr. 2. תמוז, ה' תרל"ז.

DIE WAHRHEIT.

מחירה לשנה: 1 ראָללאַר; 1 רו"כ; 1½ פלאָרין אַ"וו.; 5 שיללינג'ס או מארק; 4 פראנק'ס: כל ארץ לפי

# הָאֱמֶת.

מטבעותית. החותם על מחצית השנה ישלם 60% כן מחיר השנה. את המחיר ישלמו תמיד מראש.

מִכְתָּב־עִתִּי חָדְשִׁי.

בְּנַפְשָׁךְ הִלָּחֵם בְּעַד הָאֱמֶת. יבן־סירא. ד׳ ל׳.



## מלחמת היקום בעד קיומו ביחס אל־חיי החברה.

מעת אשר החלו החוקרים להתבונן במעשה בראשית גם למה שאחורי הפרגוד. צלחה להם לגלות מעט את המסך מעל מסתרי הטבע ויכירו, כי התולדה מפזרת את כתותיה במדה נפרזה, בטרם תעלה בידה גם תועלת כמעט. על עצמת הפזרון כונו סדרי־בראשית, אשר הרבו לפנים לשבחם ולפארם, וקיום כל היקום נקנה במחיר כליון חרוץ של מרבית הזרעים והחיים, אשר לא התלכדו המקרים לטובת גדולם וקיומם. כל הצמחים והחיים מסגלים לפרות ולרבות עד בלי שעור, ואם לא יפריעו סבות חצוניות את תהלוכת התרבותם, יוכלו תולדות זוג אחד לכסות במשך עת ידוע את־פני כל הארץ, עד כי לא תשא הארץ אותם. וגם האדם, המתרבה רק מעט בערך אל יתר בעלי החיים, יוכל להכפיל את מספרו במשך כ"ה שנים. אם לא יקומו המקרים לשטן לו. על כן תפרץ בתולדה מלחמת האזרחים, כאשר ירבה מספר האישים ממין אחד או ממינים שונים. הצמחים נלחמים איש את רעהו מלחמת הַשְּׁמֵד בעד כברת הארץ אשר יינקו ממנה, וכאשר נזרע תלם אחד כלאים ונערב אח"כ את זרעו שנית ושלישית ונזרעהו בתלם ההוא פעם אחרי פעם, ינצח סוף סוף את יתר רעיו הצמח היותר מסגל לאקלים התלם ההוא ולאדמתו ולא יתן לרעיו לראות חיים, למען תהי האדמה לו לבדו. גם לכל משפחות החיים מלחמת איש ברעהו לאמר: למי הארץ? וכל דאלים גבר ינרש מפניו את הרפה ממנו. מלחמת היקום בעד קיומו הוא חוק התולדה כלה. מן הדומם והצומח ועד החי והאדם, וחוקרים רבים מצאו את החוק ההוא גם בעולמות העליונים (הם גופות השמים, הנקראים בשם כבבים) וגם בחברות האדם.

הכליון יבא לרגלי המחסור בכל הדברים הנחוצים לקיום הצומח והחי, ובפרט לרגלי חסרון המחיה. מלבד זאת יַרְבֶּה עוד המות לקצור קצירו בין החיים אשר הם לברות לאחרים. דאגת הפרנסה (במובן היותר רחב) או השאלה הָאֶקְנוֹמִית היא המניע היחידי (אבל בצורות שונות) לכל מעשי בראשית ולא רק לאדם לבדו, והמחסור הוא יאסור את מלחמת־היקום, עד אשר תהי למלחמת־הַשְּׁמֵד. מלחמה בין התולדה החיה

איז געווען מיט עטלאכע יאָר עלטער פאַר מיר. זיין נאָמען איז געווען אדאָלף מארגאָלים, דעמאָלט א סטודענט פון מעדיצין אין קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, שפּעטער א דאָקטאָר אין ניו יאָרק. ער איז געווען א פאַנאַטיקער מיט זייער באַשרייַנקטע פייאיקייטן, באזונדער אין דערלערנען שפראכן. העברעאיש האָט ער אביסל פארשטאַנען, נאָר ניט צום שרייבן, און ניט בלויז צום שרייבן זאכן, וואָס זאָלן פארעפנטלאַכט ווערן, נאָר אפילו צום שרייבן בריוו צו חברים א. ד. גל. זיין התלהבות בנוגע צום סאָציאַליס־טישן אידעאַל איז אויך געווען א באַגרעניצטע. און דער דאָזיקער מענטש האָט געקליבן אבאָנענטן אויפן „האמת“! איך האָב אים מקנא געווען און כמעט באַלד זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַר־בעט.

ווען אָבער דערפון איז דער רעזולטאַט געווען ניט איבעריק פעט, איבערהויפּט ווייל דער זשורנאַל איז אינגיכן אונטערגעגאַנגען, איז מיין טעטיקייט מיט דער פעדער געווען אזעלכע, אז זי האָט פון איין זייט קיין ערפאָלג גאָר ניט געהאַט און פון דער אַנדערער זייט איז זי, אָט־די ליטעראַרישע טעטי־קייט מיינע, געווען די דירעקטע אורזאַך פון מיינע שפּעטער־דיקע וואַנדערונגען — איבער דענמארק קיין ענגלאַנד, פון דאָרט קיין פראַנקרייך, צוריק נאָך ענגלאַנד און פון דאָרטן קיין אַמערי־קע, וואו איך זיץ היינט שוין דאָס דרייצנטע יאָר,*) זיץ ווי אַן אייביקער אומרו, ווי דאָס הארץ אין דעם גוף פון א מלוה, זיץ און וואַרט אויף אַן ערלייזונג, דערווייַלע שרייבנדיק ערשײנע־רונגען.

אָט וואָס האָט פּאַסירט:

איך האָב פאַרן „אמת“ אויפגעשריבן א געדיכט: „למי אני עמל?“ האָט דאָס געהייסן א פּראָלעטאַריער־ליד מיט אַלע קלוי־

*) אָט־די שורות זיינען געשריבן אין יאָר 1907.

פערלאָך. דער אויפגעוואַכטער פרעגט: למי אני עמל—פאַר וועמען אַרבעט איך? און דאָס ניט גלאַט אין דער וועלט אריין. אַטדער פון שלאָף אויפגעשטאַנענער פּראָלעטאַריער ווייסט שוין וואו די מכה זיצט. הגם ער רעדט נאָך ניט פון קיין הייל־מיטל. ער ווייסט שוין, אַז רייכטום הייסט אַנגעזאַמלטער, געראויבטער „מערווערט". דאָ איז דער אינהאַלט:

„פון מאָרגן ביז אָוונט זיינען מיינע הענט פול מיט אַרבעט און דאָך גייט אויס מיין פאַמיליע אָן ברויט און אָן קליידונג! פאַר יעדן הולטאַי, וועלכער ווערט פול פון מיין חורבן, פאַר יעדן לייידיקגייער מוז איך מיך בוקן; וואו איז דער לוין פון מיין אַרבעט אַחוץ אַ טרוקן שטיקל ברויט? און וואָרום זאָל איך האָרעווען אומזיסט, ניט וויסן קיין רו, אַרבעטן אויפן ווינט, אַרומגיין געבויגן; פאַר וועמען קוועל איך מיך און פאַרליר אַל־דאָס גוטס?" *)

האַבנדיק געשילדערט זיין לאַגע אַלס פאַבריק־אַרבעטער און זיין נויט, ווען ער האָט מיט זיין פּראַצע נאָר רייך געמאַכט דעם פאַבריקאַנט, זאָגט ער אין דער דריטער סטראָפע, אַז ער האָט געבויט פּאַלאַצן פאַר די רייכע און אין דער זעלבער צייט איז זיין ווייב געוועזן טויט־קראַנק אָן אַ בעט אונטער זיך און דאָס ניט

*) מבקר עד ערב ידי מלאות עבודה,
ונפשות ביתי גועות באין לחם ושמלה;
לכל נפרד לתאוה רק מחרבני ימלא,
לכל פוחז וריק, הדור בלבושו אסגדה. —
מה שכרי מכל עמלי, זולתי פת חרבה?
ולמה זה הבל איגע, לא אדע מנוח,
למה איגע לריק, למה אלך שחות,
למי אני עמל ומחסר נפשי מטובה?

מער, ווייל די וועלט מיט אלע אירע אוצרות געהערט צו די רייכע לייט.

אין דער פערטער סטראָפע שילדערט ער די לאגע פון זיין טאַכטער אלס דינסטמיידל און זאָגט דאָן:

„אלע האָבן געשאפן מיינע הענט, אלע האָבן אויסגעארבעט מיינע פינגער און וואו איז דער לוין פאר מיין מי אונטערן הימל? איך קריג פון אלע, וואָס קומט ארויס פון דער ערד, נאָר אייזערנע קייטן, נאָר אַן ערד־בעט פאר מיין גוף, נאָר אַ שטיין פאר מיין צוקאָפּנס; פון גאָר די אייזן האָב איך נאָר דעם ביקס, מיט וועלכן מען ברעכט מיין קאָפּ (אין מלחמה), אַנשטאָט די גביר׳ישע; פון גאָר די געהילץ האָב איך נאָר אַ שטעקן, מיט וועלכן מען שלאָגט מיך, און פאר וועמען קוועל איך מיך און פארליר אַל־דאָס גוטס?" *)

און ער ענדיקט זיין קלאָג־ליד מיט אַ סטאַנזאַ, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

אַ גנב משפּט מען נאָר, אויב מען געפינט אים באַהאַלטן. אַ מערדער ווערט מיט טויט באַשטראָפט, נאָר ווען מען כאַפּט אים מיט פלעקן אויף די קליידער. ווען אָבער איינער נעמט ארונ־טער אַ טייל פון דעם לוין־ארבעטער׳ס פארדינסטן, און פילט

*) הכל ידי פעלו, הכל מעשה אצבעתי,
ואיה שכרי מכל עמלי תחת השמים?
לי מכל מוצא־האדמה רק הנחשתים,
רק גושי־עפר לגוי, ואבן למראשותי;
מכל כלי־ברזל למעני רק קנה־הרובה,
תחת ראש העשירים, לרצץ גולגלתי;
מכל כלי־עץ עבורי מקל־חובלים פעלתי,
ולמי אני עמל, מחסר נפשי מטובה?

אַן זיין אוצר פון אים, דאַן הייסט ער אַ בריה, אים גיט מען אַ קרוין פון באַרימטקייט. ‡)

דעם שיר האָב איך אַוועקגעשיקט צו ליבערמאַנ׳ען איינגע־וויקלט אין אַ בריוו, וועלכן דער שוואַרץ־יאָר (דאָס הייסט אַן אַנפּאַל פון אינגלישער פּאָסטער גאוה) האָט מיך געריסן צו שרייבן אויף דייטש. אויף ליבערמאַנ׳ען האָט מיין שיר, ווען ניט דער בריוו, הגם איך גלויב, אַז דער בריוו אויך, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט מיר געענטפערט אין אַ לאַנגן ענטוזיאַסטישן אויסגוס פון ליבע און הערצלאַכקייט, האָט מיר פון ווין אויס דערלאַנגט זיין ברודער־האַנט און האָט באַהאַלטן מיין געדיכט פאַרן פערטן נומער — דער דריטער האָט זיך שוין געדרוקט — פאַר יענעם פערטן נומער, וועלכער איז קיינמאָל ניט דערשינען, ווייל דעם „אמת“ האָט מען אונטערגעדריקט אין רוסלאַנד, און ליבערמאַן איז באַלד געזעסן אין אַן עסטרייכישער טורמע. אין דעם פּרט, אַלזאָ, איז מיין טעטיקייט געבליבן אַן ערפאָלג. דריי־פיר מאָל אָבער האָבן מיר זיך איבערגעשריבן, און וואָס אַמאָל אַלץ ענטוזיאַסטישער, יעדעס מאָל אי ער, אי איך אין דייטש, און דאָס האָט מיך „באַגראָבן“, ווי מיינע עלטערן האָבן שפּעטער געטראַכט, ווייל אויף דעם סמך פון די בריוו, די דייטשע בריוו, וועלכע מען האָט געפונען ביי ליבערמאַנ׳ען, האָט מען מיך מיט אַ יאָר שפּעטער איינקוואַרטירט אין דעם קעניגלאַכן פּאַלאַץ פון קעניגסבערג (טיש און וואוינונג פריי!).

---

מיט ליבערמאַנ׳ען בין איך באַקאַנט געוואָרן ערשט אין צוויי יאָר אַרום און וועל דערפאַר, כדי ניט צו כאַפּן די פיש פאַרן נעץ, אָפּלייגן אַ גענויערע באַשרייבונג פון אים ביז דער צייט, ווען איך

‡) גנב יבא בפלילים — בהמצאו במחתרת,
רוצח לא ימות — אם חמוץ בגדים איננו;
מקפח שכר שכיר, ממלא אוצרותיו „ממנו“,
בעל יד־חרוצים יקרא, לו „עטרת תפארת“.

וועל קומען צום יאָר 1880 אין לאָנדאָן. דאָ וועט געננג זיין צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם שרייבער ליבערמאַן, אַזוי ווי ער האָט זיך אונז פאָרגעשטעלט אין זיינע שריפטן אין דעם יאָר 1877.



אהרן שמואל ליבערמאַן

ווי איך האָט, וואַרשיינלאַך, שוין פאַרשטאַנען פון די עט־לאַכע ווערטער וועגן דעם ערשטן איינדרוק, וואָס דער „אמת" האָט אויף מיר געמאַכט, איז ליבערמאַן ניט געוועזן גלאַט אין דער וועלט אריין אַ סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר, וועלכער האָט

געשריבן העברעאיש, נאָר טאקע א שריפטשטעלער, א ליטעראט אין דעם פולן זין פון וואָרט, דערביי אָבער א סאָציאַליסט. אין אמת'ן איז ער געווען אפילו אַן עסטעטיקער, וואָס איך וואָלט רופן א ליטעראַרישן בעל־מפונק.

דאָס האָט געהאַט גוטע און שלעכטע זייטן. ליבערמאַנ'ס געטאָקטער, פאַלירטער ליטעראַריש־ריינער לשון־קודש האָט דעם עולם איינגעגעבן רעספּעקט פאַר זיין צייטונג, דאָס איז געווען א גרויסע מעלה. אָבער פון דער געטאָקטקייט און געהובלטקייט אין א לשון ווי העברעאיש, א לשון מיט אַזוי ווייניק ווערטער, איבער־הויפּט פאַר היינטיקע מאָדערנע ענינים, האָט נאַטירלאַך געליטן דער פּראָסטער פּשט, די פאַרשטענדלאַכקייט, און דאָס איז געווען א גרויסער חסרון. דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז דער פּלאַן פון די אַרויסגעבער פונם „אמת" איז געווען, אַז די צייט־שריפט זאָל דורכגעשמוגלט ווערן דורך דער רוסישער צענזור. מען האָט אויף דעם אופן געמוזט שרייבן אַזוי, אַז אין רוסלאַנד זאָל מען דאָס געשריבענע מוזן לייענען צווישן די שורות און דאָ איז ליבערמאַנ'ס סטיל געווען דאָפּלט שווער צום פאַרשטיין.

פון זיין שרייבן האָט מען שוין געקענט זען, אַז ער, וועל־כער איז געווען א פולשטענדיק אייראָפּעאיש געבילדעטער מענטש, איז געבליבן א תלמודיסט, דאָס הייסט, א גמרא־קעפּל, א למדן, א חריף, א מענטש, וואָס האָט האַלט צו זען, ווי דער לעזער קנייטשט דעם שטערן, צופּט דאָס בערדל און ברעכט דעם צונג מיט פאַררעטעריש־הייסער, אָבער פעטער יויך, בשעת ער קלערט: וואָס, אשטייגער, האָט דאָ דער שרייבער געקענט מיינען מיט... און אַזוי ווייטער.

דאַן האָט זיך ליבערמאַן אין זיינע שריפטן אַרויסגעוויזן אַלס א פילאָלאָג מיט דער אַמביציע צו רעפאָרמירן די אַלטע העברע־אישע שפּראַך. זי, וועלכע האָט נאָך געהאַלטן אין איר אַנט־וויקלונג — ווייניקסטענס ביי די „עבטע" ליטעראַטן — ביים חורבן בית שני, ווען דער וועלט־פּראָגרעס האָט שוין געהאַט אַרי־בערגעשפּרייזט דעם בלוט־פלוס פון דער מאַי־וואָך אין דער פּאַ־

ריזער קאָמונע, האָט שוין געהאַט אָנגעשטויסן אָן שטעקער׳ס דייטשישן אַנטיסעמיטיזם און דעם סמילער פּאָגראָם אין רוסלאַנד, ווערנדיק רויט דאָ פון דער קאָמונע־בלוט, דאָרט פאַר שאַנדע פאַרן נײַנצנטן יאָרהונדערט, וועלכער איז געוואָרן אַ אידן־פרעסער אויף דער עלטער.

אַלזאָ, ליבערמאַן, האָט מען געקענט זען, האָט געהאַט די אַמביציע צו רעפאָרמירן די אַלטע העברעאישע שפּראַך. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט ער פּרובירט אײַנפירן גרעסערע אותיות פאַר דעם אָנהויב וואָרט אינם אָנהויב פון אַ זאַץ און האָט דאַגעגן געזוכט צו אידישן פרעמדע ווערטער, אויסלייגנדיק אייראָפּע— ערבה (מיט אַ צירה אונטערן „עין“ און אַ קמץ אונטערן „ריש“), אַזיע — אסיה און אַזוי ווייטער. אין דעם פאַל פון אייראָפּע האָט ער אויסגע׳פּשט׳עלט, אַז אייראָפּע איז דאָס „אָוונט־לאַנד“, דער אָקסידענס (לגבי אַזיע, וועלכע איז דאָס „מאָרגן־לאַנד“, דער אָריענט) און דערפאַר, הייסט עס, איז אייראָפּע—ערבה, פון דעם וואָרט „ערב“, וואָס באַטייט אָוונט.

פון זיין שרייבן האָט מען אויסער דעם געקענט זען, אַז ער איז אַ איד,ווען אויך ניט קיין נאַציאָנאַליסט. מען האָט אויך גע־קענט זען אַ ליבנדעם האַרץ, אַ שאַרפן מוח, אַ נשמה פון אַ קינסטלער, אַ גרויסע באַלעזנקייט, דאַגעגן אָבער ווייניק הומאָר, ווייניק אײַנבילדונגסקראַפט.

דאָס וועט פאָרלויפיק מוזן זיין גענוג וועגן אים, וועלכער האָט דער ערשטער גענומען רעדן סאָציאַליזם צו די אידן אין דעם לשון פון ישעיה בן־אמוץ.

---

אין סעפּטעמבער 1877, נאָך איידער דער „אמת“ איז פאַר־באָטן געוואָרן, האָט ראָדקינסזאָן אָנגעציינגט אַ נייעם העברעאישן זשורנאַל אונטער דעם (לעבערלאַכן) נאָמען: „אספת חכמים“.

אין זיין פלינקן אונטערנעמערישן מוח איז דער געדאַנק אַרויסגעקומען גלייך ווי ליבערמאַנ׳ס זשורנאַל איז דערשינען. ראָדקינסזאָן האָט נעמלאָך געזען דריי זאַכן: ערשטנס, אַז דאָס,

וואָס אַ זשורנאַל איז, ווי, למשל, דער „השחר“ אָדער (גאָטלאָ־בער'ס „הבקר־אור“, אַ ביכל פון עטלאַכע בויגן, איז גאָר ניט קיין „הלכה למשה מסיני“; צווייטנס, אַז אויב מען קען ווירקלאַך האָבן אַ זשורנאַל פון ניט מער ווי איין-איינציקן בויגן (16 זייטן), דאַן קען ער דאָס האָבן לייכטער פאַר אַן אַנדערן, ווייל ער האָט אַ וועכנטלאַכע צייטונג, דורך וועלכער עס באַקאַנט צו מאַכן; און, דריטנס, אַז אַזאַ איינבויגנדיקער זשורנאַל קען מען פאַרקויפן ביליק און מען קען דערמיט קאָנקורירן מיט די טייערע, דיקע זשורנאַלן.

געזאָגט — געטאָן!

אָבער, האַלט! וואו נעמט מען די שרייבער? אַ האַרבע קשיה. אמת, עס איז דאָ אַ שיין ביסל שווערע ליטעראַטור, וועלכע איז צו האַמעטנע פאַר אַ וועכנטלאַכער צייטונג און מיט וועלכער מען וואָלט אפשר געקענט אויספילן אַ „געלערנטן“ זשורנאַל. צום אומגליק אָבער איז די דאָזיקע שווערע ליטעראַטור (דערקלערונג פון האַרבע פסוקים, גרויסע אָדער קליינע פלפולים, אָרים־בחורישע פילאָזאָפיע און נאָך אַזעלכע זאַכן) ניט אינטערעסאַנט גענוג צוצוציען דעם נייעם סאָרט לעזער, וועלכע — דאָס האָט ראָד־קינסזאָנ'ס שאַרף אויג דייטלאַך געזען — זיינען שוין אַריבער־געוואַקסן אפילו דעם „השחר“.

און בשעת ראָדקינסזאָן האָט געקלערט „מאין יבוא עזרי“ (פון וואַנען וועט קומען מיין הילף), האָבן מיר, א. וו. ראַבינאָ־וויטש און איך, געקראָגן צו וויסן, אַז דער „אמת“ (דאָס דריטע ביכל) איז אין רוסלאַנד פאַרבאָטן.

און איין נאַכט, ווידער שפּאַצירנדיק איבער די קעניגסבערגער גאַסן, האָבן מיר דעם עסק אַרומגעשפּראָכן אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף, און זיינען געקומען צום פאָלגנדיקן באַשלוס:

היות, אַזוי ווי אַן אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסטישער זשורנאַל וועט זיכער ווידער פאַרבאָטן ווערן;

היות, אַזוי ווי שרייבן אַזוי, אַז מענטשן זאָלן לייענען צווישן

די ציילן, הייסט ריזיקירן, אז מען זאָל (אין דער מאסע) אפילו די ציילן גופא ניט פארשטיין;

היות, אזוי ווי מען מוז פּאָרט ווי עס איז ארייַנ'גנבּ'ענען אונזערע אידייען אין רוסלאנד — דורך א הינטער־טיר, אויב עס איז ניט מעגלאך דורך דעם פראָנט־אריינגאנג;

והיות, אזוי ווי ראָדקינסזאָנ'ס „אספפת חכמים", האָבנדיק אי אַן אומשולדיקן פּנים, אי א כשר'ן ארויסגעבער, אי אייניקע אזעלכע מיטארבעטער, וואָס צווישן זייערע ארטיקלען קען דער סאָציאַליזם ארייַנגעשמוגלט ווערן אין רוסלאַנד, אשטייגער, וו קאָנטראבאנדיסטן שמוגלען אריין דימענטן אין האָלענדער קעז,—

באשליסן מיר ארייַנצונעמען דעם „אספפת חכמים" אין אונזערע הענט.

ראָדקינסזאָנ'ס באקאַנטע אומשולד אין עניני סאָציאַליזם, זיין „הקול" אלס רעקלאַמע־מאכער, די סאַמע לעבערלאכקייט פון דעם נאָמען (אספפת חכמים) האָבן אונז פארשפּראָכן ערפאָלג.

ביי א גלאָז ביר אין דער האלע פון דער קעניגסבערגער נייער בערזע זיינען געשלאָסן געוואָרן די תנאים מיט דעם הער ארויסגעבער. או"ר און בן־נץ זיינען געוואָרן די רעדאקטאָרן פון דעם „אספפת חכמים", און די זעלביקע וואָך האָב איך זיך גענומען צו דער ארבעט.

יאָ, איך האָב זיך דערצו גענומען, איך, ניט מיר, מחמת ראַבינאָוויטש איז ארום יענער צייט אוועקגעפאָרן פון קעניגסבערג קיין זערקאָוו (אין פּאָזען), וואו ער האָט געקראָגן א לערער־שטעלע.

דער זשורנאַל איז געבליבן אויף מייַנע הענט! א רעדאקטאָר — א קלייניקייט אפשר? — פון אזא זשורנאַל, פון א זשורנאַל, וועלכער וועט, אויב עס וועט נויטיק זיין, איבערנעמען ליבערמאַנ'ס ארבעט!

עס איז, לאָמיך דאָ באמערקן, דעמאָלט נאָך ניט געווען זיכער, אז דער „אמת" וועט מער ניט דערשיינען.

בקיצור, איך בין געווען אויפן פערד, און הגם דער עסק איז

געבליבן אַ סוד אפילו פאַר מיינע אינטימסטע פריינט גאַנצע זעקס חדשים נאָכדעם, איז מיין שטאָלץ געווען גרויס און—פאַר אַ יונגעגמאַן פון איין־און־צוואַנציק יאָר—פיליכט באַרעכטיקט...

און איצט, זייענדיק גאַנץ אַליין, האָב איך גענומען קלערן פּלענער, ווי אַזוי צו נאַרן דעם צענזאָר. ווי שרייבט מען עפּעס אַזוי, אַז ערנסטע געדאַנקען זאָלן ווערן מער אָדער ווייניקער קלאָר אויסגעדריקט און דאָך זאָל דער צענזאָר זיי ניט האַלטן פאַר ערנסט?

אָט, למשל—איז מיר איינגעפאַלן—אַזאַ מין פאָרם, ווי גאָגאָל'ס „זאַפּיסקי סומאַסשעדשעוואַ"!.. אָבער... דאָס וואָלט, אָן גאָגאָל'ס טאַלאַנט, ענטוועדער ניט איינגעגעבן זיך, אָדער אַניט אַרויסקומען נאָך ווייניקער פאַרשטענדלאַך ווי ליבערמאַנ'ס „מעשה שטן" (אַ פעליעטאָן פון זיין פעדער אין דעם דריטן העפט „אמת") און וואָלט דערפאַר ניט דערגרייכן דעם ציל...

וואָס טוט מען?

איך וועל שרייבן אַ ראָמאַן.. יאָ, אַ ראָמאַן, ווי טשערנישעווסקי האָט געטאָן... אַ ראָמאַן און געדיכטן וועל איך שרייבן און וואָס ניט? וואָס איז פאַר מיר צו שווער? איז ניט די וועלט מיינע?

און עס איז געוואָרן אַ געדיכט, און עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט צו אַ גרויסן (יאָ, אַ גרויסן—ניט אַנדערש ווי אַ גרויסן) ראָמאַן, וועלכן איך האָב אַ נאָמען געגעבן „פנים חדשות (נייע געשטאַלטן) און... יאָ, און אַ קריטיק וועל איך שרייבן... קריטיק געוויס!

און דאָ פיר סאָציאַליסטישע צייטונגען צו לייענען: אַ טעגלאַכע (די בערלינער „פרייע פּרעסע"—„רייכסטאַגס־אָפּגעאָרדנטער", יאָהאַן מאָסט, רעדאַקטאָר); דער פּאַרטיי־אָרגאַן „פאָרווערטס", דריי מאָל אַ וואָך; די קעניגסבערגער לאָקאַלע צייטונג, איינמאָל אַ וואָך, און די אילוסטרירטע „נייע וועלט", — צו לייענען און ווי צו לייענען? אפילו די אַנאָנסן זיינען מיר דאַן פאַרגעקומען הייליק.

חוץ דעם איין בראָשור נאָך דער אַנדערער, איין מיטינג נאָך דעם אַנדערן — איך הער, און לייען, און שרייב, און פּלאָ־נעווע, און מאַך באַקאַנטשאַפטן (פון געדיכטן) און קאָרעספּאָנדיר מיט שרייבער, און דאָ דאַרף מען ארבעטן, שרייבנדיק רוסישע און העברעאישע געשעפטס־בריוו פאַר אַ קויפמאַן, כדי צו פאַר־דינען דאָס שטיקעלע ברויט, ארבעטן צען שעה אַ טאָג.

אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט! איך גיי נאַכט פאַר נאַכט שלאָפן אום איינס, אום צוויי און זייער אָפט אפילו נאָך שפּעטער, און האַלב נאָך זיבן בין איך שוין ביי דער ארבעט.

עס איז גוט צו זיין יונג!



ד אָ ס ע ר ש ט ע ה ע פ ט „אספּת־חכמים". — ראַדקינס־זאָנ׳ס פּראָגראַם־אַרטיקל. — שערעשעווסקי׳ס שיר. — „די אר־בעטער־פראַגע אין אַמעריקע". — אהרן ליבערמאַנ׳ס פּאַטער.— אַ פּלאַן ווי אָפּצונאַרן דעם צענזאָר. — ערשיינט: דער משוגע־נער פילאָזאָף.

אין סעפּטעמבער 1877 איז אַרויס דאָס ערשטע העפט „אספת־חכמים". דאָס העפט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּראָגראַם־אַרטיקל „האספה תפתח" (די פאַרזאַמלונג ווערט געעפנט) פונם אַרויסגעבער מיכאל לוי ראָדקינסזאָן. דאָס איז געווען זיין איינ־ציקער אַרטיקל אין אַלע אַכט נומערן פונם „אספת־חכמים". ראָד־קינסזאָנ׳ס פּראָגראַם איז דאָ פאַר אונז ניט אינטערעסאַנט, ווייל, ווי איך האָב שוין געזאָגט, בין איך כמעט פונם ערשטן נומער אָן געוואָרן דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר פונם „אספת־חכמים", און פון פינפטן נומער אָן און ווייטער אויך זיין אָפיציעלער רעדאַק־טאָר. איין פּונקט אין דעם דאָזיקן פּראָגראַם איז פונדעסטוועגן וויכטיק, ווייל דאָס ווייזט, אַז ראָדקינסזאָן האָט קלאָר געוואוסט, מיט וועלכע אינגלאַך ער האָט דאָ צו טאָן.

ער זאָגט:

„שאלת החיים (או שאלת הכף והמזלג, כאשר יכנות רבים) תהית המטרה אשר אליה תכונן הרעדאַקציע צירי המ"ע הזה ובזה תאסוף אספה ממאמרים פרזים או שירים הקולעים למטרה הזאת או גם ספורים סאַטירים מחיי העם והנהגתו..."

וואָס דאָס באַטייט אויף אידיש: די לעבנספראַגע, אָדער די גאָפּל־־מעסער־פראַגע, ווי פילע רופן איר, 28) וועט זיין דער ציל, צו וועלכן די רעדאַקציע פון דעם זשורנאַל וועט שטרעבן און זי וועט דאָרטן האָבן אַ זאַמלונג פון פּראָזאַאישע אַרטיקלען און גע־

דיכטן אין דער דאָזיקער ריכטונג, אויסער סאַטירישע דערציי־לונגען פונם פאָלקס לעבן א. א. וו.

א שוואַכער אָפּקלאַנג פון ליבערמאַנ׳ס ווערטער אין זיין אויפ־רוף וועגן „האמת“.

אינם זעלבן זין איז אויך געשריבן דער שיר, וואָס קומט תיכף נאָכן פּראָגראַם־אַרטיקל. דער שיר איז פון צבי הכהן שע־שעשעווסקי (אונטערגעשריבן „יעבץ ישוע שר עסק“ פון אָדעס). דער דיכטער באַקלאָגט זיך איבער די פאַרשימלטע זאַכן, מיט וועלכע אונזערע העברעאישע ליטעראַטאָרן באַשעפטיקן זיך גע־וויינטלאַך. ער פירט דורך א פּאַראַלעל מיט די שרייבער פון אַנ־דערע ליטעראַטורן און באַמערקט: „די שרייבער פון אַנדערע פעל־קער וויסן, אַז דאָס מענטשלאַכע לעבן באַוועגט זיך פאָרוועדטס, דערפאַר רעדן זיי און זינגען צו פאַרשנעלערן די טריט, אָפּצו־ווישן אַלע טרערן, צו פאַרריכטן עולות און אויסצובעסערן פע־לערן, צו פאַרגרעסערן טיכטיקייט און פאַרמערן וויסן...“ און ער ענדיקט מיט די דאָזיקע ווערטער:

„ובראותי בחזון אספת חכמים
ישבים אגודות, אגדות ודורשים,
עוסקים שלא על מנת לקבל דמים
ושדדות הספרות משדדים ותורשים;
אמרתי: עורו נא, הטו נא שכם,
ודברים ל ח י י ם קחו נא עמכם!“

וואָס דאָס האָט דעם פאָלגענדן זין: „און ווען איך זע אין געדאַנקען א זאַמלונג פון לערער, וואָס זיצן און קלערן און לערנען און אַרבעטן, ניט צו פאַרדינען קיין געלט, און באַאַרבעטן נאָר דאָס פעלד פון דער ליטעראַטור, — דאַן זאָג איך: דערוואַכט און לייגט צו א שולטער און נעמט מיט זיך ווערטער פונם ל ע ב ן (באַהאַנדלט לעבעדיקע געגנשטאַנדן)“.

ווי גרויס איז דער אונטערשייד פון דעם דאָזיקן געדיכט

צו דעם אויבן־דערמאָנטן פון י. ל. קאָנטאָר! דאָ איז בלויז אַן אָנדייט... בעת אין דעם געדיכט, וואָס איז פאַרעפנטלאַכט געוואָרן מיט אַ פינף יאָר פריער, ווערן גערעדט קלאָרע דבורים מיט געשמאַק און וויסן. דערפון דאַרף מען ניט מאַכן דעם אויספיר, אַז שערעשעווסקי'ס לידער געפעלן מיר ניט. וואָס איך זאָג דאָ וועגן אים — און אויך וועגן אַלע אַנדערע שירים, און מיינע אייגענע אין כּלל — איז נוגע בלויז דעם ווערט פון זייער וויכטיקייט פאַר דער סאָציאַלער באַוועגונג. פונם קונסט שטאַנדפּונקט זאָלן אַנדערע איבער זיי אורטיילן.



צבי הכהן שערעשעווסקי

אין דעם זעלבן ערשטן העפט הויבט זיך אָן אַ גרינטלאַכער אַרטיקל איבער „די אַרבעטער פראַגע אין אַמעריקע" פון א. וו. ראַבינאָוויטש. דער אַרטיקל איז געבליבן ניט געענדיקט, ווען דער זשורנאַל איז אונטערגעגאַנגען.29) דער דאָזיקער אַרטיקל האָט

פיל געליטן פון דרוקפעלער, איבערהויפט אין די ענגלישע ווער־טער, וואָס קומען דאָרט פאָר. רוק און לענד זיינען זיי צעהאַקט געוואָרן, ווייל דער שרייבער האָט געהאַט אַ שלעכטע האַנט־שריפט, און ניט ראַדקינסזאָן, ניט דער זעצער און ניט דער קאָ־רעקטאָר האָבן פאַרשטאַנען ענגליש.

דער אַרטיקל „מגלה סוד“ אינם זעלבן העפט באַהאַנדלט אַ געגנשטאַנד, וואָס האָט בשום אופן ניט קיין שייכות צום „אספת־חכמים“, אַלס סאָציאַליסטישער חודש־זשורנאַל. נאָר דער אַר־טיקל האָט היינט אַ ווערט פאַר אונז צוליב דעם, וואָס זיין פאַר־פאַסער איז א. ד. ליבערמאַן, דער פאָטער פון אהרן ליבערמאַן, דעם רעדאַקטאָר פונם „האמת“.

---

אָבער דער צענזאָר! דאָס דרייט זיך אַרום אין מיין מח אָן אָן אויפהער אין חלום און אויפן וואָר: צווישן די מיטאָג־געשפּרעכן אין קאַנצל׳ס רעסטאָראַן, צווישן די פּרייזן פון תבואה אין פיינ־בערג׳ס באַנק־געשעפט, צווישן די אַרטיקלען פון מיינע געליבטע סאָציאַליסטישע צייטונגען.

„זאַפּיסקי סומאַסשעדשעוואַ“! אפשר פאַרט?... דער געדאַנק איז אָבער און ווידער צוריקגעקומען און יעדעס מאָל אַוועקגעגאַנ־גען, ווי זאָגט מען, מיט ליידיקן.

איין טאָג איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ אידייע:

גאָגאָל׳ן טאָקע ניט נאָכמאַכן, אָבער לאָמיר פּרובירן באַ־שאַפן אַ מין בטלן, אַ אידישן בעל־חקירה, איינעם, וואָס האָט אַ נאָמען פאַר אַ משוגע׳נעם פילאָזאָף!

„משוגע איש הרוח“, זאָגט דער נביא הושע. גוט, מיר ווע֫לן האָבן אַזאַ איש הרוח און אים רופן יגלי (יאָגלי)!

דעם נאָמען „יגלי“ האָב איך אויסגעקליבן פשוט, ווייל דאָס איז מיר אַזוי איינגעפאַלן, און ניט צוליב וועלכן־עס־איז באַהאַל־טענעם מאָטיוו. איך צווייפל ניט, אַז אַזוי איז אויך אַנטשטאַ־נען דער נאָמען „בוקי בן יגלי“ פון איינעם פון אונזערע שריי־

בער *) פון דעם דור, וואָס איז געקומען נאָך דעם דור פון „אספּת־חכמים“.

ניט אַזוי דער נאָמען „בן-נץ“) וועלכער איז צוערשט געשריבן געוואָרן ב—ן נ—ץ (אַזוי איז געווען אונטערגעשריבן דער שיר „למי אני עמל?“, ווען איך האָב אים געשיקט צו ליבערמאַנ'ען), און ער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די אָנהויב און סוף בוכשטאַבן פון מיין נאָמען בן־ציון נאָוואַכאָוויטש.

איך ווייס ניט, אויב עס איז דאָ אַ וועלכע־עס־איז שייכות צווישן די „חזיונות“ (פאַנטאַזיעס) פון יגלי און די „זאַפּיסקי סומאַשעדשעוואָ“ פון גאָגאָל. אָן צווייפל האָב איך אין מיין קינדהייט מער ווי איין מאָל זיך אַמוזירט ביים לייענען די ווערק פון דעם דאָזיקן רוסישן שרייבער. אפשר האָט דאָס אויף מיר געווירקט אינדירעקט. נאָר יגלי איז ניט קיין משוגע'נער. ער איז אַ פאַנטאַזיאָר, אַ „בטלן“, כמעט (און צייטנווייז) אויך אַ דיכטער, נאָר כאָטש ער איז אַ „שגעון“ (פונם שטאַנדפּונקט פונם פּראָסטן מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר) איז ער ניט קיין „מטורף“.

אָט איז ווי איך בין אַרויסגעפאָרן — איבערגעזעצט, אַזוי געטריי ווי איך קען, פון העברעאיש אויף אידיש:

— חזונות איש־הרוח. —

„דרויסן איז היינט אַ גרויסע קעלט! די אייזלען, וואָס זיי איז אפילו אין תמוז קאַלט, גייען אויס אין די גאַסן פאַר קעלט... מיין האָרץ טוט פאַר זיי וויי! אָבער וואָס זאָל איך טאָן? דורך מיינע ביינער גייט אויך דורך אַ קעלט און איך בין דאָך ניט קיין אייזל, ווייל די אַרומיקע רופן מיך: „משוגע'נער מענטש“!

„משוגע? און וואָס איז עס אַזוינס משוגעת? און ווער קען אָנטשיידן, ווער צווישן אונז איז דער משוגע'נער? זיי זעען זאַכן און שווייגן, בעת איך דערצייל אַלץ, וואָס איך זע... זיי האָבן מורא טאָמער

*) דר. יצחק קאַצענעלסאָן.

װעט זײ שאַדן דאָס רעדן, בעת איך האָב ניט קײן אַנגסט; גיט דאָס זײ אַ רעכט מיך צו באַהאַנדלען װי אַ מטורף?

„און חוץ אַלעמען שטימען זײ אַלײן דאָך צװישן זיך ניט! אַט איז דאָ ניט לאַנג אין פּאַריז געשטאָרבן אַ מאַן מיטן נאָמען טיער. פילע האָבן אים באַקלאָגט און האָבן אויף אים געזאָגט דאָס, װאָס אונ־זערע מגידים זאָגן, װען זײ זײנען מספּיד אײנעם, װאָס איז בײם לעבן געװען אָנגעשטאָפּט מיט תורה אָדער מיט... געלט: חבל על דאבדין דלא משתכחין!" (אַ שאָד די פאַרלאָרענע, װאָס װערן ניט פאַרגעסן). און אין דער זעלביקער צײַט זאָגן אַנדערע, אַז װען דער מאַן (טיער) װאָלט געשטאָרבן צוריק מיט זיבן יאָר (פאַר דער קאָמונע אין פּאַ־ריז), װאָלטן הײנט נאָך געלעבט זיבעציק טױזנט בעסערע און ערלאַ־בערע מענטשן װי ער...

„אַזױ גײען זיך זײערע אײגענע מײנונגען פאַנאַנדער אין אַלץ און װער באַװײַזט דעם אמת? אפשר זאָגן בײדע ליגן און אפשר קומען בײדנס רײד פון גאָט'ס מויל... דערפאַר זאָג איך: אפשר זײנען זײ גאָר די משוגעים און איך — דער קלאָרער? װער װײסט".

דער אַרטיקל באַשטײט פון נאָך דרײ אַנדערע שטיקלאַך שרײבערײ, פון װעלכע איך װעל דאָ איבערגעבן די לעצטע, הגם די איבערזעצונג איז ניט לײכט, װײל דער אָריגינאַל איז גמרא־לשון:

„די דאָזיקע זאַכן האָבן ניט קײן שיעור: רײַכקײט, אָרימקײט, קנעכטשאַפט און פאַנאַטיזם... די קנעכטשאַפט איז די טאָכטער פון דער אָרימקײט, די אָרימקײט איז די טאָכטער פון עשירות, די עשירות שטאַמט פון רויבערײ און דער אבערגלויבן האַלט זײ אַלעמען אויף...

„יעדע נײע מאַשין פאַרקלענערט די צאָל מײסטערס און פאַרמערט אין צאָל די שקלאַפן; נעמט פון די קלײנע און גיט די גרויסע.

„װאָס מער פאַבריקן, אַלץ מער הונגעריקע און רײַכע, דאָס הײסט, הונגעריקע דורך די רײַכע און רײַכע פון דעם חורבן פון די הונגע־ריקע.

„אַלע טײַכן פליסן אַרײַן אין דעם גרויסן ים, װי שלמה האָט

קלוג געזאָגט, הגם זיין ווערטל: „ווער עס געברויכט ניט די רוט, דער האָט פיינט זיין קינד“, איז קיין גרויסע חכמה ניט געווען“.*)

אין דעם אָריגינאַל שטייט „ניט קיין חכמה און ניט קיין מלאכה“. דערמיט איז פאַרבונדן אַ דאָפּלטער טרויעריקער שפּאַס.

דעם וואָרט „מלאכה“ האָט מיין „אינעווייניקסטער מענטש“, דער הער ראָדקינסזאָן,• צוגעשטעלט אין דער דרוקעריי, מאַכנדיק די קאָרעקטור. ווען איך האָב נאָכהער געמאַכט אַ ליאַרעם, האָט ער מיר דערקלערט, אַז אַניט וואָלט דער זאַץ פאַרן צענזאָר געווען צו אַפּיקורסיש (זאָגן, אַז שלמה האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט!) מיר האָט דאָס ניט באַוויזן קיין שום זאַך, אָבער בארואיקט האָט עס מיך, איבערהויפּט, ווייל מיר זיינען דאַן געקומען צו אַ באַ־שלום, אַז ער מעג אין דער קאָרעקטור אַ וואָרט אַמאָל אויס־שטרייכן, אויב ער האָט מורא פאַרן וואָרט, אָבער צושרייבן טאָר ער ניט. אָבער דערמיט האָט זיך דער עסק ניט געענדיקט: מיט דער „מלאכה“ האָט הער ראָדקינסזאָן, ווי עס שיינט, גיכער ער־גער ווי בעסער געמאַכט, מחמת דער צענזאָר אין ווילנע האָט די גאַנצע לעצטע צוויי שורות אויסגעמעקט!

מיר האָט דאָס געוויזן, אַז אין ווילנע היט מען אָפּ די תורה בעסער ווי דעם קאַפּיטאַליזם. גוט צו וויסן!

און צוריקקומענדיק צו מיין ערשטער „משוגעת“, מוז איך דאָ באַמערקן, אַז דער אָנהויב איז געווען זייער אַ שוואַכער, ווי דער לעזער האָט געוויס אַליין באַמערקט. (זיין גרויס ווערט פאַר מיר באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס דאָס איז געווען מיין ערשטער שריט אויפן וועג פונם „משוגע'נעם פילאָזאָף“, פון וועלכן עס האָט זיך אַנטוויקלט, זינט דעם יאָר 1889, דער „מינסקער חקרן“.) גוט איז דער סוף, בעת די אויסגעלאָזענע צוויי אָפּטיילונגען זיינען ניט פיל בעסער ווי דער אָנהויב.

---

*) זע דעם אָריגינאַל אין זעקסטן באַנד פון אַט־די „געזאַמלטע ווערק“, זייט 254.

און שטעלט זיך פאַר:

שוואך ווי דער גאַנצער אַרטיקל איז געווען, האָט ער גלייך געהאַט אַן ערפאָלג.

ראַבינאָוויטש האָט פון פּאַזען געשיקט אַ קאָמפּלימענט, זיך וואונדערנדיק, ווער דער משוגע'נער פילאָזאָף קען זיין. אין קע־ניגסבערג האָט אַ גוטער פריינט געלויבט פאַר מיר און רעדנדיק מיט מיר, דעם נייעם שרייבער יגלי, „ביי וועלכן בן־נץ וואָלט גע־מאַגט אויוונם הייצן!"

אַז איך האָב אַ שטיקעלע שייכות אי מיט בן־נץ, אי מיט יגלי, האָט ער ניט געוואוסט, האָט דאַן כמעט קיינער ניט גע־וואוסט.

די אונטערשריפטן אינם „אספת חכמים" (חוץ אין דעם פאַל פון דר. קאַמינער) האָבן פונקט אַזוי באַהאַלטן און פאַר־שטעלט די שרייבער, ווי זייער ניט־אונטערשרייבן זיך אינם „האמת". איבעריקנס, זיינען די אונטערשריפטן געווען נויטיק, כדי דעם זשורנאַל צו געבן אַ וואָס מער געוויינלאַכן וואָכעדיקן כאַראַקטער.



ג ע ם ז י ך צ ו א ל ע ן! — א קריטיק מיט צופיל פעפער אין איר. — א פאליטישער רעסטאראן. — לאטכען. — „יו־ליוס" גאלדבערג און זיין חבר. — נאך א פאר טיפן.

פון מיינע ארבעטן אין דעם „אספת חכמים" האב איך אין דעם פאריקן קאפיטל דערמאנט א קריטיק און א געדיכט. איך האב אויך גערעדט וועגן אן אנגעפאנגענעם ראמאן און וועגן דער „משוגעת". דאס ווערט אנגערופן זיך פארנעמען אויף א ברייטן אופן. צו וועלן זיין א דיכטער, א קריטיקער, א נאוועליסט און א סאטיריקער, אלץ אויף אמאל, איז ניש־קשה פון א חוצפה. ווי מען וועט שפעטער זען, איז מיין אמביציע געגאנגען נאך ווייטער.

אבער צי חוצפה, צי אמביציע — דאס איז ניט געבליבן ביים „וועלן זיין" אליין. ווען איר עפנט אויף דאס צווייטע העפט „אספת חכמים", געפינט איר פון דער זעלביקער יונגער פעדער:

1) א געפעפערטע קריטיק אונטער דעם נאמען „הלנו אתה אם לצרינו" אויף א בוך פון א געוויסן יצחק מארגאליס;

2) דעם אנהויב פון א ראמאן, וועלכער האט געהייסן „פנים חדשות" (נייע געזיכטער);

3) דעם סוף פון דעם דערמאנטן געדיכט „שומר מה מלילה" און

4) די צווייטע „משוגעת" אונטערגעשריבן יגלי איש הרוח.

אלזא, דאס איז געווען ניט נאר געוואלט, נאר טאקע געטאן, מער ניט, ווי זאגט היינע: „פראגט מיך נור ניט ווי". אבער די גערעכטיקייט צו מיר אליין פארלאנגט, אז איך זאל דא גלייך זאגן, אז חוץ דער אמביציע אדער דער חוצפה צו וועלן זיין א שרייבער מיט פיר פנימ'ער, ווי יחזקאל'ס כסא־הכבוד, איז דא נאך געווען אן אנדער אומשטאנד.

דער „אספת־חכמים“ איז פון די ליטעראטן אין רוסלאַנד ניט גלייך אנערקענט געוואָרן. זיי האָבן אין די ערשטע דריי־פיר העפטן כמעט גאָרניט געשריבן. ראבינאָוויטש, מיין איינציקער „חבר“ אין דייטשלאַנד, איז געווען פאַרטאָן מיט זיין נייער שטע־לע און פון זיין לאַנגן ארטיקל „שאלת הפועלים“ איז אין דעם צווייטן און דריטן נומער גאָרניט אריינגעקומען. דער דאָזיקער ארטיקל איז איבריקנס געווען דאָס איינציקע, וועלכעס איז פון זיין פעדער געדרוקט געוואָרן אין דעם „אספת חכמים“ און נאָך דער פערטער פאַרטזעצונג אין נומער 6 איז די ארבעט אָפּגע־האַקט געוואָרן. ער האָט, אלזאָ, ניט נאָר ניט געקענט העלפן אין דער רעדאַקציע, ווי דער פּלאַן איז לכתחילה געווען, ער האָט אפילו ניט גענומען קיין זייער טעטיקן אָנטייל אין דער זשור־נאַליסטיק אַלס מיטאַרבעטער.

וואָס איך בין דאָ אויסן איז צו דערקלערן, אַז פון „מיין גאטונג“ האָב איך פון אָנהויב קיין מיטאַרבעטער ניט געהאַט. די מערסטע ארטיקלען, וועלכע איך האָב געקראָגן צום דרוקן אין די ערשטע פיר העפטן, זיינען געווען פון הער ראָדקינסזאָנ'ס פריינט, ד. ה. פון דעם סאָרט האָלענדער קעז פאַר די קאָנטראַבאַנד־די־מענטן, ארום וועלכע איך האָב גערעדט אין דעם פריערדיקן קאַ־פּיטל. בדרך כלל וואָלט איך דאָ באַמערקן, אַז ערשט דער פער־טער נומער „אספת חכמים“ האָט מיר דערוואָרבן גוטע פריינט און דעם צוטרויען פון שרייבער אין רוסלאַנד, בעת מיין ביסעלע פּאָפּולאַריטעט האָט מיר פאַרשאַפט דער ארטיקל וועגן דעם דייטשן רייכסטאַג אינם „הקול“ מיט עטלאַבע חדשים שפּעטער. ארום דעם וועט גערעדט ווערן, ווען די צייט וועט קומען.

אלזאָ, שטייענדיק כמעט איינער אליין אויפן פעלד, אַ נאָך ניט אנערקענטער „קאָמאַנדיר“, אָן אַן ארמיי און—איין בורא אין הימל וויים—מיט שוואַכלאַכע כלי־זיין, מיט ווייניק וואָס פראָ־וויאַנט, האָב איך, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, געמוזט זיך וואַרפן אויף אַלע זייטן. נאָך מער, ווילנדיק מאַכן דעם „אספת חכמים“ פאַר אַ זשורנאַל, לכל־הפּחות אין דעם אויסזען זיינעם, האָב איך

געמוזט געבן אַרטיקלען פון אַלערליי מינים, און אַזוי ווי קיין פּרעמדע האָב איך ניט געהאַט, בין איך געווען געצוואונגען אַליין צו שרייבן אַזוי גוט (שונאים — אַ פּיפּעז זיי אויפן צונג! — וועלן זאָגן: אַזוי שלעכט), ווי איך האָב געקענט, און דערפאַר בין איך דערשינען אין פאַרשיידענע קאָסטיומען, אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דעם זשורנאַלטשיק, אין פאַרשיידענע ראָלען אין דעם זעלביקן נומער. מען זאָגט, אַז ערגעץ אין אַ פּיצינקע מדינה'לע אין דייטשלאַנד, גרויס ווי אַ דערפל אין טעקסאַס און באַפעלקערט ניט מער, האָט זיך דאָס פירשטעלע אָדער הערצאָגל, צוליב עקאָנאָמיע, געשאַפן אַ מיניסטעריום פון איין־איינציקן מי־ניסטער, אָבער אין פאַרשיידענע אוניפאָרמס, וועלכער פלעגט אים, דעם מאָנאַרכעלע, אַלע האַלבע שעה דערלאַנגען דאַקלאַדן פון דעם אָדער יענעם „דעפּאַרטמענט“ (פינאַנסן, יוסטיץ, אויסווערטי־קע אנגעלעגנהייטן, קולטור־מיניסטערסטוואָ און אַזוי ווייטער), יעדעס מאָל אין אַן אַנדער קאָסטיום, אָבער שטענדיק דער זעל־ביקער זאַגענאַנטער מענטש.

---

די אויבנדערמאָנטע קריטיק אויף יצחק מאַרגאָלים'עס בוך איז דערשינען אין די נומערן 2 און 3 פון דעם „אספת חכמים“. דאָס איז געווען גיכער אַן אָנפאַל, הגם אין איידלקייט, אין אַ לי־טעראַרישער פאָרם, איידער אַ קריטיק. אין מיין אַרטיקל האָט גערעדט דער פאַנאַטישער רעליגיע־האַסער פון די אינגערע יאָרן. דערין האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן דער דאָזיקער סאָרט גרימצאָרן, וועלכער שטאַמט שטענדק פון אומוויסנהייט. עס איז אמת, אַז איך וואָלט היינטיקן טאָג אויך שטרייננג קריטיקירט די גמרא־אגדתות (מעשה'לאך) אין אַזאַ בוך, ווי מאַרגאָלים'עס „ספורי ישרון“, אָבער היינט וואָלט איך געוואוסט, אַז בדרך־כלל איז אַ זאַמלונג פון מעשה'לאך אַמאָל וויכטיקער פאַרן קולטור־היסטאָרי־קער, ווי אַנדערע דערציילונגען אפילו פון די בעסטע אַלטע געשיכ־טע־שרייבער און פון פילע „נייע“, ווייל די מעשה'לאך שפּיגלען בעסער אָפּ די זיטן, די אומשטענדן, דעם בילדונגס־גראַד פון די

פארגאנגענע צייטן, ווי דאס טוט א טרוקענער „ראפארט„ פון א כראניקער, וועלכער דערציילט אייך אין זיין אייגענעם, קאנצע־ליארישן פארבלאזן נוסח, אשטייגער, מעשה שהיה כך היה, אזוי און אזוי האט עס פאסירט.

דער אינהאלט פון דעם דאזיקן ארטיקל איז געווען: אדער די אגדתות זיינען אויסגעטראכט פונם קאפ און ווערן געלייענט פון קינדער ווי אמת'ע מעשיות, וואס יעדער צווייפל אין זיי איז א זינד, איז דאך דאס א פארברעכן קעגן אמת; אדער די דאזיקע אגדתות ווערן לכתחילה געגעבן די קינדער ווי אויסגעטראכטע מעשיות, אזוי זינדיקט דאך דער דערציילער קעגן תלמוד און מדרש א. א. וו. וואס איך האב דעמאלט ניט פארשטאנען איז געווען אט־דאס, אז קיין ארויסגעבער פון האמער'ס לידער, פון דער איליאדא אדער דער אדיסייע, איז קיינמאל ניט איינגעפאלן מוסר מודעה זיין די לעזער, אז דאס זיינען לעגענדעס. פונדעסט־וועגן האב איך, אינם עלטער פון איין און צוואנציק יאר, אנגע־וועגדט קעגן מארגאליס'ן די זעלבע טענות וואס דער גריכישער פילאזאף פלאטא האט אין זיין צייט אנגעווענדט, אין זיין בוך „רעפובליק", קעגן האמער'ן, דאס הייסט, אז זיינע לידער פארפירן דאס פאלק צו גלויבן אין באבע־מעשיות.

נאר ווי דאס איז, בין איך נ י ט געווען געדעכט מיט מיין געפעפערטער קריטיק קעגן דעם פארפאסער פון די „ספורי ישרון", כאטש אין פיל פרטים, וואס איך האב אים פאראורטיילט, איז דער אמת געווען אויף מיין זייט. מיט רעכט האב איך אפגע'חוזק'ט פון זיין אונטערשריפט: „יצחק מרגליות, בן להרב הגאון ר' אליהו בהר"ב ר' מרדכי, בהר"ב ר' שמואל, בהר"ב ר' מרדכי, נין ונכד להגאון התוספת יום טוב זצ"ל".

ווער ווייס, אפשר לעבט נאך ה' מארגאליס און אפשר וועט ער נאך צופעליק לייענען, וואס איך שרייב היינט (נאך פינף און פערציק יאר), און עס וועט אים זיין אנגענעם צו וויסן, אז אין די זיבעצן יאר, וואס זיינען פארגאנגען זינט איך האב אנגעהויבן

שרייבן עראינערונגען, *) האָב איך קיין זאַך ניט געלייענט אין דער גאַנצער באוואוסטער ליטעראַטור מיט אַזוי פיל ליבע, ווי די אידישע לעגענדעס אין יעדער שפּראַך און אין יעדן אָרט, וואו איך געפין זיי, און אויך דאָס בוך „ספּורי ישרון“ איז אין כּלל, כאָטש ער איז געווען די אויסנאַם פון דער רעגל. די „חסידישע מעשיות“ און „חסידישע נשמות“ פונם פאַרשטאָרבענעם יהודה שטיינבערג לייען איך דאָ און דאָרט יעדן טאָג, אָדער גענויער, יעדע נאַכט אויף מיין געלעגער איידער דער שלאָף פאַרמאַכט מיינע אויגן.

ווי זאָגט דער לאַטיינער: „די צייטן ענדערן זיך, און מיר ענדערן זיך מיט זיי“.

אינטערעסאַנט איז, אַז מיין „געפּעפּערטע“, דאַכט זיך, טאַקע ניט שלעכט געשריבענע קריטיק האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף קאַנצל'ס רעסטאָראַן. מיט דעם לעזער'ס ערלויבעניש, וועל איך וועגן דעם דאָזיקן רעסטאָראַן און וועגן די טיש-גענאָסן אין אים זאָגן עטלאַכע, אפשר מער ווי עטלאַכע, ווערטער. אין דער אידי-שער באַוועגונג פון די ערשטע צייטן, איידער עס זיינען, נעמלאַך, אויפגעקומען די סאָציאַליסטישע קלובן, אַזוי גוט ווי אין ענגלישע ליטעראַרישע קרייזן אין די צייטן פון דר. דזשאַנסאָן, גאָלדסמיט, נערריק דעם אַקטיאָר און עדמונד בוירק דעם רעדנער, האָט דער רעסטאָראַן געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע.

קאַנצל'ס רעסטאָראַן! וויפיל אַנגענעמע עראינערונגען, וויפיל טיפּישע פּערזענלאַכקייטן, וויפיל הערלאַכע מאָמענטן קומען אַרויף אויף די געדאַנקען ביי די ווערטער „קאַנצל'ס רעסטאָראַן“!

אָט איז זי פאַר מיינע אויגן, די ליבענסווירדיקע, איידעלע אַלמנה, פרוי קאַנצל אַליין, זי מיט איר מרה-שחורה'דיקן שמייכל, אין וועלכן די פּרנסה קעמפט מיט דעם נאָך יונגען שמערץ, מיט די נאָך אָפענע וואונדן פון אַן אָקאָרשט פאַרשאָטענעם קבר. אָט איז זי און לעבן איר די קינדער, פון דער עלטסטער טאָכטער, וועלכע האָט מיט אונז סימפּאַטיזירט, ביז דער אינגסטער, דער

*) אין אָקטאָבער 1906.

זעקס־יאָריקער לאָטכען, וועלכע האָט סימפּאַטיזירט ניט אַזוי שטאַרק מיט אונז ווי מיט מ י ר.

פרוי קאַנצל איז געווען די אַלמנה פון אַ געוועזענעם גביר, וואָס איז געוואָרן אַן אביון. זי האָט געהאַלטן איר רעסטאָראַן ניט ווייט פון דער בערזע. נאָר אירע „קונים" זיינען ניט געווען קיין סוחרים, נאָר געשעפטס־אָנגעשטעלטע, בוכהאַלטערס, סטודענטן, ליידיקגייער און יונגעלייט, וואָס לעבן אויפן חשבון פון זייערע רייכע עלטערן.

איר עלטערע טאָכטער חנה, וועלכע אַלע פלעגן אָנרופן אַנאַ, איז געווען אַ חנ'עוודיק מיידל, כאָטש ניט קיין שיינהייט, אַ טיפּ, וואָס געפינט זיך וואַרשיינלאַך מערסטנס צווישן די מיידלאַך און יונגע פרויען פון פראַנקרייך. יעדער איינער פון אונז האָט באַהאַנדלט אַנאַ'ן מיט גרויס רעספּעקט. אַ שמייכל אויף אירע ליפּן איז געווען דער לוין פאַר דעם, וואָס האָט געפונען לייטזעליקייט אין אירע אויגן דורך אַ גוטער טאַט, אָדער דורך אַן אויסדרוק, אין וועלכן זי האָט געזען אַ גלייכן פאַרשטאַנד אָדער אַ נייעם געדאַנק.

אַנאַ האָט ניט בלויז געהאָלפן איר מוטער אין קיך און אינם עסצימער, נאָר אויך יעדן איינעם, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין איר הילף. דאָך איז זי ניט געווען פאַרהאַוועט. זי האָט תמיד אויסגעזען, ווי זי וואָלט גאַנצענע טעג אַרומגייין ליידיק. גאָר אָפט האָט זי זיך אַריינגעמישט צווישן אונז, זיך באַטייליקט אין אונזערע געשפּרעכן און באַזונדער פאַרבראַכט מיטן סאָציאַליסטישן קרייז, כאָטש זי האָט נאָך דעמאָלט וואַרשיינלאַך ניט גענומען קיין שום אָנטייל אין דער דאָזיקער גרויסער באַוועגונג.

נאָר באַזונדער איז איינגעקריצט אין מיין האַרצן אַנאַ'ס קליינע שוועסטערל, די זעקס־יאָריקע לאָטכען, דאָס הייסט די קליינע שאַרלאָטע. איך האָב איר געליבט פונעם טיפן האַרצן, און גרויס און שטאַרק איז געוועזן איר ליבע צו מיר. יעדן יום־טוב פלעג איך איר אַרויסנעמען פאַר אַ שפּאַציר איבער די שטאָטישע גאַסן. זי פלעגט וואַרטן אויף מיר, ווי אַ כלה אויף איר חתן, אויסגע־

פּוצט אין אירע בעסטע קליידער. פון צייט צו צייט פלעג איך מיט איר אַריינגיין אין קאַלמאַנ׳ס קאָנדיטעריי, וואָס איז געווען נאָענט פון דער בערזע, פלעג פאַר איר באַשטעלן אַ גלאָז שאָקאָלאַד מיט אַזוינע קוכן, וואָס זי האָט שטאַרק האָלט געהאַט, און אַז זי האָט געענדיקט עסן און טרינקען, פלעגן מיר גיין שפּאַצירן. זי האָט מיך געהאַלטן פאַר דער האַנט, איר פּנים האָט געלויכטן פון תענוג, און אַזוי פלעגן מיר אַרומשפּאַצירן עטלאַכע שטונדן. און אַלעמאָל, ווען מיר זיינען געקומען צוריק אַהיים, פלעגט דאָס קינד אַרויפשפּרינגען אויף אַ שטול, כדי צו דערגרייכן מיין פּנים, און פלעגט מיך קושן און האַלזן מיט גרויס ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט. מיין ליבע איז געווען פאַר איר אַ מין קרוינדל, ניט רעדנדיק וועגן דעם, איז דער שטאָלץ אויף מיין ליבע געווען אויסגעגאָסן אויף איר פּנים, ווען זי איז געזעסן ביי מיין זייט אָדער מיר קעגנאיבער.

איר ליבע (איר ערשטע ליבע) צו מיר איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז שפּעטער, ווען די קעניגסבערגער פּאָליציי האָט מיך אַריינגענומען אין איר וואָרימען בוזים, האָט זי, לאָטכען, זיך דערקלערט בערייט צו קעמפן מיט איר גאַנצן כוח, מיט איר לייב און לעבן — אַ לייב צוויי פוס הויך, אַ לעבן זעקס יאָר לאַנג — געגן דער גאַנצער „שפּיצבובען־באַנדע“, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, ניט וויסנדיק, אַז די פּאָליציי קען אַזעלכע ווערטער האַלטן פאַר אַ מאַיעסטעט־באַליידיקונג, וויל זי, די פּאָליציי, האַלט זיך איצט, נאָך די צוויי אַטענטאַטן אויף דעם דייטשן קייזער, ניט נאָר פאַר דעם קייזער׳ס לייבגוואַרדיע, נאָר אויך פאַר אַ טייל פון אים, פאַר אַ לאָקאַלער אָפּטיילונג פון דער קעניגלאַך־קייזערלאַכער מאַיעסטעט.

וואו ביסטו היינט, ליבע לאָטכען? אַן צווייפל האָסטו שוין קינדער און קינדס־קינדער און אפשר האָסטו שוין פאַרגעסן דיין יוגנט־ליבע, אָבער איך האָב דיך ניט פאַרגעסן, כאָטש עס זיינען שוין אַריבער פינף און פערציק יאָר זינט איך האָב דיך פאַרלאָזן, מיין טייערע!

איך האָב ניט פאַרגעסן ניט דיך, לאָטכען, ניט דיין ברודער יעקב (יאַקאָב!) און אויך ניט דיין איידעלע מוטער, וועלכע איז אָן צווייפל שוין ניט מער צווישן די לעבעדיקע.

אָבער לאָמיך צוריקגיין צו דעם יאָר פריער.

אָט זע איך ארום דעם לאַנגן טיש אין פרוי קאַנצל׳ס רעסטאָראַן די גאַנצע שטענדיקע שפּייז־גענאָסנשאַפט, לויטער יונגע לייט — יונגינקע, יונגע, כמעט־נאָך־יונגע לייט, וועד מער פאַרדייטשט, ווער ווייניקער, אָבער אַלע געבוירן אין פּוילן, אין דער ליטע, אין דרום־רוסלאַנד; אַלע מער אָדער ווייניקער משכילים, מער אָדער ווייניקער ראַדיקאַל געזונען, אַלע מער אָדער ווייניקער ערנסטע מענטשן, צי זיי קומען צו מאַדאַם קאַנצל׳ס טיש פון דער בערזע אָדער פון דעם אוניווער־זיטעט, אָדער פון דער גאַס, ד. ה. אַזעלכע מענטשן, פאַר וועלכע דייטשלאַנד איז אַ סטאַנציע, אַ לאַנגער אָפּשטעל אויף דעם וועג פון צאַרנלאַנד קיין ענגלאַנד, אָדער פראַנקרייך (קיין אַמעריקע איז מען דעמאָלט נאָך ניט אַפּט געפאָרן).

אָט, דאַכט זיך, זע איך זיי אַלע: אָט איז דער תמיד גוט־האַרציקער, פריינדלאַכער, שווייגעדיקער „שטודיאָזוס" פון מע־דיצין מיט דעם פאַרטראַכטן, העסלאך־פיינעם פּנים, — אַ פּנים מיט אַ ברייטער, פלאַכער מאָרדע, מיט שפּיציקע קינבאַקן, מיט אַ גראָדן פלאַכן שטערן, אויסזעענדיק אינגאַנצן ווי אַ צעקראַכענער קוואַדראַט. אָט שטייט ער ווידער פאַר מיינע אויגן, ניט שיין אין זיין העסלאַכקייט ווי אַמאָל מיראַבאָ, אָבער ליבענסווירדיק. ליבענסווירדיק און ערנסט. וואו איז ער איצט? וואָס טוט ער? אין וועלכן לאַנגער געפינט ער זיך, צו וועלכן קלאַס געהערט ער היינט? דעמאָלט איז ער געווען מיט אונז.

און אָט זע איך ווידער אַמאָל דעם ארונטערגעקומענעם אָדעסער אריסטאָקראַט שטיין, דעם איינציקן צווישן אונז, וואָס זיין וועג צום קבר איז שוין נעענטער ווי דער וועג פון דער וויגעלע; דעם איינציקן ביים טיש, וואָס זיינע געדיכט־לאַכע, לאַנגע, פרייסיש־אָפּיצערסקע וואָנצעם זיינען שוין באַדעקט

מיט דעם ערשטן שניי פון דעם לעבנ'ס ערשטן ווינטער־פּרעס־טעלע.

שטאָלץ, שטייף, שטרענג זעט ער אויס מיט זיין צילינדער־הוט אויפן קאָפּ, מיט זיין פיינעם שטעקן אין האַנט, מיט זיין קלוגן, דורכדרינגענדן בליק. ער רופט זיך שטיין, אָבער — איצט מעג מען דאָס שוין אויסזאָגן — זיין ווירקלאַכער נאָמען איז הערצענשטיין. ער איז דער פּאָטער, אויב איך האָב ניט קיין זייער שטאַרקן טעות, פון דעם מאַן, וועלכער האָט געשפּילט אַזא גרויסע ראָלע אין דעם ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט — אַ ראָלע, פאַר וועלכער ער האָט באַצאָלט מיטן לעבן. איך בין אין צוויי יאָר אַרום מיט אים באַקאַנט געוואָרן אין לאָנדאָן, — מיט אים, דעם יונגען הערצענשטיין, וועלכער האָפט צו ווערן אַ פּראָפעסאָר אין רוסלאַנד, און אויך מיט זיין פּייאיקער שוועסטער.

אפשר וועל איך זיך צו אים אויף אַ ווײַלינקע צוריקקערן, ווען איך וועל קומען צו דעם יאָר 1879. דערווייל זיינען מיר נאָך אין קעניגסבערג און געפינען זיך אין פּרוי קאַנצל'ס רעסטאָ־ראַן.

און דאָ לעבן ה' שטיין זיצט אַן עלעגאַנט־געקליידטער יונגער מאַן מיטן נאָמען גאָלדבערג (יוליוס...) זיינע עלטערן וואוינען אין קעניגסבערג און ביי פּרוי קאַנצל איז ער ניט צוליב זיין הונגעריקן מאָגן, נאָר צוליב זיין שמאַכטענד האַרץ, ער איז נעמלאַך „ליבעס־קראַנק" און זיין „געגנשטאַנד" איז אַנאַ, די עלטסטע טאָכטער פון פּרוי קאַנצל, וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט. ער איז „ליבעס־קראַנק", ווייל זיין „געגנשטאַנד" שטייט נעגן אים ווי אַ קריגס־פּאָסט פאַר אַ באַלאַגערונג, און באַטראַכט זיין דערנעענטערונג פאַר אַ געפאַר, און די ליבענסווירדיקייטן, וועלכע קומען אַרויס פון זיין מויל, פאַר קוילן פון דעם האַרמאַט'ס פיינטלאַכן מויל. די אַלטע, אַלטע געשיכטע! שפּעטער איז אַלץ ווידער גוט גע־וואָרן, אַביסל איז דורך מיין שולד: איך האָב דעם זיווג געהאַט אויף מיין געוויסן אַ לאַנגע צייט, ווייל אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה איז יוליוס אין מאָסקע דורך אַ ביסל וואַסער אַרויסגענומען

געוואָרן פונם כלל־ישראל און צוליב די קינדער איז מיין פריינ־
דין אנא מיטגעשלעפט געוואָרן מיט אים, געגן איר ווילן און צום
גרויסן ווייטאָג פון איר מוטער. פרויען לייכטזין! ווער וואָלט זיך
דאָס געקענט פאָרשטעלן, אז די איידעלע אנא, וואָס האָט געהאסט
פון גרונט אויס יעדן מין ליגן, יעדן מין פארשטעלן זיך, אז זי
וועט ווערן ניט בלויז די פרוי פון גאָלדבערג'ן, נאָר אויך די פרוי
פון אזא „קריסט„ ווי ער, פון אזא מאַן, וואָס פלעגט אונז שרייבן
בריוו פול שפּאָט און חוזק געגן דער קריסטלאַכער קירך, א גע־
וויסע צייט נאָכדעם ווי ער האָט אפגע'שמד'ט זיין טאָכטערל.

מיין גאנץ לעבן האָב איך געהאסט די דאָזיקע דריי „מעמ'ן":
דעם משומד, דעם מסור און דעם מלוה (פראָצענטניק). אויף די
דאָזיקע דריי האָב איך אלעמאָל געקוקט, ווי אויף פאראומגליקער
פונם אידישן פאָלק.

צו יענער צייט אין קעניגסבערג איז דער צוקונפטיקער קריסט
געוועזן איינער פון די אינטערעסאנטסטע יונגע לייט ארום פרוי
קאנצל'ס טיש. ער האָט געהאט א קרומען קוק אין — דאכט זיך
— דעם לינקן אויג, אָבער א גאָר גראַדן שכל, און א זייער, זייער
גלאַטן צונג. ער האָט זיך געהאלטן פאר א גוטן, ערנסטן, איבער־
גענעבענעם סאָציאַליסט, האָט געהאַט זייער פיל געלייענט, אָבער
גלייכצייטיק אזוי ער געוועזן א ליגנער, א באַרימער און א גרויס־
האַלטער.

ער האָט פערזענלאך ווירקלאך געקענט ליבקנעכטן און אנ־
דערע פירער און האָט זיך פאַר מיר באַרימט אפילו מיט זיין
באַקאַנטשאַפט מיט לאַסאַל'ן. צום אומגליק פאַר אים בין איך
אָבער תמיד געווען מיט דעם לוח פון איין שטעטל.

„איר האָט געמוזט זיין א יאָר זיבן אַלט, ווען איר זייט
מיט לאַסאַל'ן באַקאַנט געוואָרן..." האָב איך אים געפרעגט.

— „ווארום דאָס?" — האָט ער זיך מיט כעס אָפּגערופן:
אנא איז דערביי געווען.

„ווייל", האָב איך געלאַסן געענטפערט, „לאַסאַל איז שוין
14 יאָר טויט און איר זייט ערשט, דאכט זיך, 21 יאָר אַלט".

עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז איך האָב „ניט פאַרשטאַנען קיין שפּאַס“.

שפּעטער אויך ניט. אונזער ברענענדיקער וואַרהייט־ליבנדער פּאַרטיי־גענאָסע פלעגט נאָכאַנאַנד מאַכן אַזעלכע ערנסט אַנגע־פּאַנגענע שפּעסער, באַרגנדיק ביי היינע אַ וויץ און אים אַרומ־טראָגנדיק אין אַן אייגענער העמדעלע; דעקלאַמירנדיק פון מאַנו־סקריפּט דר. קראַסער'ס איצט באַקאַנטן געדיכט „אַנטי־סיללאַבוס“ אַלס אַ קינד פון זיין פרוכטבאַרער מוזע, מיט וועלכער זי איז ערשט „נעכטן ביינאַכט“ געלעגן געוואָרן, און אַזוי ווייטער.

דאָס איז געווען אַ פּייאַיקער, אָבער אומערלאַכער „מיט־לויפער“ פון דער גרויסער, דעמאָלט נאָך יונגער, סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע. און ווייל דער „מיטלויפער“־טיפּ, דער טיפּ פון דעם מיטל־קלאַס אינטעליגענט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז געווען אין דייטשלאַנד אַי אַ שטיצע, אַי אַ געפאַר דורך די גאַנצע 45 יאָר זינט יענער צייט, וועל איך דאָ גלייך אַריינפירן אַן אַנדער „מיטלויפער“, טאַקע אַ פּערזענלאַכן גוטן פריינט פון דעם דאָזיקן נאָלדבערג (יוליוס).

זיין נאָמען איז ניט וויכטיק. זיינע פּרימעטעס אויך ניט. איך וויל ניט אָנטאָן זיין פאַמיליע קיין עגמת־נפש. לאָמיך אים אָנרופן בוקי (פּאַרוויסטער אין העברעאיש). איך וועל נאָך זאָגן, אַז אונזער דייטשקע, די סאַרווערקע און דערפאַר, זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַ מיידל, וואָס הייסט אויגאָס־טאַ, האָט יוליוס'עס פריינט זייער פיינט געהאַט פאַר זיינע אויגן. איך אויך.

אין זיינע אויגן זיינען געווען אָפּגעשפּיגלט שיינע עטלאַכע פון די עשרת הדברות... געבראָכן... און דער „לא תחמוד“ מער ווי איבעריקע, חוץ דעם זעקסטן געבאָט, וועלכער איז לא־תחמוד'ס אַ נאָענטער קרוב. און דער אייגנטימער פון די דאָזיקע אויגן איז חוץ דעם געווען דער שטאָלצער באַזיצער פון שוואַרצע גע־קרויזטע האָר, פון אַ שוואַרץ בערדל אַ שיינס, פון אַ פּאָר הור־סאַרסקע לאַנגע־כּאַליאַוועדיקע שטיוול און אַ גאַנצן פּאַק גרויסע

שיינע פראזן, איינגעמאכט אין האניג און אין עסיג, אין ליבע און אין שטרייגע איבערצייגונגען.

ער איז נאטירלאך געווען א שארפער קריטיקער און ניט ווייניקער נאטירלאך א פראפאגאנדיסט, וועלכער ליבט די ראלע פון א זאגער אין דער ווייבערשער שול, מער ניט ער שטייט ניט אין א טון, און רעדט מיט דעם שיינעם געשלעכט תמיד פנים־אל־פנים און, ווען עס לאזט זיך, אפילו ליפן צו ליפן.

בוקי איז געווען דער ערשטער פרעדיקער פון „פרייע ליבע“— ד. ה. פרייע לוסט, ווייל אזעלכער ווייסט געוויינטלאך ניט, וואס אמת׳ע ליבע און פרייהייט באטייטן — וועלכן איך האב אין מיין לעבן געטראפן. ער איז אויך געווען פאר א „קאמוניזם“ פון דעם שלך־שלי אבער ניט שלי-שלך סארט — וואס דערפאר האט ער תמיד ליבער געהאט דעם רייכן יונגן יוליוס ווי, כאפט אייך אן, אזא נפש ווי איך בין געווען: א בחור מיט פרינציפן אין יעדער קעשענע, אבער אן געלט.

בוקי האט זיך געהאלטן פאר אן עקסטרעמען סאציאליסט. ער איז געווען א שטיקל „ניהיליסט“ פון די לעצטע פונם רעשטל פון דער קהלה אנשי־באזאראוו אינם רוסלאנד פון די זעכציקער יארן פונם ניינצעטן יארהונדערט. זיינע לאנגע- כאליאוועדיקע שטיוול און לאנגע האר, זיינע משונה׳דיקע שפאקולן (אלענפאלס אין פרייסן) און זיין ביסטרער בליק, וואס האט דורכגעשטאכן יעדן, אויף וועלכן ער האט געקוקט, — דאס אלץ האט אים גע־געבן די געשטאלט פון א „אידישן גזלן“, וואס האט צוגעצויגן און אפגעשטויסן הערצער אין יענער צייט, און באזונדערס, הערצער פון מיידלאך, יונגע עגונות און אלמנות. כאטש זייער צאל איז ניט געווען געוואלטיק גרויס, זיינען זיי דאך געווען גענוג אנצו־פילן זיין צימער, ווען בוקי האט פאר זיי געלייענט רעפעראטן איבער הויכע ענינים, ווי די פרויען־פראגע און זייער באציאונג צו די מענער, פראגן פון דערלויבטעס און פארבאטענעס אין ליבע אנגעלעגנהייטן צווישן די צוויי געשלעכטער א. א. וו.

אין זייער אייגענעם קרייז פלעגן די פרויען זוכן איינע די

אַנדערע אַריבערצוויאָגן אין דערנידעריקן אים, אונטערשטרייכן זיין העסלאַכקייט, אַרויסווייזן זייער שנאה צו אים. דאָך אַז עס איז געקומען צו הערן אים רעדן אָדער פאַרלייענען, האָט קיינע פון זיי ניט געפעלט אינם הויז פון דעם דאָזיקן „העסלאַכן“, „עקלדיקן“ און „פאַרהאַסטן“. שפּאַסמאַכער פלעגן זיך ווילצלען איבער דער אָדער יענער פּרוי, וועלכע מען האָט געפונען ביחידות אין זיין צימער, ניט אין צייט פון פאַרלייענען... אָן צווייפל האָט מען אין אָט־דער לשון־הרע מחמת קנאה א סך איבערגעטריבן. נאָר צום סוף האָט א פּרוי פאַרשפּרייט א קלאַנג קעגן אים, און פון יענעם טאָג אָן איז ער פאַרשוואונדן פון אונזער קרייז און מער האָט אים קיינער ניט געזען.

דער פּלאַץ איז צו באַשרענקט אים גענויער צו באַשרייבן, אָבער גענוג איז געזאָגט געוואָרן, כדי דער לעזער זאָל פאַרשטיין, אַז דאָס איז געווען א פּיל געפערלאַכסטער סאָרט „מיטלויפער“, ווי זיין פריינט. מען האָט פאַר אַזוינע טיפּן אָפט באַשולדיקט דעם סאָציאַליזם, ניט פאַרשטייענדיק, אַז די זעלביקע ווארימע זון, וועלכע צייטיקט אונזערע פּרוכט, ברענגט אויך אַרויס די פּאַראַזיטן־פליגן; ווי די מייז יאָוועגען זיך אין די שפּייכלערס אַלץ מער, וואָס גערעטענער דאָס יאָר איז, וואָס נעענטער דער חג־האסיף ווערט.

נאָך א יונגער מאַן איז דאָרט געווען, וואָס האָט צו זיך גע־האַט ווייניק גלייכן. ער איז געווען א פאַנאַטישער „אָרדנונג ליבהאָבער“. ער פלעגט קומען עסן אין פּרוי קאַנצל'ס רעסטאָראַן יעדן טאָג אין דער זעלביקער מינוט. שטענדיק האָט ער געהאַלטן אין האַנט דעם בערלינער „טאַגעבלאַט“ און די„האַרטינגשע צײַ־טונג“, וואָס איז אַרויס אין קעניגסבערג. ער האָט געהאַט א באַשטימטן פּלאַץ צווישן דער געזעלשאַפט אַרום לאַנגן טיש. פאַרנומען זיין פּלאַץ האָט געמיינט איינשטעלן דאָס לעבן. ווען ער פלעגט זיך אַוועקזעצן עסן, איז ניט פאַרגעקומען די מינדסטע ענ־דערונג אין זיין באַוועגן די האַנט, דעם גאָפּל און מעסער. זיינע הענט זיינען געווען אויסערגעוויינלאַך ריין. ער האָט געגעסן

לאנגזאם, מיט כונה, פאר זיין פארדייען, פאר זיין געזונט, פאר זיין טייערן לעבן. ער האט געגעסן ביי פרוי קאנצלס טיש, ווייל ער האט געגלויבט אין איר ערלאכקייט און איז געווען זיכער, אז זי וועט ניט ארויסלאזן פון איר האנט א געריכט, וואס איז ניט צוגעגרייט לויט די ארדנונגען, די געזעצן פון היגיענע מיט אלע זייערע פרטים און דקדוקים. אין א געוויסער צייט אין טאג פלעגט ער אריינגיין אין א געוויסן טראקטיר אין דער בערזע-געביידע, וואו עס זיינען געווען די בעסטע ביליארדן, און דארט אויף א געוויסן ביליארד (און ניט חלילה אויף א צווייטן) פלעגט ער שפילן, אויב מעגלאך, מיט דעם זעלבן שפילער וואס אלע טאג, פאר א געוויסער צייט, ניט מער און ניט ווייניקער, און דאס אלץ כדי צו פארדייען גוט זיין עסן און כדי אז יעדער ביסן, וואס ער האט אריינגענומען ביים מאלצייט, פארן שפילן, זאל אים געבן די נויטיקע געזונטקייט, כדי ער זאל לעבן לאנג אויף דער ערד, אמן! — צוליב דער דאזיקער געזונטקייט פלעגט ער אויפשטיין יעדן פרימארגן אין דער זעלביקער מינוט, זיך וואשן דאס לייב מיט וואסער פון א געוויסן גראד קעלט, און יעדע נאכט, אין א באשטימטער צייט, זיך אויסציען אויפן בעט, פארמאכן די אויגן און איינשלאפן. דאס אלץ האט ער געטאן מיט באשטימטע ארדנונגען, אין דער זעלבער צייט וואס נעכטן אזוי היינט, און ווי אייערנעכטן אזוי נעכטן. לויט די זעלבע ארדנונגען איז געווען זיין טעגלאכער שפאציר, זיין געשפרעך מיט מענטשן: אלץ מיטן סדר, וואס זיין געזונט פאדערט. ער האט אויך ניט געהאט קיין שום רעספעקט צו וועלכער עס איז פאליטישער פארטיי און באזונדער צו די סאציאליסטן, וואס בריינגען אויס זייערע טעג און אמאל אויך זייערע נעכט אויף היציקע ויכוחים, וואס פארדארבן דעם מענטשנ'ס געזונט. „מיין געזונט איז וויכטיקער ווי אלץ“— איז געווען זיין מאטא.

און צו אלץ דארף מען נאך צוגעבן, אז ער איז געשטארבן נאך ניט זייענדיק אלט קיין פינף און צוואנציק יאר.

און אַז איר וועט מיך פרעגן, ווי האָט ער געהייסן, וועל איך מוזן צוגעבן, אַז איך האָב פאַרגעסן.

און נאָך און נאָך געשטאַלטן גייען פאַרביי, ווי איך רעד דאָ מיט אייך. איך וועל זיי לאָזן אָן אַ זייט און נאָר אויפצייכענען האַסטיק נאָך איין סילועט, כדי לסיים בכי טוב, ווייל דאָס איז אַ קאָמישע פּערזאָן.

דאָס איז געווען אונזער פּרעסער. ער איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, האָט געלעבט אויף געלט „פון דערהיים" און האָט געהאַט די פאָלגנדע דריי אייגנשאַפטן:

ער איז געווען אַבסאָלוט ערלאַך, אָבער עס פלעגט זיין שווערער אַרויסצופּרעסן פון אים געלט, ווי פון אַ שטיין בלוט, ווען ער האָט געהאַט „שייניקע, נייאינקע הונדערטער". צו באַצאָלן פרוי קאַנצל פלעגט מען מוזן איבערגעוואַלט ביי אים נעמען דאָס געלט, אָפּבייטן און אים צוריקגעבן די „רעסטע".

דאַן פלעגט ער בוכשטאַבלאַך ניט אויפהערן צו עסן. אויב עס איז ווירקלאַך ערגעץ־וואו דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ „מיט־עסער", דאַן איז ער זיכער געזעסן אין אונזער יונגן פּרעסער.

ועל־כולם, פלעגט ער, גאָר אָן אַלע פרייע־ליבע פּרינציפּן און ווירקלאַך ניט מיינענדיק קיין בייז, זיך כאַפּן קושן צו יעדער יונגער פרוי אין הויז. דערצו האָט ער געהאַט די פאָלגנדע טעאָריע: אַן אָנשטענדיקער קוש עפנטלאַך און ניט באַהאַלטן; אַלעמען און ניט — מעשה־עגאָאיסט — נאָר איינער; אָנשטענדיקע ווייבלאַך און מיידלאַך און ניט, חלילה, אומאָנשטענדיקע.

און טוט אים וואָס!

איינמאָל האָט אים געלונגען צו „גנב'ענען אַ קוש" פון פרוי קאַנצל'ס שיינער פּלימעניצע, עמאַ. ער האָט דאָס אויף זיין שטיינער געטאָן עפנטלאַך, פאַר די אויגן פון דער קליינער געזעלשאַפט אַרום טיש. ווען עמאַ האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַן אויפגערעגטן פּנים, האָב איך זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן און בין אויף אים אָנגעפאַלן:

„ווי וואַגט איר דאָס" — האָב איך געזאָגט — „צו קושן

אזא אַנשטענדיקע און פון אונז אַלעמען רעספּעקטירטע מיידל ווי עמאַ?"

— איז וואָס האָב איך געדאַרפט טאָן, — האָט ער מיר געענטפערט קאַלטבלוטיק, — קושן אַ מיידל, וואָס איז ניט אַנ־שטענדיק און וועלכע אַלע האַסן?

***

אַט זע איך. דוכט מיר, אים און אַלע אַנדערע אַרום דעם לאַנגן טיש. אַט זיצן זיי און דיסקוטירן און היצן זיך און שרייען אַריבער איינער דעם אַנדערן, בעת די משכילים צווישן זיי זיינען פאַרטאָן אין די ראַדיקאַלע אַרטיקלען אין דעם „הקול" און דעם „אספת־חכמים".

און דאָ קומען מיר צוריק צו דעם פּונקט, פון וועלכן מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען, בשעת מיר האָבן זיך פאַררעדט וועגן פרוי קאַנצל'ס חברה.

צוליב די פריער געשילדערטע אומשטענדן זיינען אין דעם צווייטן און דריטן העפט „אספת־חכמים" — דערשינען אין אָקטאָ־בער און נאָוועמבער 1877 — אַריינגעקומען אַזוי פיל מיינע שריי־בערייען אין די צוויי נומערן, 20 פון די 32 זייטן.

וועגן דעם ראָמאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דעם צווייטן העפט און איז דערשינען אין אַלע איבעריקע העפטן, וועל איך דאָ נאָר באַמערקן, אַז דער פּלאַן איז געווען צו שילדערן די מענטשן פון דער נייער צייט. די שפּראַך איז שטעלנווייז גע־ווען גוט. אייניקע פון די כאַראַקטערן זיינען ניש־קשה'דיק גע־צייכנט. אָבער דער ראָמאַן האָט ניט נאָר געליטן דערפון, וואָס אים האָט געשריבן אַ ווייניק געאיבטע האַנט, נאָר אויך דערפון, וואָס די דאָזיקע דערציילונג איז ניט געשריבן געוואָרן מיט דעם געדאַנק צו שאַפן אַ ליטעראַריש ווערק, נאָר בלויז צו מאַכן סאָ־ציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. איך האָב געדיינקט, אַז די סאָציאַ־ליסטישע לערע אין דער פאָרמע פון אַ מעשה וועט ניט געפינען

קיין שטער פון דער זייט פונם צענזאָר, וואָס לויערט אויף אונז און איז געגרייט אונז צו פארניכטן צוזאמען מיט דעם גאנצן סאָציאַליזם אין אונז.

און אזוי ווי די קריטיק און דער שיר „שומר מה מלילה" זיינען שוין באשפראָכן געוואָרן, בלייבט מיר דאָ נאָר צו זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן דער משוגע'נער פילאָזאָפיע: די „חזיונות איש הרוח", פון נומער 2.

דאָס צו טאָן איז מיר אי אנגענעם, אי אומאנגענעם.

אנגענעם איז דאָס מיר, ווייל איך קען מיט א גאנץ ריינעם געוויסן זיך אליין געבן א קאָמפּלימענט. אָבער מיר וואָלט זיך וועלן, אז דער לעזער זאָל דעם קאָמפּלימענט קענען באשטעטיקן, האָבנדיק די מעגלאכקייט אליין צו אורטיילן. דערצו אָבער וואָלט נויטיק געווען די „משוגעת" צו איבערזעצן און דאָס איז אומ־מעגלאך, ווייל זי וואָלט פארנומען גאנצע פיר זייטן, און דערפאר איז מיר דער עסק אין דער זעלבער צייט אומאנגענעם.

וועל איך מאכן א פשרה: וועל געבן א שטיקעלע באגריף פון דעם ארטיקל און דאן ציטירן איין קלייניקייט אָדער צוויי.

ווי אלע מיינע „משוגעת'ן" פון יענער צייט, באשטייט דער ארטיקל אינם צווייטן העפט פון עטלאכע פאראגראפן, קירצערע און לענגערע, און ענדיקט מיט א קליין שיר'על.

די ערשטע אָפּטיילונג איז א פאבל, כלומר'שט צוגעשיקט פון יענער וועלט פון דעם פראנצויזישן פאבלדיכטער לאפאָנטען, וועל־כער איז געשטאָרבן אין יאָר 1695. זי איז ביי מיר מיט יאָרן שפּעטער פארארבעט געוואָרן אין דעם פאָלגענדן אפאָ־ריזם:

„דער פאָליציסט איז פעט — דער גנב מאָגער. כדי זיך אויסצו־היטן פון מייז, האָדעווען מיר קעץ און זיי נאַשן דערצו נאָך ביסלאכ־ווייז אונטער — בשתיקה".

אין דער פאבל איז דאָס באהאנדלט אויספירלאך אין א גע־

שפּרעך, װעלכן די מײז פירן מיטן הױז־הונט װעגן דער קאַץ. *)

דאָס צװײטע שטיקעלע משוגעת איז נאָכגעמאַכטע משנה, געשריבן אין גמרא־לשון, װעלכע איז קורץ גענוג צו קענען װערן איבערזעצט. אָט איז זי:

„זאָגט די גמרא: צװײ מענטשן רײסן זיך אַרום אַ קלײד; אײנער זאָגט: זי איז אינגאַנצן מײנע; דער אַנדערער זאָגט: זי איז אינגאַנצן מײנע. זאָגן די חכמים: לאָזן זײ זיך צעטײלן.

„אין דער משנה, רבותי, רעדט מען װעגן אַ געפונענעם קלײד; אין לעבן אָבער זעען מיר אַן אַנדער סאָרט סכסוך: צװײ מענטשן האַלטן אַ קלײד. אײנער טענה'ט, אַז זי איז אינגאַנצן זײנע; דער אַנדערער טענה'ט דאָס זעלבע. אײנער זאָגט: דאָס קלײד איז מײנס, װײל איך האָב פּאַר דעם װעבער און דעם שנײדער (פונם קלײד) געטאָן אַן אַנדער אַרבעט, איך האָב פאַר אים גענײט שיך, דערפאַר װאָס ער האָט געמאַכט דעם בגד. דער אַנדערער אָבער זאָגט: דאָס קלײד איז מײנס, װײל איך האָב אין מײן האַנט די פּרוכט פון דער אַרבעט, דאָס איז דאָס געלט, און דערפאַר קען איך טראָגן דאָס קלײד — הגם איך האָב ניט אַלײן גענײט אַ מלבוש, און ניט געטאָן קײן זאַך פאַר דעם װעבער אָדער דעם שנײדער.

„איז די קשיה: װי פּסקנ'ט מען דאָ? תיקו — בלײבט אַ קשיה". ‡)

---

װערט צו איבערזעצן איז פיליכט אױך דער פאָלגנדער פּאַראַגראַף, װען אױך ער איז אײגנטלאַך צו קלאָר. אָט איז ער װאָרט אין װאָרט:

„אין די פאַראײניקטע שטאַטן פון אַמעריקע זײנען שױן פון יאָרן מער קײן שוסטערס ניטאָ!.. שיך װערן געמאַכט אין גרױסע פאַבריקן מיט פילע און קונציקע מאַשינען. אין יענע פאַבריקן זײנען אין

*) זע די פאַבל „די קאַץ און די מײז", באַנד 6, ז' 43—45.

‡) זע דעם אָריגינאַל, דאָרט, זײטן 252—253.

1870 געווען באַשעפטיקט 231,552 אַרבעטער (צווישן זיי 38,875 ווייבער און 6,459 קינדער). — באַטראַכטסטו דאָס נאָר איין אויגנבליק, דאַן זעסטו, אַז אַ פערטל מיליאָן מענטשן, וועלכע זיינען אַמאָל געווען פרייע האַנטווערקער, געפינען זיך איצט אין דער מאַכט פון באַלעבאַטים, וואָס אין דעם פאַל פון אַן אומגליק, דאָס הייסט, פון אַ באַנקראָט, פאַרהיט זאָל מען ווערן דערפון, שטאַרבן אויס די אַלע אַרבעטער, אָדער, ווען דער אויבערשטער האָט רחמנות, ווערן זיי נאָר פאַרהונגערט, זיי מיט זייערע ווייבער און קינדער.

„און איצט קום און לערן: ערשטנס, אויב איין מאַשין אַרבעט פאַר פינף מענטשן (וואָס דאָס איז דאָס מינדסטע), איז דאָך די קשיה, וואו בלייבן די אַנדערע פיר פינפטלאָך: אַ גאַנצער מיליאָן, וועלכע זיי־נען פריער אויך געווען שוסטער? זאָל עס אַנדערש זיין, אַז וואָס? אַז אין דער שוסטעריי זיינען טאַקע מער ניט נויטיק. אלא וואָס דען? זיי מאַכן אַ לעבן אַנדערשוואו? איז איין קשיה: פון וואַנען נעמט זיך דאָס דאַזיקע אַנדערע אָרט, און אַ צווייטע קשיא איז: אפילו לאָמיר שוין זאָגן: גוט! זיי געפינען אַרבעט אַנדערשוואו, הייסט דאָך דאָס, אַז זיי מאַכן קאָנקורענץ פאַר אַנדערע אַרבעטער, זיי נעמען אַרונטער, ווערט דאָס אַנגערופן, יענעמס געצאָלט, און, אויב אַזוי, פרעגט זיך —

„צווייטנס, וואו בלייבט דער ניט־דערצאָלטער אַרבעטס־לוין, וועל־כער איז אַראָפּגעדריקט געוואָרן דורך דער אַרבעטער־קאָנקורענץ און וואו בלייבט דער לוין פון יענע אַרויסגעוואָרפענע מיליאָן שוסטער?

„זאָגן די היינטיקע: אין די קעשענעס פון די פאַבריקאַנטן".

---

**א האָרעלע מער משוגע איז דער נאָענטסטער פּאַראַגראַף.*)**

און דאַן קומט צום סוף אַ לאַנגע פאַנטאַזיע, אַ בליק (דורך אַ חלום) אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט. אויף דער בינע פון מיין פאַנטאַזיע דערשיינט אַ גייסטיקער ריז, וואָס טראָגט מיך אַוועק אויף די פליגלען פון ווינט, ווייט פון מיין היים.

---

*) זע אָריגינאַל און איבערזעצונג, דאָרט, זייט 253.

דער דאָזיקער ריז איז דרייצן יאָר שפּעטער, ווען יגלי האָט אויסגעטאָן פון זיך זיין געשטאַלט פון א „פאַנטאַזיאָר“ און אָנ־געטאָן דאָס פּנים פונם „משוגענעם פילאָזאָף“ און געענדערט זיין שפּראַך פון העברעאיש אין אידיש — איז דעמאָלט דער ריז געוואָרן דער „פרייהייט גייסט“.

מיין פאַנטאַזיע פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט ענדיקט זיך מיט דעם דאָזיקן געזאַנג פון דער טאַנצנדיקער יוגנט:

„לעבדים ושפחות מנעורינו נמכרנו,
ועתה נגאלנו — עתה הננו בני חורין!
אפס „לא תקום“ למדנו, זכרנו,
„אהב לרעך כמוך“ בקול אָנו קורין! ‡)

און דערמיט ענדיקט זיך דאָס יאָר 1877.

‡) יונג פאַרקויפט פאַר שקלאַפן און שקלאַפינען
זיינען מיר איצט אויסגעלייזט—פריע מענטשן!
נאָר „ניט נוקם“ זיין אָן אונטערדריקער, געדיינקען מיר,
„ליב דעם צווייטן ווי זיך“—רופן מיר הויך!



**א מערקווירדיק יאָר. — דער שיר „הגנב“. — די אַלטע באַגייסטערונג פאַר בערנע. — ער קומט דעם משוגע־נעם פילאָזאָף צו חלום. — פיר „אומנאַטירלאַכע סאָציאַליסטן“. — דער מרת־שחורה'דיקער קאַלמאַן. — אַ אַפּגעלאָזענער ליטעראַט.**

דאָס יאָר 1878!

ווי גיט מען איבער, מענטשן פון דעם היינטיקן דור, אַ באַגריף, ווען אויך ניט מער ווי אַ באַגריף, פון די געפילן און דעם גייסט־צושטאַנד פון די רוסיש־אידישע יונגע לייט אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד אין יענעם מערקווירדיקן יאָר? און פאַרשטייט מיך ריכטיק ווען איך זאָג „אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד“, מיין איך וואָס איך זאָג, מחמת מיר, פון יענעם דור, האָבן ווירקלאַך געלעבט אין ביידע מדינות מיטאַמאָל, די פיזיק מעג זיך זאָגן וואָס זי וויל.

נו, ווי גיט מען איבער דאָס צו פאַרשטיין? לאָמיך פּרובירן; לאָמיך אייך געבן, אויב ניט אַ גאַנץ פאַרטיק בילד, ווייניקסטנס אַ האַסטיקע צייכענונג מיט דעם אינהאַלט, און איר מאָלט זיך שוין דאָס איבעריקע אויס. אפשר וועט דערפון אין אייער מוח פאַרט ווערן אַ בילד.

הייסט עס, עס גייט אין אַ מזל'דיקער שעה!

דאָס יאָר 1878 דערשיינט אויף דער מגילה פון דער לאַנגער אומענדלאַכער וועלט־געשיכטע בשעת דער בלוטיקער קאַמף צווישן רוסלאַנד און טערקיי האַלט שוין ביי אַ סוף. נאָך צוויי מוראַדיקע מפּלות ביי פּלעווּנאַ ווערט ענדלאַך דער העלדישער פאַרטיידיקער אָסמאַן פּאַשאַ באַזיגט. פּלעווּנאַ גיט זיך אונטער, און באַלד פאַלט קאַרס, און אין אָנהויב פון יענעם יאָר איז מען שוין אין אַדריאַנאָפּאָל! הוראַ! יובטענע שטיוול, בראָדזענדיק אין אַ

טייך פון רוסיש-טערקישן יונגן בלוט, זעען אוים כמעט אזוי רויט, ווי די מיצקע (דער פעז) אויף די קעפ פון די טערקן.

און דא שטארבט אין רוים דער קאטוילישער פויפסט פיוס דער נייַנטער, ער, וועלכער האט דערקלערט זיך, זיינע פארלויפער און נאכפאלגער אויף דעם הייליקן פעטער'ס טראָן אומפעלבאר, ד. ה. פאר אזעלכע כמעט געטער, וואס קענען קיין טעות ניט האבן און קענען קיין פעלער ניט מאכן. דער הייליקער פויפסט שטארבט, אבער פארן טויט זעט ער זיין טויט-פיינט, זיין פארהאסטן דם-שונא, קעניג וויקטאר עמאנועל, אויסגעצויגן אויף א טהרה-ברעט, ווארטנדיק אויף דעם טייוול, וואס נעמט אלע קעגנער פון א רוימישן פויפסט; ער זעט א טויטן איינעם פון די, וועלכע ער, פיוס, האט מחרים געווען און געשאלטן.

און בעת אייראפע דיסקוטירט דעם טויט פון דעם גרויסן שילטער (דער קעלמער מגיד? וואס רעדט איר! צו זיינע קנעכלאך איז ער ניט געקומען!) און פון דעם פיל געשאלטענעם נפטר, דעם ערשטן אויף דעם טראָן פון דער פאראייניקטער איטאליע, דערלאנגט זיך די דאזיקע אלטע אייראפע אזוי ווי א טרייסל פון א שאָס, וועלכן א רוסיש מיידל טוט אין פעטערבורג. אייראפעאישע קעפ, מיט אויסגעשטעלטע, פארוואונדערטע אויגן, טוען זיך א דריי צו מזרח צו. טאטע בארמהערציקער! וואס איז דאס? נו, דאס האט וויערא זאסוליטש אויסגעשאסן אויף טרעפאוון און מען פילט, אז דער שאָס האט כמעט נאך א גרעסערע באדייטונג, ווי דער אנגריף פון יעל אויף ססרה, פון שארלאטא קארדיי אויף מארא, ווייל דער דאזיקער שאָס איז, אחוץ א באשטראפונג פאר א מענטשנפרעסער, אויך א סיגנאל פאר דעם אנהויב פון דעם רויטן טעראר, אלס ענטפער אויף דעם ווייסן, בלייך-ווייסן, טויטבלייך-ווייסן, זעלבסטהערשערישן טעראר. דאס באדייט: רעוואלווערן, קינזשאלן, דינאמיט — ענטפערט זיי אויף זייער אייגענעם לשון, די איינציקע שפראך, וועלכע דער תלין פארשטייט.

און באלד זעט מען, אז דער סיגנאל איז ריכטיק פארשטאנען געווארן. אין אויגוסט פאלט דער בלוטיקער מעזענצעוו, דער-

שטאָכן ווי א משוגע׳נער הונט פון סטעפּניאַק׳ס האַנט, פון דער האַנט פון דעם מאַן, וועלכער וואָלט געגאָסן טרערן איבער אַן איינגעשניטענעם פינגער.

און עטלאכע מאָנאַטן פריער ווערט די ציוויליזירטע וועלט ערשטוינט פון א וואונדערבארן האַלב־קאָמישן רעוואָלוציאָנער־העלדישן אקט. דייטש, סטעפּאַנאָוויטש און באכאַנאָווסקי ווערן אַנטרונען פונם מלאך־המות׳עס הענט אויף א ראָמאַנטישן אופן.

און צווישן ווילדעוועט דער דעספּאָטיזם. אָבער די רעוואָלוציע לעבט. מען לאָזט זיך שוין ניט אומעטום ארעסטירן אָן ווידערשטאַנד, און אָדעם זעט אין איר שאָוס א געריכטלאכע דראַמע, וואו קאָוואַלסקי און זיינע חברים ווערן גע׳משפּט פארן „באוואפנטן ווידערשטאַנד" און קאָוואַלסקי, פאר׳משפּט צום טויט, פראָפעצייעט דאָס, וואָס מיר האָבן דערלעבט, און א גרויסע פאָלקסמאַסע דרויסן הערט אים.

און מיר, מיט איין אויג אויף רוסלאַנד און דעם אַנדערן אויף דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, קריגן צו פארזוכן דעם טעם פון טראַר אין פרייסן, דעם „לאַנד דער גאָטעספורכט אונד דער פראָמען זיטע".

דעם 11טן מאַי פּרובירט העדעל דערשיסן דעם אַלטן ווילהעלם, דעם כוואַט, וועלכער איז מיט דרייסיק יאָר פריער אַנטלאָפן געוואָרן פון דעם רעוואָלוציאָנערן שפּוך־חמתך פון 1848 אונטער דעם נאָמען לעמאַן און האָט די גאַנצע צייט — דורך דריי מלחמות — זיך נאָר אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ער האָט באַוויזן בקיעות אין די דינים פון פּויקן און מארשירן. אים שיסט העדעל און טרעפט ניט. אָבער 22 טעג שפּעטער, דעם 2טן יוני, ווערט געמאַכט אַן אַטענטאַט פון אַן אַנדערן אויף דעם זעלביקן אַלטן ווילהעלם. דאָס שיסט נאָבילינג און טרעפט אים — שיסט מיט שראָט — אין פּלייצע, און פארוואונדעט לייכט דעם קייזער, אָבער פיל שווערער דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, הגם ניט העדעל, ניט נאָבילינג האָט קיין שום דירעקטע שייכות ניט געהאַט מיט דער פּאַרטיי.

ביסמארק איז פארנומען מיט דעם „סאָציאַליסטן־געזעץ“, אָבער ווי זאָגט וויקטאָר הוגאָ? דער מענטש האָט צוויי הענט און קען ארבעטן אויף צוויי אופנים מיטאמאָל. הער ביסמארק ראטע־וועט אי דעם געזעץ און די אָרדנונג אין דייטשלאַנד, אין דעם פרידן אין דער וועלט.

דער בערלינער קאָנגרעס, ביי וועלכן עס זיינען רעפּרעזענ־טירט אַלע זעקס גרויסע „מעכטע“ פון אייראָפּע, נעמט זיך מאכן שלום צווישן דעם „קאצאפּ“ און דעם טערק, צווישן דעם קרענק־לאכן און דעם „קראנקן מאַן“, און ביסמארק שפּילט די ראָלע פון דעם ערלאכן מעקלער — ווי ער רופט זיך אַליין — בעת ר׳ בנימין דיזראעלי, ענגלאַנד׳ס פּרעמיער־מיניסטער, טראָגט אוועק צו זיין באַלעבאָסטע וויקטאָריע דעם געלאַטכעטן אינזל ציפּערן און דעם טיטול „קייזערין פון אינדיע“, וואָס דערפאר ווערט ער שפּעטער גראף ביקאָנספילד. דאָס הייסט, ער ווערט דערנידעריקט דורך אַן ערהויבונג, ווי אַ רוקן דורך אַ הייקער.

און אזוי ווי אטענטאטן זיינען אויף דער טאגעס־אָרדנונג, ווערן אָנגעגריפן דער שפּאנישער קעניג אַלפאָנזאָ און דער נייער איטאַליענישער הומבערט נאָך איידער דאָס יאָר ענדיקט זיך, אָנ־געגריפן מיט אַ כונה צו טויטן.

און דאָ ווערט ביסמארק׳ס מוילקאָרב־געזעץ פאר די סאָ־ציאַליסטן פּארטיק און עס ווערט מיטאמאָל פארבאָטן אַ שטיק־לאך 50 צייטונגען, צווישן זיי עטלאכע טעגלאכע; עס ווערן גע־שלאָסן פאראיינען, עס ווערן פארבאָטן בראָשורן, ביכער און אפילו (שפּעטער) וואלקאמף־ליטעראטור.

ארום דער זעלביקער צייט דערשיינט אין פּעטערבורג דער ערשטער נומער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“, און אַלע טאָג הערט מען פון אַ נייער העלדן־טאט פון אַ נייעם מארטירער, פון אַ נייער שטיק טיראניי. רוסלאַנד איז אויפגעשטאנען תחית־המתים.

בקיצור, אַ לעבעדיקע וועלט, אַ וואונדערבאר יאָר! און איצט קענט איר זיך פּילייכט שוין פאָרשטעלן, ווי עס האָט זיך געמוזט

פילן אונטער אַזעלכע אומשטענדן, אין אַזאַ לאַגע, אַ יונגער חברה־מאַן, ווי דער שרייבער פון די עראינערונגען איז צו יענער צייט געוועזן...

---

די אַרבעט איז, פונדעסטוועגן, געגאַנגען רעגלמעסיק, כמעט רואיק. געקאָכט האָט מען זיך אינעווייניק, איבערהויפּט ווייל, זייענדיק אין פּרייסן, דערביי אָבער אַ רוסישער אונטערטאַן, האָט מען קיין ווירקלאַכע טעטיקייט ניט געהאַט, ד. ה. מען האָט קיין שייכות ניט געהאַט מיט דעם ווירקלאַכן פּאָליטישן קאַמף ניט פון דייטשלאַנד, ניט פון רוסלאַנד. הערן, לייענען און שרייבן איז געווען אַלץ, וואָס מען האָט געקענט טאָן, שוין גאָרניט רעדנדיק דערפון, וואָס אייער פריינט איז, ניט פאַר אייך געדאַכט, קיין גרויסער טוער איבערהויפּט קיינמאָל ניט געווען. בייזע צינגער זאָגן, אַז וואו און ווען ער האָט זיך באַוויזן אַלס אַ טוער, האָט אי ער, אי די וועלט דערפון געהאַט ווייניס־וואָס נחת... גלויבט זיי ניט. גלויבט ניט, סיידן איר הערט עס פון מיר אַליין.

שטיל, רואיק, כמעט אומבאַמערקט איז אין אָנהויב פון דעם יאָר 1878 אַריינגעקומען דאָס דריטע העפט „אספת־חכמים".

ווער עס לייענט אויפמערקזאַם די שרייבערייען פון „יגלי" און „בן־נץ", וועט נאַטירלאַך האָבן פיל אויסצוזעצן, אָבער ער וועט מוזן צוגעבן, אַז מען איז ניט אומזיסט געווען די עטלאַכע חדשים אין דייטשלאַנד, דעם פּאָטערלאַנד פון דעם מאָדערנעם „וויסנשאַפטלאַכן" סאָציאַליזם.

דאָס געדיכט „הגנב", וועלכעס איז, גלויב איך, געשריבן גע־וואָרן פיל פריער, אפשר נאָך אין רוסלאַנד, איז פאַרן דרוק סאָ־ציאַליסטיש געשליפן און פאַרשאַרפט געוואָרן.

דאָרט ווערט געשילדערט אַ סצענע אויף אַ מאַרק אין אַ ליטווישער שטאָט, וואו מען כאַפּט אַ גנב, און דער אויפגערעגטער המון „ראַספּראַוועט" זיך מיט אים אויף דעם אַמאָליקן רוסישן אופן. מען נעמט פון אים אַוועק די גנבה און מען ברעכט אים אַזוי אָן די ביינער, אַז ער שרייט מיט קולות אין הימל אַריין.

ווען דער געכאַפּטער גייט ענדלאך אַרויס פון די הענט פון זיינע „ריכטער" און גייט אַרויס בשן ועין, גלעטן זיך אַ סך זאַטע מענטשן די בייכער און גייען אַהיים, דאַנקענדיק גאָט, וואָס זיי אַליין זיינען ברוך השם אַזעלכע פיינע ערלאַכע לייט. צו זיי ווענדט זיך דער שרייבער מיט די דאָזיקע ווערטער:

„שמחו לאידו! הוי, בני חושך וצלמות!
הוי, אסירי ברזל, שתומי העין!
לא מחכמה שמחתם לאיד ועצבת
מידכם לו באו! לב בכם אין!
הטרם תדעו כי אין גנב מרחם?
כי מבטן אמו לא יצא כל שודד?
מדוע לא פרסתם לרעב פת־לחם
ובשלמי המון הרעבים בחוצות נודד?
הלא בשלכם! — למלא זהב בתיכם
וכסף תועפות, ירעבו אלפי עניים;
להאכילכם מעדנים, להלביש משי נשיכם,
אלה בנקיון שנים לעיניכם גועים"...

אויף אידיש: — זיי האָבן זיך געפרייט איבער זיין אומגליק! אָ, איר פינסטערע מענטשן! אָ, איר קייטנטרעגער, איר פאַרשטאָפּטע אויגן! ניט קלוג איז פון אייך זיך לוסטיק צו מאַכן איבער אומגליק און טרויער, וועלכע זיינען אים געקומען פון אייערע הענט... גייט, איר האָט ניט קיין האַרץ! ניט שוין פאַרשטייט איר ניט, אַז ג ע ב ו י ר ן ווערט מען ניט אַ גנב, אַז פון מוטערלייב קומט קיינער ניט אַרויס אַ רויבער? וואָרום האָט איר עם הונגעריקן ניט געגעבן אַ שטיקל ברויט און צוליב וועמעס שולד טרייבן זיך איבערהויפּט אַרום אַזוי פיל הונגעריקע איבער די גאַסן? ווייל אייך! דען אָנצופילן אייערע הייזער מיט גאָלד און מיט זילבער, הונגערן טויזנטער; אייך צו געבן די פיינסטע שפּייזן, אייערע ווייבער צו פירן אין זיידנס, גייען די דאָזיקע אָרימע אויס.

אין די די נאָענטסטע 24 פּערזן שילדערט דער שרייבער דאָן די לעבנסגעשיכטע פון אַ גנב; ווי אַזוי ער האָט צוליב זיין אָפּגע־

ריסנקייט אין ערגעץ ניט נעקראָגן קיין ארבעט; ווי ער איז פון דלות פאַרזונקען געוואָרן אין בעטלעריי, פון בעטלעריי אין שלעכ־טער געזעלשאַפט, פון דאָס אין שכרות, פון שכרות אין געוויסנלאָ־זיקייט און ענדלאַך דערפון אין אַ שאַיקע גנבים אריין, ביז ער איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז. און ער ענדיקט אזוי:

„חדלו לכם מן העושק, מעושק־העובד,
אכלו פרי־כפיכם, פרי־המלאכה,
אז יחדל הזדון, המציק והחלכה,
ואפסו הגנבים כ ל ם עדי־אובד.

אויף אידיש: — הערט אויף צו רויבן, צו עקספּלואַטירן דעם ארבעטער. עסט די פרוכט פון אייערע הענט, די פרוכט פון אייער ארבעט. דאַן וועט אויסגיין אַלעם בייז, דער אונטערדריקער מיט דעם פאַרקריפּלטן, און פאַרשווינדן וועלן ווערן אַלע גנבים.

דאָס געדיכט „הגנב" האָט זיך שטארק געוואָרפן אין די אויגן, ווייל עס איז געווען גראָד אין דעם דאָזיקן העפט ארומגע־רינגלט מיט שונד: אַן איבערזעצונג פון קאראַמזינ'ס אַ שרייבע־ריי, שלעכט געמאַכט, אַ שטיק תורה, אַן אָרים־בחור'שע פּאָעזיע, דוקא ניט שלעכט, נאָר פּאַסנדיק צום „הגנב", ווי אַ קנאַפּל צו אַ פּאַדקאָווע.

אָבער נאָך אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסטיש איז אין דעם זעלביקן העפט די „משוגעת". זי באַשטייט פון פיר שטיקלאַך, כמעט אַלע ווערט איבערגעזעצט צו ווערן, ווען ניט צוליב זייערע ליטעראַרישע מעלות, דאַן יעדנפאַלס כדי צו געבן אַ באַגריף פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דעם „פילאָזאָף".

און כאַראַקטעריסטיש איז דערביי מיין באַגייסטערונג פאַר לודוויג בערנע. הגם איך בין שוין ווייט, ווייט פון אים, הגם דער פּאָרשריט, וועלכן די וועלט האָט געמאַכט אין די פערציק יאָר, וואָס זיינען דאַן געווען פאַרגאַנגען נאָך בערנע'ס טויט, האָט אונז אָוועקגעפירט ווייט אריבער דעם גרעניץ פון זיינע אידייען און אידעאַלן.

אפשר איז דאָס דערפאַר, ווייל אין איין פּרט איז בערנע

ניט נאָר ניט געווען אריבערגעיאָגט, נאָר אפילו ניט דערגרייכט פון קיינעם פון מיין דור, און דאָס איז איין דעם פּרט פון פריי־הייטס־ליבע.

אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, אומעטום וואו איך מיש נאָר אויף, בלעטערנדיק צווישן מיינע אַלטע כתבים, געפין איך זיין ליבן נאָמען, געפין איך זיין מעכטיקן איינפלוס. ער איז מיין פייער־זייל, וועלכער באַגלייט מיך אויף מיין וועג דורך דעם מדבר, דעם גרויסן קאַפּיטאַליסטישן מדבר, דורך וועלכן מיר אַלע וואַנדערן אויף דעם וועג פון פעאָדאַליסטישן מצרים צום סאָ־ציאַליסטישן כנען, אייניקע אַלס דער אוואַנגאַרד, אַלס דער חלוץ, וואָס מאַרשירט אין פראָנט פון אַלע מחנות, אייניקע ביי די פּראָ־וויאַנט־וועגן, אייניקע מיט אינסטרומענטן פון באַגייסטערנדער מוזיק ביי זיך, אייניקע זיך נאָכשלעפּנדיק, מוטלאָז, האָפענונגס־לאָז, ניט גלויבנדיק, אַז דער מדבר וועט ווען־עס־איז נעמען אַ סוף...

אין דער „משוגעת“, פון וועלכער איך רעד, קומט מיר בער־נע צו חלום און מאַכט מיך אויפמערקזאַם, אַז אין זיינע שריפטן זיינען דאָ פיל זאַכן, וועלכע קענען מיר צונוץ קומען אין דער אויפקלערונגס־אַרבעט פאַר מיין פאָלק. ער עראינערט מיר יענע שטעלע אין זיין „נאָר אים ווייסן שוואַן“, וואו ער זאָגט:

„וואָלטן ווייניקסטענס זיי געוואונען אַלץ, וואָס מיר פאַר־לירן, נו, דאַן וואָלטן מיר אפשר פון דער זייט צוגעזען, ווי זיי ספּראַווען זיך מיטן רבונו־של־עולם, און מיר, מענטשן, וואָלטן זיי שוין מוחל געווען. אָבער ווען מיר זעען, ווי פיל, פיל מיר פאַר־לירן און ווי ווייניק זיי געניסן דערפון; אַז זיי נעמען אוועק פון אונז מער ברויט, וויפיל זיי באַדאַרפן, כדי זיך צו זעטיקן; אַז זיי צעשטערן אונזער שענסטע טייערע אייגנס, נאָר כדי מיר זאָלן באַרויבט ווערן פון פריידן; אַז זיי נעמען פון אונז אוועק מיט געוואַלט דעם פרילינג מיט זיין פרייער לופט, דעם זומער מיט זיין פולן וואַרימען לעבן, דעם אָסיען מיט זיינע פרוכט און רינגלען אונז אַרום, עפּעס ווי דורך אַ בייזן כישוף, מיט אַן אייביקן ווינטער

און דאָס אַלץ ניט מער ווי צוליב אַ פּוסטן באַל, צוליב אַ שליטנ־פאַר, — ווען מיר זעען דאָס, דאַן קרענקט דאָס אונז, דאַן רעגט דאָס אויף דעם פרידלאַכסטן צווישן אונז, דאַן ווערט פאַרצייאונג אומעגלאַך".

און בערנע זאָגט צו מיר:

„בשעת איך האָב דאָס געשריבן, האָב איך מיינע פּיילן גע־צילט אַנדערשוואו; דו אָבער קענסט די זעלביקע ווערטער אריינ־שרייען אין די אויערן פון די פאַרשלאָגענע אָרימע לייט, פאַר־שלאָגן און גערדריקט דורך דעם רוייבן פון די רייכע. שריי, רוף אָן אויפהער צוויי, דריי מאָל אַ טאָג, שריי אומעטום, וויל מיט־אַמאָל וועסטו צו זייערע הערצער ניט צוקומען.

„זאָג זיי:

„עס איז אַ ליגן, אַז גאָט האָט באַשאַפן טוער און ליידיק־גייער; עס איז אַ ליגן, אַז די וועלט איז געבויט אויף רייכקייט און אָרימקייט; עס זאָגן ליגן די, וואָס קומען און טרייסטן די פאַר־טרויערטע מיט פאַלשער האָפנונג; זיי זיינען ליגנערס די, וואָס זאָגן צום פאָלק: „זיץ און האָף און וואַרט, טאָמער וועט זיך גע־פינען אַ הילף אָן דיין זוכן"; ליגנער זיינען די, וואָס זינגען די שבחים פון ליידן און דולדן; פאַלש זיינען די, וואָס בויען פאַר מענטשן פּאַלאַצן פון צעדערבוימער אין הימל און פערד־שטאַלן אויף דער ערד.

„גיי און זאָג דיין פאָלק, אַז עס איז צייט, אַז זיי זאָלן דער־וואַכן פון שלאָף און זאָלן אַרויסגיין פאַרשפּרייטן ליכט איבער דער וועלט, מאַרשירנדיק האַנט־אין־האַנט מיט זייערע ברידער פון אַנ־דערע פעלקער. זאָג דיין פאָלק, אַז עס איז צייט צו מאַכן אַ סוף פון צינזען, און פאַרדינסטן, און עקספּלואַטאַציע, און יעדן מין רויב, וועלכער איז אַ שאַנדע פאַר מענטשן. זאָג צו דיינע רייכע לייט, אַז דאָס וואָס זיי פאַרהונגערן דאָס גאַנצע פאָלק, צונעמענ־דיק פון אים אַלץ, וואָס אים איז טייער, נאָר כדי נאָכצוגעבן איין קליינע תאוה, — אַז דאָס הייסט מאָרד פאַר פיל נפשות, פון וועלכן זיי קענען זיך ניט ריינוואַשן.

„גיי, זאָג זיי, אַז די מענטשן זיינען אַלע ברידער, אַלע; עס איז ניטאָ קיין קליין און גרויס, קיין הער און קנעכט, קיין רייך און אָרים אין דער נאַטור; עס איז ניטאָ אַזאַ מענטש אויף דער וועלט וועלכער זאָל האָבן דאָס רעכט צו זאָגן: איך מעג עסן די פּרוכט פון דיין אַרבעט, די פּראַצע פון פיל אַנדערע“.

— „בערנע, בערנע! — שריי איך אויס — אומזיסט זיינען דיינע רייד, פעסט שלאָפט מיין פאָלק, פעסט ווי אַ שיכור, און אפילו חלום׳ען קענען זיך אים דיינע געדאַנקען ניט“.

אפשר נאָך וויכטיקער איז דער רעשט פון דער דאָזיקער „משוגעת“, 29א) אָבער מער איבערזעץ איך פאָרלויפיק ניט. דער עסק גייט צו לאַנגזאַם און אידישע געדולד (אין לייענען, ווען ניט אין ליידן) איז קורץ.

---

ווערנדיק אַביסעלע נענטער באַקאַנט מיט דער לאָקאַלער לאַגע אין קעניגסבערג, האָב איך אַרויסגעפונען אַ קאָמישע סיטואַציע אין דער באַוועגונג דאָרטן, וועלכע איז, איבריקנס, דעמאָלט נאָך געווען זייער שוואַך אין האַנדלס־שטעט, ווי קעניגסבערג, שטעטין אָדער דאַנציג. ביי די רייכסטאַג־וואַלן פון 1877 האָט בעבעל אַלס קאַנדידאַט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, געצויגן ווייניקער ווי 1200 שטימען.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן, ווען איך זאָג, אַז איך האָב דאָרטן געפונען אַ קאָמישע לאַגע. וואָס איך האָב אין זין, איז אָט וואָס:

די פירער פון דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געווען: הערביג — אַ גוטבאַזיצער, זאַמטער — אַ— באַנקיר, אַרנאָלד — אַ בערזענמעקלער און קאַלמאַן — אַ קאָנדיטאָר! דאָס איז אין אַ לאַנד, וואו די אַרבעטער־באַוועגונג איז אַן אַרבעטער־באַוועגונג, אַ פּראָלעטאַרישע אין פולן זין פונם וואָרט!

קאָמיש, ניין? צוליב וואָס דערצייל איך אייך דאָס? צוליב קאַלמאַנ׳ען און וועגן קאַלמאַנ׳ען צוליב אַ נייעם מיטאַרבעטער פון דעם „אספת־חכמים“ און אפשר אַ פּאָר אַנדערע.

פונדעסטוועגן איז קאַלמאַן אַליין אינטערעסאַנט.

זיין קאָנדיטאָריי (עטלאַבע טירן פון קאַנצל'ס רעסטאָראַן) איז געווען כמעט אַנטקעגן דער נייער בערזע. זיינע קונדן אויף אַ „טאַסע שאָקאָלאַדע" און אַנדערע אַזעלכע זאַכן, אויב וועלכע דער דייטש איז אַ מאַדים, זיינען געווען לויטער בערזענהענדלער, בערזענמעקלער, באַנקירן און רייכע קויפלייט פון אַנדערע מינים. אַזוי ווי זאַמטערס און אַרנאָלדס זיינען נאָך אַלע מעשים דעמאָלט אין דייטשלאַנד געווען נאָך זעלטענע פויגלאַך, און דער געוויינ־לאַכער „בערזיאַנער" האָט פיינט געהאַט דעם סאָציאַליזם, ווי אַ שד האָט פיינט אַ מזוזה, האָט קאַלמאַן באַוויזן ניט ווייניק קור־ראַזש, אויסשפרייטנדיק אַ האַלב טוץ סאָציאַליסטישע בלעטער אויף זיינע טישן.

עס איז מעגלאַך, אַז אַן אַנדערער וואָלט טאַקע אויף דעם אופן פאַרלוירן אַלע זיינע קונדן. קאַלמאַן איז אָבער געווען אַ מענטש, וועלכן אַלע האָבן געאַכטעט און פילע אַפילו פאַרערט. מען האָט אים אַלזאָ מוחל געווען זיין סאָציאַליזם.

איך ווייס ניט, וויפיל אמת איז אין דעם געווען, אָבער אין קעניגסבערג איז וועגן דעם מאַן אַרומגעגאַנגען אַזאַ לעגענדע:

דער פיינער, שלאַנקער מאַן, מיט זיינע פעכשוואַרצע האָר (ערטערווייז שוין גרוילאַך), מיט זיינע שיינע, איינגעזונקענע מאַטע אויגן, וועלכן האָבן אַרויסגעבליקט פון אַ מולאַטאָ־פאַרביקן פנים, — אָט דער מאַן איז אַמאָל געווען גליקלאַך פאַרהייראַט. ער האָט געהאַט אַ פרוי, אין וועלכער ער איז געווען שטערבלאַך פאַרליבט, און זי איז אין דעם צווייטן (דאַכט זיך, אינם צווייטן) קימפעט געשטאָרבן.

קאַלמאַן—פלעגט מען דערציילן—האָט דעם טויט פון זיין פרוי לפנים לייכט אַריבערגעטראָגן; ער איז געבליבן שטיין הינ־טער דער טאָנבאַנק פון דער קאָנדיטאָריי, דער זעלביקער העפלאַ־כער, זויבערער, פריינטלאַכער מאַן, האָט גערעדט ניט פיל, אָבער ניט ווייניקער ווי פריער, האָט זיך געקליידט, דאָס איז אמת, זו־מער און ווינטער אין שוואַרצן, איז מיט דער צייט געוואָרן אַן

איבערגעגעבענער, טעטיקער סאָציאַליסט, האָט זיך אָבער אין אַנ־
דערע פּרטים ניט פאַרענדערט זינט מען האָט זי פון זיין הויז
אַרויסגעטראָגן.

דאַכט זיך, גאָרניט? אָבער אין דער שטיל פלעגט אַ קונד
דעם צווייטן זאָגן, — אַזוי שטיל, אַז קאַלמאַן זאָל ניט הערן: „אָט
ווי איר זעט אים... שוין צוואַנציק יאָר האָט זיך אויף זיין פּנים
אַ שמייכל ניט באַוויזן.

דאָס איז, ווארשיינלאַך, געווען געווען וואָר. מחשבותן! פון
דעם אויבנדערמאָנטן קוואַרטעט זיינען דריי: זאַמטער, אַרנאָלד
און קאַלמאַן, געווען אידן. דאָס אַליין איז שוין געווען קאָמיש,
ווייל דער איד אין קעניגסבערג איז דעמאָלט געווען נאַציאָנאַל־
ליבעראַל, דאָס הייסט רעאַקציאָנער, ביז אין מאַרך פון די ביי־
נער. און ניט אין קעניגסבערג אַליין: באַמבערגער און לאַסקער
זיינען געווען צווישן די הויפּטפירער פון די נאַציאָנאַל־ליבעראַלע
אינם רייכסטאַג.

---

און אין קאַלמאַנ׳ס קאָנדיטאָריי בין איך איין טאָג באַקאַנט
געוואָרן מיט אַ אידישן שרייבער, וועלכער איז אויך אַ ווײלע גע־
וואָרן אַ מיטאַרבעטער פונם „אספת־חכמים“. נאָך שטייענדיק
ביים זשורנאַלכאַלע כמעט איינער אַליין, האָב איך זיך מיט אים
שטאַרק דערפרייט.

וואָס פון אים איז געוואָרן, ווייס איך ניט, און וועל אים פאַר־
לויפיק מיטן נאָמען ניט אָנרופן. דאָס איז אויך ניט וויכטיק,
ווייל זיין מיטאַרבעטערשאַפט האָט זיך איבערגעבראָכן גיך ווי
אַ שטרוי, הגם אין „הקול“ האָט ער פריער און שפּעטער אָפט גע־
שריבן. אינטערעסאַנט איז דער מאַן אַלס אַ טיפּ פון אַ משכיל, אַ
העברייער, וועלכער שטאַרבט איצט ביסלאַכוויז אויס.

ער איז געווען אַלט אַ יאָר דרייסיק, שטאַרק ווי אַ דעמב,
אָבער מיט ווייניק ציין אין מויל. דאָס אַליין זאָגט שוין דעם
קלוגן לעזער (און וועלכער לעזער איז אין אַמעריקע ניט קלוג?),
אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַן אָפּגעלאָזענער מענטש, אַ „שלעפּער“.

ער איז דאָס אָבער געווען גייסטיק און מאָראַליש אַזוי גוט, ווי קערפּערלאַך. ווי אים האָבן ניט געאַרט די פּאַרנאַכלעסיקטע צייַן, וועלכע פּלעגן ביי אים אַרויספאַלן, ניט אָנמאַכנדיק קיין גרעסערן גערודער ווי אַרויסגעפאַלענע ציין פון זיין קאָם, אַזוי האָט אים אויך ניט געאַרט אַ פאַרנאַכלעסיקטער אַלטער אָדער נייער חוב, אַ פאַרווילדעטער אויסדרוק, אַ גראַמאַטיקאַלישער פעלער.

ער האָט ליב געהאַט צו עסן. ער האָט ניט נאָר פיינט גע־האַט צו זיין הונגעריק, ער האָט טאַקע ליב געהאַט צו עסן. ער פלעגט זיך זעצן צום טיש ביי אַ גוטן מאָלצייט מיט דער זעלבי־קער ענטוזיאַסטישער אומגעדולד, ווי דעם ווילנער „באַלעבעסלס" אַן איינקל וואָלט זיך אַנידערגעזעצט אין טעאַטער בשעת פּאַטי האָט געזאָלט זינגען אין דער אָפּערע. דער הייליקער ריח־ניחוח פון די געבראָטנס, פון די פיש האָט ביי אים אַרויסגערופן די שפּייאַכץ פון מויל, האָט זיין האַרץ אָנגעפילט מיט ליבע צום לעבן, האָט זיין וועלט געמאַכט פאַר אַ גן־עדן. דער קלאַנג פון די גאָפּל־מעסער, דערגייענדיק פון קיך, בשעת מען פלעגט גרייטן צום טיש, פלעגט זיין פאַר אים געטלאַכע מוזיק, אַ מין הערלאַכע אואווער־טיורע צו אַ גרויסער געזאַנג־דראַמע.

און ניט געקוקט דערויף, האָט דער מיטאָג נאָר געדאַרפט זיין צוויי מינוט אויפן טיש, און דער ליטעראַרישער „אָפּגעלאָזענער" האָט אַרויסגעוויזן אַן עס־אָפּגעלאָזנקייט אויך. ווי אים האָט ניט געקימערט צופיל אָדער צו ווייניק ליטעראַרישע שפּייזן פאַר אַנדע־רע, אַזוי האָט אים דאָס ניט געאַרט אין זיינע מאָגן־שפּייזן פאַר זיך אַליין. זאַלץ, פעפער, כריין, רעטעך, צי אין פלייש־קניידלאַך אָדער אין בלינצעס, מיט אַ מאָס אָדער אָן אַ מאָס — אַ דאגה זיינע.

און דערביי איז ער געווען אַ בריה אויף עסן, ווי ער איז געווען אַ בריה אויף שרייבן. אי זיין מאָגן, אי זיין מוח האָבן גוט געאַרבעט, אָבער אָן אַ טאַלק, אשטייגער, ווי עס פאַלט, אַזוי ליגט עס — וועמען אַרט עס? פּרינציפּן, איבערצייגונגען, אי־

דייען? עט! צו וואָס וועט אַ מענטש זיין אַזאַ בעל־מפונק! סאָ־ציאַליזם, זאָגט איר? רעכט יאָ, רעכט ניין, דאָס איז... ווי אַ מאָל, ווי עס מאַכט זיך.

— „אייער אַרטיקל, — זאָגט איר צו אים, — איז גוט גע־שריבן, אָבער ניט לייכט צו פאַרשטיין“.

— „וואו שטייט עס געשריבן, אַז אַלע מוזן אַלץ פאַרשטיין?“ ער קוקט אייך אָן ווי אַ משוגע'נעם בעת ער ענטפערט אייך.

אַן אַנדער מאָל ווייזט איר אים, אַז דאָס, וואָס ער שרייבט היינט, איז אַ פּולקאָמער פּאַטש אין פּנים דעם נעכטיקן אַרטיקל זיינעם. ער האַלט אייך ווידער פאַר אַ פּעדאַנט און אַ נאַרישן מקפּיד. וואָס דרייט איר אַ מוח!

פּרינציפּן, דגושים, קאָמאָס, קליידער־בערשטלאַך, פּינקטלאַכ־קייט, איבערצייגונגען, לאָגיק — דאָס זיינען אַלץ זאַכן, וועלכע ער פאַרשטייט טעאָרעטיש זייער גוט, אָבער אין זיין לעבן, שרייבן און האַנדלען זיינען זיי פאַר אים דאָס זעלבע, וואָס פּאַרק־רעגו־לאַציעס זיינען פאַר אַ קראָליק.

און דאָך איז דער מענטש געווים נאָך היינט ערגעץ־וואו אַ שרייבער, אַ טוער, אַ מאַכער, אפשר גאָר אַ פירער... ניט ערגער, וואַרשיינלאַך, פאַר אַ סך אַנדערע, וועלכע די ווילנער ראַבינער־שול (עליה השלום!) האָט געשענקט דעם אידנטום און דורך אים דער מענטשהייט. אפשר בעסער. ווער ווייסט?



א ש ר י י ב ע ר ׳ ס  ק י ד. — א געפונענער ארטיקל וועגן
א פארגעסענעם ענין. — געסט אינם „אספת־חכמים“. — א
זיפץ. — די אונטערהאנדלונג מיטן מלאך דיקארנוסא. — עט־
לאכע באמערקונגען.

ביים שרייבן וועגן פארגאנגענע צייטן, געוועזענע זאכן און אמאליקע מענטשן איז דא עטוואס, וועלכעס איז נוגע דעם שריי־בער אליין, אבער ביי א גרעסערן טאלאנט וואלט דערפון דער לעזער אויך הנאה געהאט.

אט, למשל, זיצט מען פאר יעדן קאפיטל און מען בלעטערט אין די אלטע זשורנאלן, צייטונגען און ביכער, וועלכע האבן אין זיך באגראבן יענע „טרוקענע ביינער“, וואס אין זיי קלייבט מען זיך דאס ארייננצובלאזן א נייעם לעבנסגייסט, כדי אז די טויטע, גרויע, לאנג שטיל־געווארענע פארגאנגענהייט זאל פון דאס ניי נעמען לעבן, זאל קריגן א קאליר און א לשון.

און בלעטערנדיק די דאזיקע אלטע „שמות“, טרעפט מען אלע ווײַלע דא אן ארטיקל, וועלכער האט אמאל געמאכט א רושם און איז היינט אזוי פארגעסן ווי א געבארגטער בוך, דארטן א לאנג מיט מאך ווארוואקסן שטיקל נייס, וואס האט אויפגערירט א וועלט בשעת דאס — דאס שטיקל נייעס — האט ענטוועדער פאסירט, אדער איז דערפונדן געווארן, אדער איז געווען אי פאס־סירט אי דערפונדן, אויב דעם רעדאקטאר׳ס איינבילדונגס־קראפט איז געקומען צו הילף דערווירקלאכקייט, וועלכע מעג זיך זיין „אל־ראיט“ אין דער וויסנשאפט, טויג אבער ניט אין צייטונגס־פאבריקאציע, וואו אלץ מוז אויסזען אנציענד און חנ׳עווריס,— בקיצור, מען טרעפט אזא שטיקל אמאליקע נייעס, אזא פארשא־

לענע סענסאַציע, היינט אַ פּגירה אין אַ קבר, אַן אַ מצבה אַף אים, אויף אַ פאַרשאָטענעם בית־עלמין.

און בלעטערנדיק, טרעפט מען אויך נעמען פון מענטשן, וועלכע האָבן אייך אַמאָל אָדער אויפגערעגט, אָדער אָנגערעגט; וועלכע איר האָט געבענטשט, אָדער געפלוכט; וועלכע איר האָט אָדער געזוכט, אָדער אויסגעמיטן. היינט זיינען זיי פאַר אייך גלייכגילטיקע ווערטער, צונויפגעזעצט אויף אַ געדולדיקן בלאַט פון טויטע, בלייענע אותיות און זיי לייענען זיך: חיים, שמעון, ברוך — ווי, ווער, וואו...

און פון אָט־די אַלטע נעמען, סענסאַציעס און אַרטיקלען וואָלט, ווי געזאָגט, אַ גרעסערער טאַלאַנט געמאַכט, אַז דער לע־זער זאָל ניט ווייניקער הנאה האָבן ווי ער אַליין. איך אָבער בין צופרידן זיי צו באַנוצן פאַר זיך, דורך זיי אויפצולעבן און אויפצופרישן כמעט פאַרגעסענע זאַכן אין דער פאַרגאַנגענהייט. פאַר דעם לעזער בלייבן זיי אַזוי אומזיכטבאַר און באַהאַלטן, ווי— אַ דאַנק זיין הייליקן נאָמען! — עס בלייבן אומזיכטבאַר און באַהאַלטן די פינגער, וואָס האָבן פאַר אונז געפּילט די קישקעס, העלזלאַך און פיש אין כשר'ע רעסטאָראַנען!..

מען טרעפט אָבער ניט דאָס אַליין, זיך גריבלענדיק אין די אַלטע פאַפּירענע פאַקטן. צייטנווייז געפינט מען זאַכן, וועלכע מען זוכט גאָר ניט, און מען זוכט זיי ניט, מחמת מ'האָט שוין לאַנג, לאַנג פאַרגעסן ניט נאָר וואו זיי זיינען, נאָר אַז זיי האָבן גאָר ווען־עס־איז עקזיסטירט.

אויף דעם אופן האָב איך געפונען אין דעם „הקול“ נומ. 19 און נומ. 21 (ערשינען דעם 8טן און דעם 19טן מערץ 1878) אַן אַרטיקל אונטערגעשריבן „בן־נץ“, וועלכער איז געווען אַזוי פּול־קאָם אַרויס פון מיינע געדאַנקען, אַז ער איז איצט פאַר מיר גע־ווען ניט ווייניקער אַן איבעררראַשונג ווי דער אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנטער גערדיכט פון י. ל. קאַנטאָר, וועלכן איך האָב אויך דאָ ניט לאַנג געפונען (אין דעם „השחר“ פון 1872), זוכנדיק עפּעס פון אליעזר צוקערמאַן,

דעם יונגן מאַן, וועלכער איז שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן בשעת מען האָט אים אַנטדעקט און איינגענומען — יאָ, איינגענומען: דאָרטן איז געווען אַ קאַמף מיט כּלי־זיין פון ביידע זייטן — די דרוקעריי פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — און וועלכער איז אַ קורצע צייט שפּעטער געשטאָרבן אויף דעם וועג קיין סיביר. 30) וועגן צוקערמאַנ'ען וועל איך פּיליכט נאָך האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן, ווען איך וועל צוריקקומען צו ליבערמאַנ'ען.

---

דער געפונענער אַרטיקל פון מערץ 1878 איז אַ קאָרעספּאָנ־דענץ פון קעניגסבערג וועגן... טרעפט, וועגן וואָס? נו, ניט אַכטנ־דיק אויף מיין פאָרטשריט אַלס „וויסנשאַפטלאַכער" סאָציאַליסט, ניט אַכטנדיק אויף די פילע נייע באַשעפטיקונגען, פּלענער, שרייי־בערייען און רעדאַקציאָנעלע אַרבעט, האָב איך, ווי עס שיינט, נאָך ניט געהאַט אינגאַנצן פון זיך אָפּגעשאָקלט יענע קאָוונער „פּראַקטישע" אַרבעט, וועלכע איך האָב דערמאָנט אין אַ פריער־דיקן קאַפּיטל.

מיין „קאָרעספּאָנדענץ" פון קעניגסבערג אין מערץ 1878 באַשעפטיקט זיך מיט דער „רעמעסלענאַיאַ אוטשילישטשע", וועלכע מיר — פיר יונגע לייט אונטער דער השגחה פון דעם לייי־דער שוין זייער שוואַכן סענדער פּאָרט — האָבן געוואָלט גרינדן אין קאָוונע.

און וואָס זאָל איך לייקענען? דער געפונענער אַרטיקל האָט מיר פאַרשאַפט פיל מער פאַרגעניגן, ד. ה. צופרידנהייט מיט זיך, ווי איך וואָלט אַליין געהאַלטן פאַר מעגלאַך.

עס איז אמת, די דאָזיקע „פּראַקטישע" אַרבעט איז, ווי מען וועט באַלד זען, געווען אַזוי מערקווירדיק, אַז, טראַכטנדיק אַרום איר, האָב איך זיך אין שפּעטער יאָרן אָפט עראינערט אָן חיים־זלמן באַברויסקער'ס טענה צו זיין זון, וועלכער איז אַרוים, קיי־נער ווייסט ניט ווי אַזוי, פונם טאַטנס הויז און איז אַריינגעקראָכן אין אַ גימנאַזיע־מונדיר מיט בלאַנקענדיקע מעטאַלענע קנעפּלאַך.

„וואָס טויג מיר דיין גאַנצע חכמה? — האָט רב חיים־זלמן גע׳טענה׳ט, — וואָס האָב איך דערפון? וואָס איז מיר דאָ פאַר א נפקא־מינה, צי פּעטרוק האָט געשלאָגן יאַנוקן, אָדער יאַנוק האָט גובר געווען פּעטרוקן? אָט פאַרברענגט דאָס אַ מענטש צייט אומ־זיסט און אומנישט! וואָלסטו אָבער געפאָלגט אַן עלטערן, אַריינ־גענומען א חיי־אדם אין האַנט, וואָלסטו מיט דער צייט געוואוסט אַ דין — דאָך עפּעס אַ נוץ אין אַ הויז!!!“

דאָס איז, נאַטירלאַך, דער העכסטער גראַד פון „נוצלאַכער“, „פּראַקטישער“ טעטיקייט, אָבער אונזער אונטערנעמונג אין קאָוור־נע איז אויך געווען ניט צו פאַרזינדיקן.

ווי איר קענט לייענען אין מיין „הקול“-אַרטיקל, זיינען געווען אין אונזער סטאַטוס דריי פונדאַמענטאַלע פּונקטן:

ערשטנס, אַז די מיטגלידער פונם „האַנטווערקער־בילדונגס־פאַראיין“, „אָבשטשעסטוואָ דליאַ ראַספּראָסטראַנעניאַ רעמעסל“, זאָלן אַלע צאָלן, איינער ניט מער ווי דער אַנדערער, 5 קאָפּיקעס וואָכער.

צווייטנס, אַז די קינדער, וואָס וועלן דערצויגן ווערן אין אונזער שול, זאָלן קענען זיין קריסטלאַכע אַזוי גוט ווי אידישע.

דריטנס, אַז דער עסק זאָל זיין לעגאַל און אַז מיר זאָלן קריגן אַ „באַשטעטיקונג“ פאַר אונזער סטאַטוס פונם גובערנאַטאָר, אָדער דורך אים פון פּעטערבורג.

ווי איר זעט, איז די פּראַקטישקייט פון דער אונטערנעמונג געווען גאַנץ פאַנטאַסטיש. גלייכע אָפּצאָלן לאָזט זיך נאָך הערן. אָפּשאַפונג פון דעם אידישן סעפּאַראַטיזם (דעם עם־לבדד־ישכן׳יזם) אין קאָוונע, און אין קאָוונע פון 1876, ניט פון היינט, איז שוין מער האַמעטנע, אָבער אַליץ נאָך דערנקבאַר. דער דריטער פּונקט אָבער... צו קריגן אַ „ראַזרעשעניע“ פון דער רעגירונג... וואָס זאָל איך דאָ לענגער בראַיען? דר. קאַהאַן האָט אונז געהאָלפן, און דר. פיינבערג האָט מיר אַליין צוגעזאָגט אויסצו׳פּועל׳ן ביים גובערנאַטאָר אַליץ, וואָס ער, דעם דאָזיקן גובערנאַטאָר׳ס לייב־דאָקטאָר, „זעלן־פאַרוואַנד־

טער" און בוזעם־פריינט (אזוי האָט מען אומגעפער געזאָגט: ווי איך קויף, אזוי פארקויף איך), קען אויסווירקן, אָבער עס איז קיין צווייפל ניטאָ, ווי איך האָב שוין באַמערקט אין אַ פריער־דיקן קאַפּיטל, אַז דער סטאַטוט — מיין אייגענע שווערע, אָבער ליבפולע נאַכט־אַרבעט! — ליגט עד־היום ערגעץ־וואו אין אַן ארכיוו אין פּעטערבורג, לאַנג שוין ווארשיינלאַך צעגעסן פון מייז, אָדער צעפוילט פון ווילגאַטש, אָדער פארגעלט אין די ברעגעס פון שטויב, — פארגעלט, ווי אַ גרינער בלאַט אין אָסיען, ווי אַ גרינער סאָציאַליסט אַ האַלב יאָר אין אמעריקע, ווי דער ענטוזיאַזם אין דער סענסאַציאָנעלער פּרעסע: געל אַרום די ברעגעס.

בקיצור, דער „פראַקטישער" ווערט פון יענער „פּראַקטישער" טעטיקייט איז — זאָל מיר צו קיין גנאַי ניט זיין! — ניט געוועזן אַי־אַי־אַי. אָבער מיך האָט געפרייט צו געפינען אַ געדרוקטן באַ־וויז פון אַ וואונטש צו טאָן עטוואָס פאר די אָרעמע קינדערלאַך און קינדער גלייך, שוין איצט, ניט אָפּלייגנדיק אַלץ עד ביאת הגואל, וואָס אויף אונזער לשון הייסט עס ביז נאָך דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע; מיך האָט געפרייט צו געפינען, אַז מיין ענטו־זיאַזם פאר דער גרויסער וועלט־דערלייזנדיקער אידייע האָט ניט פארשלאָסן מיין יונג הארץ פאר יענע עופ'עלאַך אין קאָוונע, וועל־כע זיינען פאר מיינע אויגן געוואָרן פון אָרעמע קינדער יונגע בעטלער, פון יונגע בעטלער — זשוליקעס, פון זשוליקעס—גנבים. אמת, קאָוונע איז נאָר אַ פּינטעלע אויף דער גרויסער לאַנדקאַרטע פון דער גאַנצער וועלט, און די יונגע זשוליקעס זיינען נאָר אַ קליינער פאַראַכטעטער און פאַראַכטלאַכער טייל אפילו פון קאָוונע, אָבער ד ע ם פּינטעלע און ד ע ם הייפעלע קען איך, ווייס איך, פארשטיי איך. די דאָזיקע אָרעמע קינדער זיינען פון די אַלע פופצן הונדערט מיליאָן צווייפיסיקע ברואים אין דער וועלט יענע נפשות, וועלכע האָבן זיך פאר מיינע אויגן געפּלושקעט ווי זשאַבעס אינם זומפּ און האָבן אַרויסגערופן—צייטנווייז—אַ טרער

אין מיינע אויגן, א זיפץ פון מיין הארצן, און א שטיקעלע הילף פון מיין קליינער, שוואכער, ליידער ניט זייער פולער, האנט.

אלזא, איידער וואס־וועז — אהער א רעמעסלענאיע אוטשי־ליטשטשע, א האנטווערקער־שול!

אין מיין ארטיקל בין איך שוין דאן געווען פארזיכטיק גענוג אויפמערקזאם צו מאכן דעם עולם, אז דאס איז נאך ניט קיין תרופה פאר אלע סאציאלע קראנקהייטן אונזערע, הגם עס איז אפילו היינט שוין מעגלאך צו פארהיטן א סך צרות, כדי אז מען זאל ניט דארפן קענגן זיי קיין צדקות. — היגיענע, — האב איך געשריבן, — „איז בעסער, ווי מעדיצין".

אויסגעלאזן האט זיך די „פראקטישע" טעטיקייט, ווי דער לעזער ווייסט שוין, מיט גארניט. דיי 330 מיטגלידער, די 400 רובל, די תקנות, די דערלויבעניש, די לופט־שלעסער און דער זי־סער חלום, — אלץ איז אוועק מיטן ווינט; אהין, אהין, וואו די אלטע סקאנדינאווער פלעגן זען דורך די וואלקנס, אויף ווייסע, געפליגלטע פערד, בארימטע מתים רייטנדיק צו דער אייביקער וואל־האלא...

קוקט זיך דא צו נעענטער, און צווישן די טויטע רייטער, אויף די שטאלצע ווייסע פערד, וועט איר געפינען שיינע עטלא־בע פראקטישע, סאציאלע רעפארמען, וועלכע האבן ביים לעבן גע־מאכט א פיל גרעסערן גערודער, ווי מיין יונגער חלום.

---

דער פערטער נומער „אספת־חכמים" איז ארויסגעקומען אין די ערשטע טעג פון דעם יאר 1878.

אין פילע הינזיכטן איז דאס אפשר דער וויכטיקסטער פון די 8 העפטן, וועלכע זיינען אינגאנצן דערשינען.

שערעשעווסקי באווייזט זיך פון דאס ניי מיט א קונציקער, אבער ארים־בחור'ישער, ד. ה. נוצלאזער שרייבעריי, וועלכע איז בלומר'שט א סאטירע אויף געוויסע אידישע פילאזאפן.

ראבינאוויטש זעצט פאר זיין ארטיקל „שאלת הפועלים בארצות־הברית" (די ארבעטער־פראגע אין די פאראייניקטע

שטאַטן), און אים לייענענדיק, וואָלט איר ניט דערוואַרטעט, אַז 29 יאָר שפּעטער וועט נאָך אַלץ דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן זיין דער איינציקער פּאַרלאַמענט פון אַ ציוויליזירטער גרויסער מדינה, וועלכער איז פריי פון סאָציאַליסטן און ניט צו שטאַרק אָנגעשטאָפּט מיט אפילו געוויינלאַכער בורזשואַזער ערלאַכקייט.

אין דעם זעלביקן נומער קומט ענדלאַך ארויס פאַר די לע־זער משה־לייב ליליענבלום, הגם אין זייער אַ באַשיידענער ראָלע. ער איז מספּיד אונזער ביידנס אַלטן פריינט סענדער פאַרט, וועל־כער איז מיט עטלאַכע וואָכן פריער (דעם 29טן נאָוועמבער 1877) געשטאָרבן אין קאָוונע.

און אַזוי ווי עס איז איצט קיין שום צווייפל מער ניטאָ, אַז דער „האמת“ אין ווין וועט שוין מער ניט דערשיינען, ווערט אין דעם פערטן העפט „אספת־חכמים“ אָפּגעדרוקט מיין געדיכט „למי אני עמל?“, ארום וועלכן עס איז גערעדט געוואָרן אין אַ פריער־דיקן קאַפּיטל.

דאַן דערשיינט דאָרטן די פאַנטאַזיע וועגן דיקארנוסא, דעם מלאך פון פרנסה. חוץ דעם שרייבט דער משוגע'נער פילאָזאָף (יגלי) אין דעם זעלביקן נומער אַ סאַטירע אין פּיוט־גראַמען, וועל־כע איך וואָלט געריכט, ווען אַן אַנדערער וואָלט געווען דער פאַר־פאַסער דערפון, ווייל אַזוי בין איך דערצו צו באַשיידן.

און דאָ לאָזט מיך מיט אַ פעדער און טינט אייך ווי־עס־איז איבערגעבן אַ לאַנג אָיינגעהאַלטענעם זיפץ:

וואָלט איך נעשריבן וועגן מיין העברעאישער זשורנאַליסטי־שער טעטיקייט פון יענער צייט אין העברעאיש, דאַן וואָלט איך איינפאַך איבערגעשריבן אַלץ, וואָס איך האַלט פאַר גוט, פאַר־שווייגנדיק וועגן די זאַכן, ארום וועלכע דער קאָמפּלימענט פונם לעזער איז וויניקער זיכער. איך שרייב אָבער ניט העברעאיש, איך שרייב אידיש, און ווען איך קום צו אַן אָרט, וואו איך פיל, אַז דאָ וואָלטן זיך אַ שאָט געטאָן הילכעדיקע אַפּלאָדיסמענטן, ווען דער עולם וואָלט נאָר פאַרשטיין אַ הילכנדע ציטאַטע, אָדער ווען די דאָזיקע שטעלע וואָלט זיך לכל־הפחות לאָזן איבערזעצן

אויף אידיש, — דאן טוט טאקע פשוט ווי דאס הארץ. די איינ־ציקע ברירה, וואס בלייבט אין אזא פאל איבער, איז מודיע צו זיין דעם עולם, אז די און די פערזאן איז געוועזן גוט, אבער דא איז אן אנדער צרה: אויפן הארצן ווערט, למשל, טאקע לייכטער, אבער ביים עולם בלייבט איר א בעל־גאוה און א בארימער. און פונדעסטוועגן זע איך בשום אופן ניט איין, פארוואס איך זאל אן אנדערן מעגן רימען און זיך אליין ניט... וואו איז דער יושר דערפון? א הויכע מצבה מיט א גרינעם בערגעלע פון הינטן, מיט א' גאנצן לייסטער שבחים פון פארנט — נאכן טויט — איז געוויס א גרויסער תענוג פאר א מענטשן, אבער א חניפה'לע, א בראווא, א חנ'עוודיקער שמייכל ביים לעבן גייט אויך ניט צופוס.

נאר אויב די סאטירע, וואס קלינגט ווי יוצרות אין יענער „משוגעת", לאזט זיך ניט איבערגעבן ניט אין העברעאיש, ניט אין אידיש, קען איך לייכט איבערזעצן די מעשה מיט דעם מלאך דיקארנוסא. אט איז א שפאגל־נייע איבערזעצונג; די אלטע *) גע־פעלט מיר ניט.

---

היינט ביינאכט האט זיך צו מיר באוויזן דיקארנוסא (דער מלאך, וואס איז געזעצט אויף פרנסה) און מיך ארויספירנדיק פון מיין צימער אין גאס, האט ער צו מיר געזאגט, רעדנדיק מעשה־פריץ:

„שנעל! קום מיט מיר, איך האב דיר וואס צו זאגן".

„מיר?" — האב איך איבערגעפרעגט, א פארציטערטער.

„יא, דיר; הער אוים!" — האט ער געענטפערט, און ווייטער רעדנדיק, האט ער אזוי געזאגט:

„יארן שוין, ווי איך האלט באהאלטן אין מיין ברוסט א וויכטיקן ענין און האב ביז היינט ניט געפונען א מאן נאך מיין הארצן נאך, דורך וועלכן איך זאל דעם דאזיקן ענין קענען בא־קאנט מאכן צווישן די מענטשן. איצט, יגלי, ווענד איך זיך

---

*) אין „צוקונפט", 1895.

צו דיר, און דו פאָלג מיך און טו, וואָס איך זאָג דיר און וואָס איך הייס. רוף שנעל אין די אויערן אריין פון דיין פאָלק, זיי, וואָס פארשטייען דיין לשון".

„אָבער, וואוהין גייען מיר?" — האָב איך אים געפרעגט, און מיין הארץ האָט געקלאַפּט פאר שרעק און פרייד צוזאמען.

:וואו איך וועל וועלן, אהין וועלן מיר גיין", — האָט דיקאר־נוסא געענטפערט מיט שטאָלץ. עס זיינען פארגאנגען אייניקע סעקונדן. ער האָט דאן ווידער געעפנט זיינע לעפצן און האָט אזוי געזאָגט:

„ווען גאָט האָט באשאפן די וועלט און האָט זיך ארומגעזען, אז דער מענטש וועט צום לעבן אייביק ניט טויגן, האָט ער אים ארויסגעטריבן פונם גן-עדן, אָפּגעבנדיק אים און זיינע קינדער און קינדס-קינדער די ערד אַלס זייער אייגנטום. מיר האָט דאן גאָט באפוילן, אז איך זאָל זיי געבן חיונה.

— וואָס וועט זיין מיין עובדה? — האָב איך דעם רבונו־של־עולם געפרעגט.

— דו, — האָט ער מיר געענטפערט, — וועסט אויפפּאַסן אויף זייער פרנסה און וועסט איינטיילן יעדן איינציקן, וואָס ער דארף צום לעבן, לויט זיין פארדינסט נאָך.

— נאָך זיין פארדינסט? — האָב איך איבערגעפרעגט, — און ווי וועל איך וויסן, צי דער מענטש איז גוט אָדער שלעכט?

— דאָס איז דיין עסק גאָר ניט, — האָט ער געענטפערט, — פאר זייערע גוטע אָדער שלעכטע מעשים וועל איך אַליין זיי משפּט'ן. דו האַלט נאָר דיינע אויגן אָפן און פּאַס אויף, אז קיי־נער זאָל ניט עסן קיין ברויט, וואו ער האָט אין דעם גאָרניט גע־טאָן, ווייל אזוי האָב איך היינט געזאָגט אדמ'ען: אין דעם שווייס פון דיין פּנים זאָלסטו עסן דיין ברויט.

— אָבער, — האָב איך ווייטער געפרעגט, — דער מענטש לעבט דאָך ניט מיט ברויט אַליין, און אויב אַלע מענטשן-קינדער וועלן באארבעטן די ערד, ווער־זשע וועט פאר זיי נייען קליידער, ווער וועט בויען הייזער פאר זיי און ווער וועט זיי פארזאָרגן מיט

זייערע אַנדערע באַדערפֿעענישן?

— שטיל, דו נאַר! — האָט ער אויף מיר אַ געשריי געטאָן, — האָב איך דיר דען געזאָגט, אַז נאָר ביי דער ערד זאָל דער מענטש אַרבעטן? לאָז ער טאָן, וואָס ער וועט טאָן, אַבי ער פֿאַרדינט צום לעבן דורך זיין אַרבעט.

— אויב אַזוי, — האָב איך, ציטערנדיק אין אַלע גלידער, דעם רבונו־של־עולם געפֿרעגט, — טאָ וואו איז דעם מענטשנס פֿרייער אויסוואַל? דאַכט זיך, דו האָסט אים געזאָגט, אַז ער האָט די ברירה צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס, און ווי קען ער פֿריי קלייבן און ווילן, אויב איך לאָז אים פֿאַרהונגערן אויף טויט, אַזוי גיך ווי ער הערט אויף צו אַרבעטן?

— דאָס איז אמת, — האָט גאָט מיר געענטפֿערט, — אָבער אין דעם פּרט קאָנסטו זיך פֿאַרלאָזן אויף דיין אייגענעם פֿאַרשטאַנד: טו, וואָס דו פֿאַרשטייסט.

„אין אַ שרעקלאַכער אויפֿרעגונג בין איך פֿון אים אַוועקגעגאַנגען: אַ קלייניקייט אַביסל! אַלע אַנדערע מלאכים אין הימל טוען זיך יעדער זיין אַרבעט, ניט אָפּנוייגנדיק זיך ניט אויף אַ האָר ניט רעכטס, ניט לינקס, און איך זאָל האַנדלען ווי מיין שכל טראָגט מיר! דער מענטש איז אַ בן־בחירה, ער איז פֿריי צו טאַנצן אָדער צו פּראַצעווען, און דאָ קום איך און זאָג: דו קריגסט דיין ברויט און דיינע אַנדערע באַדערפֿענישן נאָר בתנאי, אַז דו זאָלסט אַרבעטן! און וואָס טו איך מיט דעם אידן, וואָס אים האָט גאָט גערופֿן: מיין זון, מיין בכור, אַ סגולה פֿאַר אַלע פֿעלקער? וואָס זאָל איך מיט זיי טאָן? ווי שיק איך זיי אַרבעטן? און טאָמער ווילן זיי ניט אַרבעטן, וואָס טו איך? איך בין געווען מורא'דיק צעטראָגן, קלערנדיק און טראַכטנדיק, ווי מען דרייט זיך דאָ אַרויס".

„און וואָס האָסטו געטאָן?" — האָב איך געפֿרעגט דעם מלאך דיקאַרנוסאַ, זייענדיק נייגיריק צו הערן, ווי דער עסק האָט זיך אויסגעלאָזן.

„אָט הער, יגלי, הער מיך אויס.

„יענעם טאָג האָב איך געטראָפן סמאל׳ן, אים, דעם בייזן גייסט, דעם שטן מקטרג, דעם יצר־הרע, וואָס רעדט אָן מענטשן צו טאָן אַלעם בייז. אין מיין פּראַקטיקיים האָב איך אים דער־ציילט מיינע צרות.

— „גיב מיר דיין האַנט, דיקארנוסא, — האָט ער צו מיר געזאָגט, — און איך וועל דיר העלפן“.

„זיין פּנים האָט פּשוט געלויכטן, ווי ער האָט פאַרטגעזעצט, רעדנדיק מיט די ווערטער:

„דו ווייסט דאָך, אַז מיין עובדה איז איינצופלאַנצן אין די מענטשלאַכע הערצער אַלעם בייז, ווייל אויף דעם בין איך גע־שטעלט פון גאָט אַליין. ווען אָבער יעדער מענטש וועט ארבעטן טאַקע אין דעם שווייס פון זיין פּנים, דאַן, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, וועט ער ניט זינדיקן, און איך וועל ווער אוים מאַכער איינס, צוויי און דריי. פאַר מיר איז דערפאַר וויכטיק, אַז עס זאָלן ארבעטן ניט אַלע מענטשן, נאָר בלויז א טייל פון זיי: די פּיש קומען דאַן אַליין שוין אין מיין נעץ אריין“.

— „און וואָס וועסטו טאָן?“ — האָב איך סמאל׳ן געפרעגט.

— „איך וועל פריער פאַר אַלץ ארויסוואַרפן א מין פאַר־אַכטונג אויף האַנט־ארבעט, זי מאַכנדיק מיאוס אין די אויגן פון אַלע מענטשן, דאַן וועל איך אין זייערע הערצער אויסהאָדעווען א שטאַרקע לוסט צו הערשאַפט, צום ארומגיין ליידיק און צו בטלנות. אויף דעם אופן וועלן ארבעטן, ווי איך האָב שוין גע־זאָגט, נאָר א טייל מענטשן, די מייסטע וועלן זיין פּוסט־און־פּאַס־ניקעס, האָדעווענדיק זיך מיט דער פרוכט פון דעם ארבעטער׳ס הענט“.

— „יאָ, אָבער ווי וועל איך זיי געבן זייער פּרנסה?“—האָב איך געוואָלט ווימן.

— „אין דעם פּרט, דיקארנוסא, פאַרלאָז זיך אויף מיר.— האָט ער געענטפערט, — און עס וועט אונז ביידן גוט זיין. דו דאַרפסט ווימן, אַז אין דער זעלביקער צייט, וואָס איך מאַך פאַר־אַכטלאַך די ארבעט, לערן איך די מענטשן אויך צו קענען רויבן

(און וואָס הייסט רויבן? רויבן הייסט נעמען אַלץ, וואָס געהערט דעם נעמער ניט), און אַזוי וועלן אַלע, וואָס באַשעפטיקן זיך ניט מיט אַרבעט, מיט דער דאָזיקער אַרבעט, וועלכע איז נויטיק, כּדי דער מענטש זאָל קענען לעבן, — וועלן זיי אַלע, זאָג איך, — זיין עקספּלואַטאַטאָרן, דאָס הייסט, פּראָסט גערעדט, רויבער.

„אָבער, דיקארנוסאַ, רויבער—רויבער זיינען ניט גלייך, און ביי מיר וועלן זיי צעטיילט ווערן אויף פאַרשיידענע אָפּטיי־לונגען: זיי וועלן עקספּלואַטירן דעם אַרבעטער ווער דורך זיין גרעסערער פּיאַיקייט און גרעסערע קענטעניש, ווער דורך כיט־רעקייט און שווינדל, ווער דורך זיין יחוס, ווער פּשוט מיט די הענט.

„אָט איז יעדער קלאַס פון די דאָזיקע רויבער און ליידיק־גייער נאָך זייער אָפּשטאַמונג און נאָך זייער גאַטונג נאָך, דער ער־שטער צוערשט און דער לעצטער צולעצט:

„צום ערשטן פאָלק געהערן אַלע גנבים, רויבער און רוצחים, וועלכע טוען זייער אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, לויט ווי דער עסק פאָדערט עס. אויף זייער פאָן שטייט געשריבן: איינפאַכער רויב.

„דער צווייטער רעגימענט באַשטייט פון דאָקטוירים און אַפּ־טייקערס (אין די שפּעטערע דורות), פון אומוויסנדע לערער און פּעדאַגאָגן, פילע פון די רבנים און אַנדערע אַזעלכע, וואָס אויף זייער פאָן זעען זיך די ווערטער: עקספּלואַטאַטאָרס, וועלכע רויבן דורך דעם, וואָס זיי וויסן מער.

„אין דעם דריטן פאָלק מאַרשירן אַלע יחסנים, וואָס לעבן אויף דעם פאָלקס־רעכענונג, וואָס האָבן ליב רבנות און הערשאַפט, וואָס הערשן, ווייל זיי שטאַמען פונם אדל א. א. וו. — אויף זיי־ער פלאַג קען מען לייענען: רויב דורך יחוס און הערשאַפט.

„אָבער איבער זיי אַלעמען, — האָט סמאל אויסגערופן מלא שמחה,—שטייט דער פערטער פאָלק. בעסער פאַר אַלעמען טוט מיין אַרבעט און ערפילט מיין וואונטש די אָפּטיילונג, וואָס אויף איר פאָן געפינט זיך די אויפשריפט: „געשעפט“! די עקספּלואַ-

טאַטאַרס פון דעם סאָרט דאַרפן אייגנטלאך נאָר זיין פּאַרמיטלער צווישן דעם אַרבעטער, וואָס ברענגט די תבואה אַרויס פון דער ערד, אָדער וואָס מאַכט אַ נוצלאַכע זאַך, און דעם, וואָס באַדאַרף די תבואה אָדער די געמאַכטע זאַך, בשעת ער, פון זיין זייט, מאַכט עפּעס אַן אַנדער זאַך פאַר דעם דאָזיקן פויער און דעם בעל־מלאכה. אָבער אונזערע פּאַרמיטלער, וואָס זייער עסק איז צו־צושטעלן דעם שוסטער געבעקס פונם בעקער און דעם בעקער — אַ פּאָר שיך פונם שוסטער, דאָס הייסט, זיי, וואָס זיי קומט ניט מער ווי אַ באַלוינונג פאַרן ברענגען און פירן אַ זאַך פון איין אָרט אויף דעם צווייטן און פון איין מענטשן צום אַנדערן, — זיי, זאָג איך, וועלן אַרונטערנעמען אַ חלק פון דעם אַרבעטער'ס פאַר־דינסט און וועלן חוץ דעם העכערן דעם פּרייז פאַר דעם קויפער, און אָנשטאָט צו נעמען בלויז שליחות־געלט, וועלן זיי צונעמען די פלייש מיט די שמאַלץ, צוואַוואַרפנדיק דעם אַרבעטער־פאָלק די הויט מיט די ביינער, און די בטלנים וועלן אויף דעם אופן ווערן די רייכע לייט.

„זיי, הייסט עס, וועלן דורך זייער כיטרעקייט באַרויבן דעם אַרבעטער־קלאַס און צו דיר, דיקאַרנוסאַ, וועט מען קיין טענות ניט קענען האָבן. דערביי וועל איך אויך האָבן מיין נוץ, מחמת דורך דעם וועלן זיך מער און מער פּרוכפּערן זינדיקע מענטשן אָן אַ ברעג. פאַרשטייסטו מיין פּלאַן? — האָט סמאַל געענדיקט,— דו וועסט, ווי גאָט האָט באַפוילן, טאָקע נאָר געבן פּרנסה דעם טוער; אי, מען נעמט פון זיי אַוועק מיט רויב? האָבן מענטשן דאָך אַ פרייען ווילן און קענען אויסקלייבן גוטס אָדער שלעכטס“.

— „סמאַל'ס פּלאַן, האָט דיקאַרנוסאַ צו מיר געזאָגט, איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, איך בין געגאַנגען אין דעם וועג אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. און בין געווען צופרידן. היינטיקע צייטן אָבער געפינען זיך אַלץ מער און מער מענטשן, וואָס דער שוואַרץ־יאָר רייסט זיי צו וועלן פאַרניכטן סמאַל'ס פּלאַן. אָט דאָס ברענגט מיך צו דיר און דערפאַר שיק איך דיך צו דיינע ברידער — פאַר די אַנדערע פעלקער וועל איך אויפזוכן פאַרטרויענסווערטע פער־

זאָגען — כדי צו צעשטערן די אַרבעט פון די דאָזיקע משוגעים.

„זיי ווילן — אָ, די לומפּן! — דעם אַרבעטער געבן זיין רעכט און צו געבן אַ חלק אין די פּרוכט פון דער אַרבעט נאָר די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט. זיי זאָגן, אַז קיינער טאָר ניט הערשן און ניט זיין אַן אויבערהאַר איבער זיינע ברידער, וועלכע זאָלן אַרבעטן אונטער זיין באַפעל און קריגן פון אים שכירות, בעת דער גאַנצער איבעריקער טייל פון דעם, וואָס די אַרבעט ברענגט איין, איבערהויפּט אין די גרויסע פאַבריקן, גייט אין זיין קעשענע אריין".

— און וואָס אַרט דאָס דיך,—האָב איך געפרעגט,—אויב דאָס זאָל אַזוי זיין? פאַרקערט, דאַכט זיך, דאַן וועט יעדער אַר־בעטן ווי גאָט האָט געהייסן און דיר וועט זיין לייכטער יעדן צו געבן זיין חיונה?.

— „ניין, יגלי, דו פאַרשטייסט ניט, = האָט דיקאַרנוסאַ אויסגעשריען. — די דאָזיקע משוגעים ווילן אַלעמען גלייך מאַכן און געבן יעדן אַ גלייכן חלק פון דער אַרבעט, און אויב דאָס זאָל זיך זיי איינגעבן, דאַן בין איך אַן איבעריקער צווישן אַלע מלאכים אין הימל און דאַן קומט מיין סוף. ניין! ניין! דאָס טאָר ניט, דאָס זאָל ניט געשען!! גיי, יגלי, שיט זאַמד אין די אויגן פון די דאָזיקע... נאַרן, דערווייטער זיי פון זייערע מעשים, רוף, שריי, ליאַרעם, געשווינד, געשווינד..."

דיקאַרנוסאַ האָט זיך אַזוי פאַנאַנדערגעשריען, אַז ער האָט מיך אויפגעוועקט.

---

לעזער, וועלכע האָבן פיינט לאַנגע ציטאַטן און האָבן ניט

דעם שׂכל זיי איבערצוהיפּן, וועלן מיר מוזן אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב דיקאַרנוסאַ'ס דערשיינונג איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט, אַנדערש האָט זיך דאָס ניט געלאָזט מאַכן, אויב די שרייבעריי זאָל דערגרייכן איר צוועק.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס די הויפּט־עקספּלואַטאַטאָרס, די פאַבריקאַנטן ווערן דערמאָנט אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק, בעת די סוחרים מיט זייער רויב פונם אַרבעטער־קלאַס קומען אַרויס עקסטראַ־בולט. דער איד אַלס פאַבריקאַנט, אַלס „גרויס־אינדוסטריעלער" האָט זיך אין די 70קער יאָרן כמעט ווי ניט געלייגט אויפן שׂכל. שרייבנדיק לשון־קודש און וועלנדיק ווירקן הויפּטזאַכלאַך אויף די יונגע לייט, די משׂכּילים, האָט מען דערפאַר געהאַט פאַר די אויגן אַלס עקספּלואַטאַטאָר ניט דעם פאַבריקאַנט, נאָר דעם קויפמאַן, דעם הענדלער, דעם באַנקיר.

אויפן ערשטן בליק קומט אייך פאָר, אַז דאָ האָט געמוזט פּאַסירן דאָס זעלביקע, וואָס מיינעם אַ באַקאַנטן פלעגט זיך טרעפן יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט שרייבן אַ געשעפטס־בריוו. נאָך פיר זייטן פון אַ בויגן פּאַפּיר געדיכט געשריבן און נאָך אַלערליי „ראַנד־באַמערקונגען" אויף די ברעגעס, מיט אַ שטיקלאַך צוואַנציק שורות ערגעץ־וואו איבערגעשריבן פון אויבן ביז אונטן, געבנדיק דעם בלאַט אַ פּנים פון אַ געפלאָכטענעם געזעמס פון אַ שוואַרצן ווינער שטול, עטוואָס צעפּאַטשקעט, — נאָך אָט דעם גאַנצן ניין־מאָס־ריידיקן בריוו, פלעגט ער געוויינלאַך ענדיקן אויף דעם רוקן פונם קאָנווערט מיט אַ „ועיקר שכחתי": די הויפּט־זאַך האָב איך פאַרגעסן.

אָבער דאָ איז דאָס ווירקלאַך ניט געווען דער פאַל. דער עיקר איז פאַרגעסן, אָדער כמעט פאַרגעסן געוואָרן, ווייל עס איז צו יענער צייט און אין מיין פאַל ניט געווען קיין עיקר.

דער איינדרוק, וועלכן „דיקארנוסא“ האָט געמאַכט אויף גע־וויסע קרייזן אין רוסלאַנד, האָט זיך באַמערקט אין דעם צענזאָר'ס קאַנצעליאַריע אויך. הער ראָדקינסזאָן האָט געקראָגן אַן אָנצור־הערעניש פון ווילנע און ער האָט זיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז דאָס פינפטע העפט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער פאָלגנדער קאָמישער אָנצייגע:

„הודעת המ"ול.

(דערקלערונג פונם פארלעגער)

פון דעם נומער אָן נעמען מיר אראָפּ אונזערע הענט פון דער רעדאַקציע פון די אַרטיקלען, וועלכע וועלן אריינקומען אין דעם זשורנאַל.

די פראָגראַם ווערט ניט געענדערט און נאָך דער פראָגראַם נאָך וועט דער הער בן-נץ רעדאַקטירן די אַרטיקלען, פאַר וועלכע מיר זיינען ביז איצט אויך ניט פאַראַנטוואָרטלאַך געווען אין די פריערדיקע נומערן.

זאָלן דאָס וויסן אונזערע ברידער אומעטום און צו וועלכער פּאַרטיי זיי געהערן, אַז וועגן דעם אינהאַלט פון די אַרטיקלען זאָל מען זיך צו אונז ניט טשעפּען. מיר וועלן זיי לייענען פּונקט ווי יעדער איינער לעזער, אַלץ, וואָס אונז וועט געפעלן, נאָכדעם ווי זיי וועלן זיין געדרוקט, נאָר די פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פון דעם געלט פון אבאָנעמענטן ליגט אויף אונז און אונזערע אַגענטן און קיין פרעמדער האָט אין דעם קיין חלק ניט“.

פאַר די אַרטיקלען, וועלכע קענען ברענגען, ווי אַ אידישער בעל־מליצה וואָלט געזאָגט, געפאַר אין זייערע פליגלען, איז פאַר־אַנטוואָרטלאַך „בן-נץ“.

פאַר דעם געלט אָבער... נו, דאָס איז „אונזער“ זאַך, און קיין פרעמדער האָט דערין קיין חלק ניט.

אין דעם זעלביקן נומער — צום סוף — איז אויך דאָ אַן אָנ־צייגע פאַר מיר, אָבער וועגן דעם אין מיין נאָענטסטן קאַפּיטל.

שנה ראשונה №5. שבט

# DIE WEISEN-VERSAMMLUNG.

# אספת חכמים

## מכתב עתי חדשי

טוב מראה עינים מהלך נפש (קהלת ו. ט.)

מחירו לשנה 3 מארק. על מחצית השנה ישולם 60% ממחיר השנה. לרבע 1 מארק. בעד הוספה ישלם הסופר 350. את המחיר ישלמו

תמיד מראש. מאמרים ומכתבים בלתי חפשים ישובו לבעליהם סגורים: להדרעססע של סוכן הכללי ברוסיא מיכל ליפקין ווילנא.



הודעת המו״ל. מן הגליון הזה והלאה סלקנו ידינו ממלאבות הבקרת וסדורם של המאמרים אשר יבאו במ״ע הזה. הפראגראמם לא ישתנה. וכפי הפראגראם אשר בא בחוברת הראשונה יסדר ויבקר ה׳ בן-נץ את המאמרים אשר לא קבלנו אחריותן גם בהחוברות אשר כבר באו. ידעו אחינו בכל מקום שהם ובכל המפלגות אשר יקבלו חלק בהן, כי תלונתם לא יהיה עלינו בדבר המאמרים ענינים ותכונותיהם. וכקורא אחר נקרא את הדברים אשר ימצאו חן בעינינו אחרי אשר יודפסו; ורק אחריות הכסף מהחתומים על המ״ע עלינו הוא ועל סוכנינו ואין לזרים חלק בהן:

## שאלת הפועלים.

(המשך ממחברת ד׳)

בפיטסבורג, האריסבורג ובכל המקומות אשר התפרץ הקשר יהמה לב העם להפועלים הקושרים, לענים ולאסונם. רבים המה אשר ינודו להאומללים האלה יען כי לא טוב גורלם מגורל רעיהם הקושרים, ויען כי גם המה נתנים נתנים המה למשיסה בידי העני והלחץ ויאמינו, כי כבר באה העת להקל את משא יגונם של הפועלים ולתת להם חקים טובים ומשפטים ישרים אשר יחיו בהם. גם הפועלים מצדם נושאים פנים לאזרחי הארץ, כי רק להיטיב לנפשם כל מגמתם ולא להרע לאחרים, רק להוציא את עצמם מהלחץ הנורא אשר ילחצם זה כמה אות נפשם ולא להשטין את נפש אחרים במצולת העני והיגון, ולמען דעת עד כמה צדקנו במשפטנו, הננו נותנים לעיני קוראינו מכתב אחד מאת נוסעי מסילות הברזל אשר היו אצים ללכת לדרכם, ורק תוצאות הקשר, כמו הריסת מסלות הברזל הכריחו אותם להשאר במקומם אשר יראנו לדעת, כי גם אלה האנשים אשר סבלו נזק על ידי הקשר עמדו לימין הקושרים. פענסילוואניע דען 25 יולי 77.

ד ע ם ב ע ר ס ל א פ ע א ר י ב ע ר ד ע ם ג ר ע־נ י ץ. — ביים מערץ יום־טוב. — דער יונגער מאַן און זיין בערדעלע. — אַ בינען־קעניגין און איר גינסטלינג. — ליליענ־בלום ערשיינט. — איך באַשרייב בערנעם לעבן. — פּויפּסט פּיוס שרייבט מיר פון יענער וועלט אַ בריוו.

אַלזאָ דער פינפטער נומער „אספת־חכמים“, וועלכער הויבט זיך אָן, ווי די לעזער האָבן געזען, מיט ראַדקינסזאָנ׳ס קאָמישער, אָבער זייער כאַראַקטעריסטישער אָנצייגע, ענדיקט זיך מיט אַ מודעה פון מיר.

דאָרטן ווערט אָנגעצייגט, אַז פון היינט אָן און ווייטער פיר איך אַליין די רעדאַקציע פונם „אספת־חכמים“; אַז דער זשורנאַל וואַקסט און אַז הגם אין אָנהויב איז ער געווען קליין און אין פיל פּרטים ניט אינגאַנצן ווי ער וואָלט באַדאַרפט צו זיין, וועט ער מיט דער צייט גרויס ווערן.

„אחריתו ישגא מאוד“ איז דער אויסדרוק פון די לעצטע ווערטער אין דעם העברעאישן אָריגינאַל: אַ נאַריש וואָרט צוליב דער שיינקייט פון דער ביבלישער פראַזע. דאָס באַפרייען זיך פון דער מליצה איז אונז אַלעמען — חוץ ליליענבלום׳ען — אָנגע־קומען ניט לייכט.

עס ווערט דאָ אָנגעצייגט, אַז זעקס פון די גרויסע שרייבער פון אונזער צייט זיינען צוגעשטאַנען צום זשורנאַל און האָבן פאַרשפּראָכן מיטצואַרבעטן. „מיט באַזונדערער ליבע“,—שטייט ווייטער אין דער מודעה, — „וועלן מיר געבן אָרט פאַר אַרטיקלען, וואָס זיינען דאָס סאָציאַלע לעבן פון דער מענטשהייט און די פּאָליטיק. תורה־אַרטיקלען (האָלענדער קעז, ווי איר גערעכנט געווים) וועלן אויך אָנגענומען ווערן, אָבער פ א ר ז י י ב י ן

איך נ׳יט פאראנטוואָרטלאך. — געדיכטן וועלן נאָר געדרוקט ווערן אזוינע, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן „לעבן“.

דערויף האָב איך גע׳חתמ׳עט „בן־נץ“, בעטנדיק, אַז מען זאָל אים שיקן די ארטיקלען פארן „אספת־חכמים“ אויף זיין פריוואַט־אדרעס.

אפשר קלערט איר, אַז פון ראָדקינסזאָנ׳ס אָנצייגע און פון מיינער איז דאָ געמאַכט געוואָרן אביסעלע צופיל פאַראַד, מעג איך אייך זאָגן, אַז איר האָט אַ טעות.

עס האָט זיך נעמלאך אין אַ קורצער צייט ארום ארויסגעשטעלט, אַז די געפאַר איז געווען פיל גרעסער, ווי אפילו הער ראָדקינסזאָנ׳ס שאַרפע נאָז האָט געקענט פון וויטן דערשמעקן.

אָרימער „אספת־חכמים“! אָרימער איך!

אַזוי גיך ווי אונזער אַלטער זיווג — פון דער מאַנאַטשריפט מיט איר רעדאַקטאָר — איז געוואָרן באַקאַנט, און מזל־טוב׳ס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטן, איז אָנגעקומען די בייזע בשורה פון ווילנע, אַז דער זשורנאַל איז פאַרבאָטן אין רוסלאַנד פאַר זיין שעדלאַכער סאָציאַליסטישער ריכטונג.

דאָס פינפטע העפט איז אַלזאָ געווען דאָס לעצטע, וואָס איז אריין לעגאַל אין רוסלאַנד. דאָס זעקסטע, זיבעטע און אַכטע זיינען שוין געגאַנגען אין קאָנווערטן. די לעזער זיינען געוואָרן וויניקער אין צאָל, דערפאַר אָבער פיל, פיל ענטוזיאַסטישער.

איך זאָג: „די לעזער זיינען וויניקער געוואָרן“ — אפשר איז דאָס ניט ריכטיק: אפשר זיינען וויניקער געוואָרן נאָר די אַבאָנענטן, בעת גראָד דורך דעם פאַרבאָט איז יעדער עקזעמפּליאַר נעלייענט געוואָרן פון פיל מער מענטשן ווי פריער, וואָס דערפאַר האָט טאַקע געקענט זיין מער לעזער, ווען אויך וויניקער אַבאָנענטן, אָבער אויף קלאָר ווייס איך דאָס ניט.

און איצט איידער איך פאַרנעם זיך מיט דעם אינהאַלט פון דעם פינפטן העפט, וועל איך מיר דערלויבן זיך ווידער אויף אַ ווײַלינקע צו פאַרקירעווען אָן אַ זייט.

---

שרייבנדיק אין דער „ווארהייט“ פון 1906 ארום „אייניקע מערץ יום־טובים“, האָב איך דערציילט די לעזער פון יענער צייטונג וועגן א „מערץ יום־טוב אין דער קעניגסבערגער בירגער־רעסורסע“ אינם יאָר 1878, — וועגן מיין ערשטן קאָמונע יום־טוב.

דאָ איז ניט דאָס אָרט וועגן דעם ווידער צו פארשפרייטן זיך, און איך דערמאָן נאָר יענעם אומפארגעסלאכן מערץ־פייערטאָג, כדי אייך עטוואָס צו דערציילן.

שפּעט אין דער נאכט, געדענק איך, ווען דער קאָנצערט איז שוין געווען צו ענד, און דער עולם האלב-פאנאנדערגעגאנגען, האלב אויסגעזעצט ארום טישלאך, מיט גלעזער ביר אויף זיי, און טאבאק־רויך ארום זיי, און שפּיאָנישע אויגן ערגעץ איבער זיי, האָט זיך אין איין ווינקל פארזאמלט די רוסישע, דאָס הייסט, די אידישע קאָלאָניע.

דאָס זיינען געווען כמעט אַלע סטודענטן אין דעם קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, כמעט אַלע מענטשן, וועלכע סימפּאטיזירן מיט דער סאָציאַליסטישער באוועגונג אָפן און זיינען פארדעקטע סאָציאַליסטן בשתיקה. זיי זיינען טאקע, לאָמיך פארבייגייענדיק באמערקן, ניט יענע אמעריקאנישע „סימפּאטייזער“, וועלכע מיינער א באקאנטער האָט דעפינירט אלס אזעלכע, וואָס „זיינען שוין אוים מענטשן, אָבער נאָך ניט קיין סאָציאַליסטן“ (ער איז א ליצ— דער בעל־דבר).

דער גרעסטער טייל פון יענער גרופּע זיינען לאנג שוין ארויס פון מיינע געדאנקען, און חוץ זייערע נעמען און אפשר זייער וואוקס, פון מאנכע דעם קאָנטור, געדענק איך זיי ניט מער.

אנדערע דאגעגן שטייען מיר קלאָר פאר מיינע אויגן. למשל:

אָט זע איך דעם ניט מער זייער יונגן סטודענט זאַלקינד, אים מיט זיין קלוגן בליק, מיט זיין שיינער גריכישער נאָז, מיט זיין נאפּאָלעאָנישן בערדעלע, וועלכעס ער קראצט זייער אָפט, ארייננלאָזנדיק אין אים, מעשה גראבליע, די פינגער פון זיין לינקער האנט. מען זעט, אז אים בייסט ניט: ער האָט נאָר דערפון

אַ מין נחת-רוח און אגב העלפּט דאָס אים, ווי עס שיינט, צום דענקען. איך האָב געקענט מענטשן, וועלכע האָבן ניט אַנדערש געשריבן, ווי זיי האָבן אַרויסגעשטעקט אַ צונג, אָדער פאַר־קאָרטשעט דעם שטערן, אָדער אַלע ווײַלע אַ הויב געטאָן די נאָז מיט אַ צי אַרויף, אָדער האָבן אונטערגעבורבעלט, אָדער... אַ מאָלע-וואָס? אויף דעם זעלביקן אופן האָט דאָס קראַצן דאָס בער־דעלע געקענט העלפן אונזער פריינט ביים דענקען: געביסן האָט אים ניט.

יאָ ,ער איז געווען אַ דענקער און אפשר טאַקע דערפאַר קאַרג אין רעדן. יעדנפאַלס האָט ער מיט מיר קיינמאָל ניט פיל גע־רעדט. אונטער פיר אויגן מעג איך אייך פאַרטרויען אַ סוד: ער האָט, דאַכט זיך, אין מיר קיין גרויסע אמונה ניט געהאַט... אפשר בין איך אים פאָרגעקומען צו יונג, אפשר צו סענטימענטאַל, ד. ה. צו דום, אפשר אי דאָס, אי יענעס. ווייסט אים דאָס גוטע יאָר.

אָבער אָט זיצט ער מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, מיט אַ גלאָז ביר נעבן אים, מיט אַ פאַרטראַכטן פּנים. זיצט און רעדט מיט אַ מאַן אַ יאָר פינף און דרייסיק אַלט. צי עטוואָס מער ווי 35 אָדער ווייניקער, ווייסט ער אַליין ניט: זיין זכרון מיטן שפּיגל שטימען ביי אים ניט. ער האָט אַ געשווינדן בליק, צי ער טראָגט שפּאַקולן אָדער ניט, געדענק איך ניט, אָבער ער סטאַרעט זיך אויסצוזען ווי אַ יונגער דייטשישער פּראָפעסאָר. יעדעס מאָל, וואָס ער עפנט זיין מויל, ניט צום רעדן, נאָר צום גענעצן, האָט דאָס צו באַדייטן, אַז מיר אַלע יונגע שנעקעס דאַרפן גיין שלאָפן. ווילט איר ווּיסן, אויב אַ זאַך איז ריכטיק אָדער פאַלש, דאַרפט איר נאָר פרעגן, צי איז די זאַך געטאָן, ווי ער וואָלט עס געטאָן אָדער ניט: ווי ער — ריכטיק, ניט ווי ער — פאַלש, און אַ סוף מיט אַן עק!

קיינער האָט אויף קלאָר ניט געוואוסט, „במה כוחו גדול“, פון וואַנען האָט זיך גענומען זיין אויטאָריטעט, אָבער זיין אוי־טאָריטעט איז געווען גרויס. צוליב אַ גרונט, וועלכן איר וועט באַלד ערפאַרן — ביי מיר איז וואָס אויפן לונג, דאָס אויפן צונג—

האָבן די יונגע לייט אים ניט אַלע זייער ליב געהאַט, אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט זיך צו שטעלן קעגן אים.

---

אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, בעת די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט נאָך, צו־ליב איר קינדהייט, געהאַט אַ חדר- און קלייזל־כאַראַקטער, האָבן די קאָלאָניעס פון עמיגראַנטן אין דער שווייץ, אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד זייער אָפט עראינערט אָן די בינען־מלוכות.

פונקט אַזוי ווי ביי די בינען זיינען פאַראַן אַרבעטער, דראָ־נען און אַ קעניגין, פון וועלכע די ערשטע האָרעווען שווער און ביי־טער, אָבער שפּילן קיין שום ראָלע ניט, בעת די אַנדערע, די דראָ־נען, דרייען זיך אַרום דער קעניגין, וועלכע איז משפּיע איר מאַ־יעסטעט אויף זיי, — פונקט אַזוי איז אין אונזערע קאָלאָניעס אָפט געווען, חוץ דעם אַרבעטער־קלאַס, אַן אינטעליגענטע אַריס־טאָקראַטיע, וועלכע איז אַליין געווען אונטערטעניק צו אַ גייסטי־קער קעניגין.

די דאָזיקע קעניגין איז געווייינלאַך געווען אַ יונגע פרוי אָדער מיידל, וועלכע האָט געהאַט פון דער נאַטור אַ שיינעם, יעדנפאַלס, אַ חנ׳עוודיקן פּנים, פון דער דערציאונג אַ גוטע פאָרציע בילדונג און פון רייכע עלטערן אַן „אַריסטאָקראַטישן“ „איך בין ניט אַבי ווער“־בליק.

זי פלעגט, ווי די בינען־קעניגין און ווי די אַנדערע קעניגינס אין דער וועלט־געשיכטע, „האַלטן הויף“, פלעגעט האָבן אירע „גינסטלינגע“ (פאַוואָריטן) אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג — וואָס פראָסטע מענטשן רופן, איינעם נאָך דעם אַנדערן. עס איז אמת, איר שייכות צו די דאָזיקע גינסטלינגע, די יחידי־סגולה, איז גע־וויינלאַך געווען פון אַ ריינערן, „מאָראַלישערן“ כאַראַקטער, ווי, למשל, די באַציאונג צווישן קאַטערינע דער צווייטער אָדער דער ענגלישער קעניגין עליזאַבעט און זייערע „פאַוואָריטן“, אָבער אין תוך איז דאָס געווען אַזאַ באַציאונג ווי יענע.

דער גינסטלינג ביי אונזער קעניגין איז אויך געווען א גאַנ־צער מאכער, א גאַנצער „יאַ טעבע דאָם“; אָן „אוידיענץ“ ביי אונזער קעניגין איז אויך געווען כמעט אוממעגלאַך אָן זיין איינ־פירונג, פאָרשטעלונג און גנעדיקן שוץ; זיין היינטיקער, פריינט־לאַכער שמייכל האָט אויך געהאַט צו באַדייטן אַ מאַרגנדיקן, פריינטלאַכן שמייכל פון איר מאַיעסטעט אַליין א. אַ. וו., א. אַ. וו.

און דער מאַן מיטן געשווינדן בליק, וועלכן איך האָב נאָר־וואָס פּרובירט אייך שילדערן, איז דאָס געווען אַרום יענער צייט (אין מערץ 1878) דער גינסטלינג ביי אונזער קעניגין פון דער קעניגסבערגער רוסיש־אידישער קאָלאָניע.

זי אַליין וועל איך אייך דאָ ניט באַשרייבן. איך וועל נאָר זאָגן, אַז מיר איז זי פאָרגעקומען זייער שיין, בעת אַרום איר זוי־בערן כאַראַקטער, איר אינטעליגענץ און איר ערנסטקייט איז קיין שום חלוקי־דעות ניט געווען; דאָס האָבן צוגעגעבן אפילו די פוקסן, וועלכע האָבן ניט געקענט דערגרייכן די ווייִנטרויבן, וואָס דער־פאַר זיינען די דאָזיקע פּירות, כידוע, געווען זויער. זי אַליין וועל איך שוין געוויער דערפאַר ניט באַשרייבן, ווייל איך בין אייגנט־לאַך מיט איר ערשט באַקאַנט געוואָרן, ווען מלכות־פּרייסן האָט מיר שוין געהאַט געגעבן מיין פּאַסיר־צעטל און איך בין שוין גע־שטאַנען אויפן וועג.

זי דערמאָן איך אָבער דאָ אַלס אַ ביישפּיל פון דעם דאָזיקן בינען־קעניגטום אין קעניגסבערג און דער עיקר, כדי אָט וואָס אויסצובריינגען:

אַזוי ווייט ווי איך ווייס, האָט זי דעם מאַן מיט דעם גע־שווינדן בליק ניט געליבט, אָבער ער איז געווען איר גייסטיקער פּאַטיאָמקין, און עס קען זיין, אַז דאָס האָט אים געגעבן דעם אויטאָריטעט, וועגן וועלכן עס איז פריער גערעדט געוואָרן. אַלס דער גינסטלינג פון „איר מאַיעסטעט“, אַלס דער אַלגעמיין אַנער־קענטער „יושב ראשונה במלכות“, האָט ער געפירט ביי אונז די גרענדע, געמאַכט די געזעצן און גע'פּסק'ענט אַלע סאָציאַל־פּאָלי־טישע שאלות.

און דאָס איז טאַקע דער גרונט, ווארום די יונגע לייט אין דער קאָלאָניע האָבן אים ניט ליב געהאַט.

חוץ זאַלקינד'ן און אים איז אין דעם דאָזיקן ווינקעלע אין דער קעניגסבערגער בירגער־רעסורסע איצט, ארום צוויי פאַרטאָג, דעם 18טן, אפשר ריכטיקער דעם 19טן, מערץ 1878, כמעט קיינער ניטאָ אין מיין עראינערונג, הגם ארום דער קעניגין, דעם גינסטלינג, דעם מאַן מיטן בערדעלע איז נאָך דאָ אַ גאַנצער עולם.

נאָך ברענען די לאָמפּן, נאָך שפּילט די מוזיק, נאָך טאַנצט מען, טרינקט מען, רויכערט מען, לאַכט מען, רעדט מען ארום און ארום, אָבער דער יום־טוב, דאָס פילט זיך, איז צו ענד און נאָך אַ ווייליגקע וועט מען מאַכן הבדלה.

---

אין דעם פינפטן העפט „אספת־חכמים“ זעצט פאָר ראַב נאַוויטש זיין ארטיקל „שאלת הפועלים“. דאָס, וואָס וואַרפט אממייסטן אין די אויגן, דאָס זיינען די דרוקפעלערן אין די נעמען פון די אמעריקאַנישע שטעט און שטאַטן. גאָט איז מיין עדות, אז איך האָב די קאָרעקטור פון או"ר'ם ארטיקלען ניט געמאַכט, אניט וואָלט איך פאַר די דאָזיקע גרייזן ווארשיינלאך נאָך היינט רויט געוואָרן. איין פעלער מוז זיין דעם שרייבער'ס. אַ מאַניפעסט פון די סטרייקער אויף דער פּענסילווייניא־אייזנבאַן איז דאַטירט: „פּענסילוואַניען, דעם 25טן יולי 1877“. עס איז מעגלאַך, אז אפילו ווען די קאָרעקטור וואָלט איך געמאַכט, וואָלט דער פעלער אויך געבליבן, מחמת מיין ידיעה פון געאָגראַפיע איז דעמאָלט געווען אמשטאַרקסטן אין אזיע, און בנוגע צו די פאַראייניקטע שטאַטן בין איך ניט זיכער, אז איך בין געווען זיכער, אז פילאַדעלפיע געפינט זיך אין פּענסילווייניע און ניט פּענסילווייניא אין פילאַדעלפיע.

אין דעם זעלביקן העפט דערשיינט ליליענבלום אין דעם אָנהויב פון זיין מייסטער־ווערק „משנת אלישע בן אבויה“. אַ צייט מיט יאָרן האָב איך געהאַלטן בסוד דעם פאַקט, אז ער איז געווען דער פאַרפאַסער פון דער בארימטער משנה, אָבער ער

אַליין האָט דאָס אויסגעזאָגט אין זיין ספר'ל „דרך תשובה", און עס איז דערפאַר ניט נויטיק איצט צו פאַרשווייגן.

ווי געזאָגט, איז דאָ אין דעם פינפטן העפט פאַראַן נאָר דער אָנהויב, די איינלייטונג צו דער משנה און, דעם אמת זאָגנדיק, איז זי ניט זייער געלונגען. דער פּראָפעסער דערציילט, ווי אַזוי אַ מין גייסטערזעער האָט דורך אַ כישוף אַרונטערגעבראַכט אויף דער ערד זיינעם (דעם פּראָפעסאָר'ס) אַ זיידן; ווי אַזוי אלישע בן אבויה, זיך דערוויסנדיק, אַז עמיצער קלייבט זיך צו פאָרן אויף אונזער וועלט, האָט אים מיטגעגעבן „אַ בריוועלע — אַ דאַנק אים, ממשות, פאַר דער טרחה!" דאָס דאָזיקע בריוועלע איז אַריינ־געקומען אין דעם שרייבער'ס הענט, איידער דער יענער־וועלטיקער זיידע זיינער האָט זיך צוגעקליבן אים אָפּצוגעבן — אַן עכט־אידישער מוכ"ז! — צום אדרעסאַט, און היות ווי דער חרם דרבינו גרשון איז בטל ביי בריוו, וועלכע מתים שרייבן אַהערצוצו, האָט דעם זיידנ'ס אייניקל די בריוו איבערגעלייענט און איבערגעשריבן. איצט שיקט ער אים צום רעדאַקטאָר פון דעם „אספת־חכמים", דאָס הייסט, ער זאָגט צו, אַז ער וועט עס שיקן.

ער האָט געהאַלטן וואָרט, און ווען מיר וועלן קומען צום זעקסטן העפט, וועלן מיר זיך צו דעם ענין צוריקקערן.

---

אין דעם פינפטן העפט אָנגעהויבן און געענדיקט אין דעם זעקסטן איז דאָ מיין ביאָגראַפיע פון לודוויג בערנע.

צי דאָס איז געווען צוליב דער שמחה פון ליליענבלומ'ס אָנ־געקומענעם ערשטן וויכטיקן אַרטיקל אין מיין קליינעם זשורנאַל־כאַלע, צי דערפאַר, ווייל דער מאַן איז מיר סתם געווען ליב פון דעם ערשטן טאָג אָן, ווען איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן, דאָס קען איך איצט באַשטימט ניט זאָגן. אָבער ווי די מעשה זאָל ניט געוועזן זיין — מיין ביאָגראַפיע פון לודוויג בערנע איז „געווידמעט" געוואָרן צו משה ליליענבלום, און אין אַ פּוסנאָטע געפינט זיך די באַמערקונג, אַז אַלע, וועלכע קענען דעם וואָר־הייטס־ליבענדן שרייבער מ. ל. ל., וועלן פאַרשטיין דעם גרונט,

פארוואס איך האב אים געווידמעט די לעבנס־באשרייבונג פון דעם דייטשישן פרייהייטס־קעמפער.

עס איז גענוג צו זאגן, אז די גאנצע ביאגראפיע (איןביידע העפטן) פארנעמט ניט מער ווי זיבן זייטן, אז דער לעזער זאל פארשטיין, אז דאס איז געווען זייער אן אויבערפלאכלאכע שרייבעריי. א ליטעראַרישן ווערט האט העכסטנס פיליכט די קורצע הקדמה. אזוי שטארק האב איך געפילט די שוואכקייט פון מיין ארבעט, אז איך האב א פאר יאר שפעטער זיך גענומען צו א נייער גרויסער באשרייבונג פון בערנע׳ס לעבן און ווערק, אויך אין העברעאיש. אויב די מייז האבן עס נאך ניט צעגריזעט, דארף זיך ביי מיר נאך ערגעץ־וואו געפינען דער אויפגעשריבענער טייל, וועלכער אנטהאלט בערנע׳ס קינדהייט און יוגנט.

אבער שוואך ווי מיין ארבעט איז געווען, האט זי געהאט די ווירקונג, אז זי האט דעם אידישן יונגן דור געגעבן כאטש א שטיקעלע באגריף פון דעם מאן, וועלכער איז געווארן פון א שוואכלאכן, אי פיזיש, אי גייסטיק שוואכלאכן אינגל מיט א שארפער פעדער אין דער האנט, א מאן, וועלכער האט די געקרוינטע קעפ פון אייראפע געמאכט זייער פיל קאפשמערצן און האט די איינגעבוינגענע קעפ אויפגעהויבן און אויפגעקלערט.

---

חוץ דער דאזיקער ביאגראפיע, איז פון מיין פעדער דא אין דעם פינפטן העפט א קליין געדיכטעלע, וועלכעס הייסט „תקות עובד“.

דאס איז א שמערץ־געשריי פון אן אומגליקלאכן מענטשנס ברוסט, וועלכער זעט פאר זיך נאר איין דערלייזונג, און דאס איז דער טויט. פון א ריין ליטעראַרישן שטאנדפונקט איז די מאכערייקעלע, דאכט זיך, ניט שלעכט, אבער מיך האט שפעטער אפט פארדראסן, וואס איך האב עס געשריבן. אזעלכע פארצווייפלונגס־פאעזיע קען נאר שאדן.

מיט מער צופרידנקייט לייען איך היינטיקן טאָג די „משוגעת“ אין יענעם העפט.

ווי ליליענבלום אין דעם פאַל פון אלישע בן אבויה, אזוי קריג איך אויך אַ בריוו פון יענער וועלט, אָבער אויף אַ פיל איינ־פאַכערן אופן.

דעם בריוו שרייבט דער נאַר־וואָס געשטאָרבענער קאַטוילי־שער פּויפּסט פּיוס דער נײַנטער און אין אים דערציילט ער, ווי אזוי ער האָט זיך אויף יענער וועלט צונויפגעטראָטן מיט נאַפּאָ־לעאָן דעם דריטן. צו באַווייזן, אַז דער פראַנצויזישער ארבעטער האָט ווייניק־וואָס נוצן געהאַט פון דער רעפּובליק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך זײַן, נאַפּאָלעאָנ'ס, מפּלה, שילדערט ער דעם ארבעטער'ס לאַגע היינטיקן טאָג און באַווייזט, אַז זי איז ניט בעסער אין רעפּובליק ווי אין מאָנאַרכיע.



**א שטאָלצער טאָג. — דר. יצחק קאַמינער. — די העברעאישע ליטעראַטור און איך אַלס ריפּ־וואַן־ווינקל.—קאַ־מינער'ס נאַציאָנאַליזם. — זיין שיר „עמק עכור". — מיין „הב־הבו" — אַ מחלוקה מיט ראַדקינסזאָנ'ען. — זיין פּורים און מיין סוד.**

ארום דער צייט, ווען דער זעקסטער נומער פונם „אספּת־חכמים" איז דערשינען, האָב איך איבערגעלעבט איינעם פון די גליקלאַכסטע טעג פון מיין לעבן. דער לייפּציקער „פאָרווערטס" (פונם 12טן אַפּריל 1878) איז אָנגעקומען מיט מיינעם א פע־ליעטאָן: „אַ רוסישער אנטי־לאַסאַליאַנער".

דאָס איז ניט געווען דער ערשטער דייטשישער ארטיקל מיי־נער: אין דער רעדאַקציע פון אונזער קעניגסבערגער לאָקאַל־בלאַט בין איך שוין לאַנג געווען א גאַנצער בן־בית, הגם געשריבן האָב איך ניט זייער אָפט. דאָס אָבער איז געווען אַן ארטיקל ניט אין א לאָקאַלן בלאַט, נאָר אין דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּארטיי, וועלכער האָט דערצו נאָך געהאַט ווילהעלם ליבקנעכט פאַר זיין רעדאַקטאָר, דעם דאָזיקן גרויסן ליבקנעכט, וועלכן איך האָב מיט א יאָר שפּעטער אַזוי שטאַרק פיינט געקראָגן, האָב איך אָבער דאַן — אין אַפּריל 1878 — כמעט פאַרגעטערט.

מיט 24 יאָר שפּעטער האָב איך דעם ארטיקל געפונען אין דער ניו יאָרקער ביבליאָטעק, האָב אים דורכגעלייענט צום צווייטן מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, און — צווישן אונז זאָל דאָס בלייבן! — איך בין פון אים ניט עקסטראַ נתפּעל געוואָרן. נאָך מער: א וואָך צוויי אָדער דריי פריער האָב איך געענדיקט לייענען „זאָרגע'ס בריוו־וועקסל" (מיט מאַרקס, דיטצגען, ענגעלס און יאָהאַן פיליפּ בעקער) און, לייענענדיק יענעם ארטיקל מיינעם,

האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ בריוו פון פרידריך ענגעלס צו זאָרגע, וואו ער באַקלאָגט זיך איבער ליבקנעכט'ס רעדאַקציע, איבער זיין אריינגעמען אינם צענטראַל־אָרגאַן אַלערליי נימ־וויכ־טיקע, אַמאָל אפילו שעדלאַכע זאַכן. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס האָט ניט געקענט זיין אַ שטיינדל אין מיין גערטעלע אריין— פון וואַנען איך האָב דאָס געוואוסט, וואָלט ביי מיר נעמען ניט לאַנג צו דערקלערן, — אָבער איך בין כמעט רויט געוואָרן.

דאָס איז געווען אָן ערך לאַנג. אַנדערש איז דער עסק מיר פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען דער אַרטיקל איז דערשינען.

„אָפגעדרוקט אומפאַרענדערט אינם „פאָרווערטס!" איז מיר אַרומגעגאַנגען אין מיין יונגן מוח דעם גאַנצן טאָג און די נאָ־ענטסטע פאָר טעג, און אַזוי ווי קיינער האָט דערפון ניט גע־וואוסט, האָב איך זיך עפּעס אַזוי ווי געוואָרגן מיט מיין גליק.

אָ יאָ! איך וועל זיין אַ דייטשישער „שריפטשטעלער", אפשר גאָר אַ פּאָעט, ווער ווייס? איך וועל ווערן... איך מוז ווערן אַ מענטש מיט אַ שטאָט אין דער מזרח־וואַנט פון דער סאָציאַליס־טישער ליטעראַטור אין דייטשלאַנד... איך וועל שרייבן, איך וועל זינגען, איך וועל וועקן...

אָ יאָ! „אָפגעדרוקט אומפאַרענדערט" און אַזוי ווייטער! מיר גייען, מיר קומען, מיר זיינען כמעט שוין דאָ! יאָ. מיר זיינען אָנגעקומען. מיר זיינען נאָך דעם זעלביקן נאָכמיטאָג געזעסן ביי אַ פּולט אין די „פאַרדערע פאָרשטאַדט" און האָבן פאַרפאַסט אַזאַ מין געדיכט אויף רוסיש און העברעאיש:

„די בערזע איז שוואַך. ווייץ 5 פעניגג וועלוועלער ווי נעכטן. קאָרן אומפאַרענדערט. האָבער קנאַפּ־וואָס פאַרלאַנגט. דער רובל־קורס שטייגט היינט. — ערוואַרטן פון אייך גוטע נאַכריכטן. אָפּ־רעכענונג פאָלגט. ערוואַרטן אויך אייערע געשעצטע אויפטרעגע, וועלכע וועלן פּראָמפּט אויסגעפירט ווערן. — אימער באַרייט אייך צו דינען.

אַכטונגספול, ערגעבענסט,

י. ס. פיינבערגס נאָכפאָלגער".

און ווען דער באַלעבאָס פּלעגט די לעצטע ווערטער אונטער־שרייבן, פּלעגט ער זיך אַמאָל אַ קרים טאָן, ווען אַן אויסדרוק איז ניט געווען צום הארצן, אַמאָל אָבער פּלעגט ער אַ שמייכל טאָן, צופרידן מיט דעם געפליגלטן, מוזן־געקרוינטן פּאַרנאַס־קלעטערער, וועלכער אַדרעסירט זיינע אומשטערבלאַכע שריפטן צו איוואַן וואַסיליעוויטש באַלוואַנאָוו אין קורסק, אָדער להגביר האדיר ר׳ יונה קליאַטשקאָ אין סמילע.

---

אָבער צווישן דעם הויכן חלום און דער נידעריקער ווירקלאַכ־קייט איז געווען פּלאַץ פאַר ניט שלעכטע פּאַרפּאַסונגען. אין דעם דערמאָנטן זעקסטן העפט „אספת־חכמים" איז דערשינען מיינס אַ שטיקל אַרבעט, פּאַרפּאַסט טאַקע בין־השמשות אין פּיינבערג׳ס „באַנק־געשעפט", צווישן אַ תבואה־באַריכט און אַ רוסישן חשבון פאַר דעם דאָזיקן באַלוואַנאָוו, אַ געדיכט מיט דעם נאָמען „הב־הב!"

וואָס פאַר אַ ליטעראַרישן ווערט דאָס האָט געהאַט, איז ניט פאַר מיר צו באַשטימען. עס האָט יעדנפאַלס געהאַט אַ מין פּאָ־ליטישע באַדייטונג, וויניקסטנס בנוגע צו מיין אייגענער פּערזאָן. איך וועל זיך דערפאַר דערוויף אַ ווייַלינקע אָפּשטעלן.

פריער אָבער בעט זיך דאָ אַ וואָרט וועגן אַן אַנדער געדיכט, וועלכעס איך האָב געדרוקט מיט גרויס שמחה אין דעם זעלביקן העפט.

דאָס איז געווען אַ שיר פון דר. יצחק קאַמינער, וועלכעס ער האָט גערופן „עמק עכור", דאָס ערשטע פון זיין פּעדער אין דעם „אספת־חכמים".

דר. קאַמינער, ווי כמעט אַלע מיינע מיטאַרבעטער פון יענער צייט, איז געווען אַ דערוואַקסענער מענטש לגבי מיר, אַן איינ־געפונדעוועטער באַלעבאָס אין דער העברעאישער ליטעראַטור. דאָס איז דערפאַר געווען נאָך אַביסל זאַפראַן אין מיין קיטקע, ווען דער דר. האָט מיר אפילו געגעבן די דערלויבעניש צו ענדערן עטוואָס אין זיין געדיכט, אויב איך זאָל עס געפינען פאַר נויי־

טיק — אַ זאַך, וועלכע, האָט ער אויסגעטייטשט, ער וואָלט קיינ־מאָל ניט דערלויבט דעם רעדאַקטאָר פונם „הקול".

און בנוגע צו דעם געדיכט מוז איך נאָכאַמאָל אַראָפּקומען פון פאַרגאַנגענע צו איצטיקע צייטן.

צוליב די דאָזיקע עראינערונגען בין איך נעמלאַך כמעט צו־ריק געוואָרן אַ העברייער, — צוריק נאָך אַ לאַנגער 23-יאָריקער שיידונג. מיין אַלטע ליבע צו דער אַלטער העברעאישער שפּראַך האָט מיך צוריקגעבראַכט צו יענער מערקווירדיקער ליטעראַטור, וועלכע קען ניט לעבן און וויל ניט שטאַרבן.

צו דער דאָזיקער העברעאישער ליטעראַטור קום איך איצט צוריק אַן אמת'ער ריפּ־וואַן־ווינקל,[30א] אַ מענטש, וואָס געפינט נאָך אַ צוואַנציק־יאָריקן שלאָף אַ נייעם לשון מיט נייע ווערטער, מיט נייע שרייבער. אויף יעדן טריט באַגעגן איך עפּעס אַלץ זאַכן, וועלכע איך פאַרשטיי ניט, וועלכע מיר איז שווער צו גלויבן, אַז די שרייבער אַליין פאַרשטייען. וואָס, קלער איך, וואָלט ניט נאָר אברהם מאַפּו, נאָר אפילו מרדכי אהרן גינצבורג געזאָגט, ווען ער וואָלט אַריינגענומען אין האַנט, כאַפּט אייך אָן, בערדיטשעוו־סקיס אַ „רשימה" אָדער אַ „שרטוט"?

איז וואָס בין איך אויסן? אָט הערט:

צוריקקומענדיק, אַלזאָ, צו מיין ערשטע „פלאַממע", האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אַ זאַמלונג פון דר. קאַמינער'ס גע־דיכטן, אַרויסגעגעבן אַרום דעם יאָר 1902 פון די אָדעסער „חובבי־ציון". דאָרטן איז דאָ אַ פאָררעדע פון אחד־העם און אַ לענגערע באַשרייבונג פון ה' ראַוויניצקי, אַרום וועלכער איך קען זיך דאָ ניט פאַרברייטן!

איך האָב, פאַרשטייט זיך, גלייך אַ זוך געטאָן אין אינהאַלט־פאַרצייכעניש צו זען, אויב עס זיינען אַריין אין דער אויסגאַבע, ערשטנס, דאָס געדיכט „שיר היחוד למטבע", וועלכער איז געווען געדרוקט אין ליבערמאַנ'ס „האמת", און, צווייטנס, דעם „עמק

ביידע געדיכטן זיינען דאָ!

עכור" פון דעם העפט „אספּת־חכמים", אַרום וועלכן מיר רעדן.

גענויער פארגלייכנדיק, האָב איך אָבער געפונען, אַז אין דעם „עמק עכור“ האָבן ניט נאָר געפעלט צוויי וויכטיקע סטראָפן — פונם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט וויכטיקע, — נאָר אַז אייניקע ווערטער זיינען אַזוי „צורעכט געמאכט“ געוואָרן, אַז זיי האָבן פארלוירן זייער פּראָלעטאַרישע באַדייטונג. איין ביישפּיל וועט גענוג זיין.



דר. יצחק קאַמינער

אין דעם אָריגינאַל זיינען דאָ צוויי פערזן, וועלכע לייענען זיך אַזוי:

„מאוס בישר וברמאות בחור,
אדונים מקדם ופועלים מאחור“.

אויף אידיש הייסט דאָס אומגעפער: זיי פאַראַכטן גערעכטיקייט, קלייבן אויס שווינדל, הערשער פון פאָרנט און אַרבעטער פון הינטן.

אין דער זאַמלונג איז דאָס אָבער אַזוי איבערגעדרוקט, אַז

אַנשטאַט „פּועלים“ (אַרבעטער) שטייט „עבדים“ (קנעכט) און דאָס שוואַכט אָפּ, הגם קנעכט איז אַ שטאַרקערער אויסדרוק ווי אַרבעטער. דער קלאַסן־קאַמף־כאַראַקטער, וועלכער, ווי אפילו ניט דייטלאַך אויסגעדריקט, מערקט זיך דורך דעם גאַנצן שיר, האָט געפאָדערט, אַז דער קעגנזאַץ צו „האָרן“ זאָל בלייבן „אַרבעטער“, דאָס הייסט לוין־שקלאַפן און ניט קנעכט, משרתים פון רייכע לייט, דינער.

איבעריקנס, מאַך איך דאָ ניט קיין באַשולדיקונג קעגן אחד־העם און די אַרויסגעבער. עס איז מעגלאַך, אַז ביי קאַמינער'ן אַליין איז געווען אַזאַ נוסח, אָדער אַז ער האָט שפּעטער אַליין אַזוי געענדערט, ווערנדיק מער איד און וויי‏ניקער סאָציאַליסט אין די עלטערע יאָרן.

---

אַ וואָרט וועגן קאַמינער'ס פּאָעזיע.

די אַרויסגעבער פון דעם ביכל רופן מיט רעכט קאַמינער'ן „פּיטן“ (לייענט עס פּאַיטאָן), אַ פּאָעט הייסט עס, אַזוי ווי יענע, וועלכע האָבן אונז איבערגעלאָזן זייערע קונציקע אָדער געקינסטל־טע שרייבערייען אין די מחזורים, די סליחות, די יוצרות און די קינות. דער גראַם שפּילט אַ הויפּט־ראָלע אין אָט־דעם סאָרט דיכטונג און, צום ביישפּיל, אין דעם שיר „עמק עכור“ ווידער־האָלט זיך דער „כור“ כמעט אין יעדן פערז. אַזוי שרייבט מען היינט ניט, אַזוי רעדן היינט שוין אפילו בדחנים אויך ניט מער, און דאָך האָט קאַמינער'ס „פּיטנות“ אַ גרויסע באַדייטונג, אפילו אַ געוויסן רייץ און איז יעדנפאַלס זייער אָריגינעל, ניט אַכטנ־דיק דערויף, וואָס דער דאָזיקער מין דיכטונג איז מער „נאָכגע־מאַכט“ ווי ערגעץ אַן אַנדערער. קאַמינער איז, נעמלאַך, געווען דער ערשטער אויסצונוצן דעם פּאָפּולערן, ביי אידן זייער באַ־ליבטן, מיטלאַלטערלאַכן „פּזמון“, כדי אויסצודריקן היינטיקע אונזערע ליידן און קאַמף און האָפענונגען.

אָבער ניט דאָס איז דער עיקר דאָ פאַר אונז, ווען מיר רעדן

וועגן קאמינער'ס פּאָעזיע. דאָ אינטערעסירט אונז מער דער אינ־האַלט ווי די פאָרם.

די ארויסגעבער רופן אים אַ אידישן נאַציאָנאַלן דיכטער, וועלכער ליבט עס דאָס אידישע פאָלק; אַ פּאָעט, וואָס זיין גאַנץ לעבן, זיין גאַנץ האַרץ איז איבערגעגעבן צום אידנטום און אַזוי ווייטער.

דאָס איז אמת. אָבער מען פאַרגעסט צו באמערקן, אַז קאַמי־נער'ס ליבע און איבערגעגעבנקייט צו זיין פאָלק האָבן דורך און דורך אַ סאָציאַלן אונטערשלאַק.

ער רימט ניט דעם אידן, ער פאַרהערלאַכט ניט זיינע גרויסע מעלות, ער האַלט ניט אין איין שרייען: „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", ער זינגט ניט מיט גרוים ענטוזיאַזם „אתה בחרתנו"; קאַ־מינער ליבט דעם אידן, ווי די נביאים האָבן אים געליבט. ער שטראָפט אים, ער ווייזט אים זיינע פעלערן, ער שמייסט אים מיט אַן אייזערנער רוט, און ער טוט דאָס אַלץ ניט ווי אַ רעליגיע־זער מגיד, וועלכער נעמט זיך אָן דעם אויבערשטנס קריוודע, נאָר ווי אַ סאָציאַלער רעפאָרמאַטאָר, ווי איינער, וואָס נעמט זיך אָן דעם אונטערשטנס קריוודע, דעם אָרימאַנ'ס, דעם בארויבטן און באַשווינדעלטן המונ'ס, דעם אַרבעטער'ס קריוודע.

קאַמינער איז אַ איד, אָבער פריער פון אַלץ אַ מענטש. אין אים קלאַפּט אַ אידיש האַרץ, דאָס איז אמת, ער פילט דעם אידנס שמערץ, אָבער בלייבנדיק אַ איד, אָבער זייענדיק אַ קעגנער פון אַסימילאַציע, שטרעבט ער דאָך צו מאַכן דעם אידן פאַר אַ מענטש, ניט דעם מענטשן פאַר אַ איד.

ער פילט זיין פאָלק'ס דערנידעריקונג, אָבער אים שמערצט מער דעם אידנס רעכטלאָזיקייט, ווי זיין היימלאָזיקייט.

דעם דאָזיקן גייסט געפינט איר ביי אים אומעטום, אפילו אין זיינע „נאַציאָנאַלע", ד. ה. אין די ריין נאַציאָנאַלע לידער.

אין דעם יאָר 1893 בין איך אין ציוריך (שווייץ) באַקאַנט געוואָרן מיט זיינער אַ טאָכטער, די פרוי פון אַקסעלראָד, דעם באַקאַנטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פירער. איך האָב אַלץ גע־

האָפט פון איר צו קריגן מאַטעריאַל פאַר אַ ביאָגראַפיע פון איר פאָטער, ייעלכן זי האָט אַזוי שטאַרק געליבט. לײדער איז זי געשטאָרבן פאַר דער צייט. קאַמינערים לעבן וועט, לאָמיר האָפן, נאָך עמיצער באַשרייבן, און טאַקע פאַרן אידישן אַרבעטער.

---

„עמק עכור“ וואָלט געלוינט צו איבערזעצן, אָבער צו מאַכן אַ אידישע איבערזעצונג פון אַ העברעאישן פאַרצווייפלטן קרעכץ איז כמעט אומדענקבאַר. איך וועל פונדעסטוועגן פּרובירן איבערגעבן דעם אינהאַלט ווי עס איז.

די ערשטע סטראָפע, וועלכע באַשטייט אין העברעאיש פון זעקס פערזן, וואָלט אויף אידיש קלינגען אומגעפער אַזוי:

„לינקס און רעכטס אַרום מיר, אויבן
און אונטן, פון פאָרנט, פון הינטן,
זע איך נויט, זע איך קרענק,
איז די פינסטערניש שוואַרץ!
מענטשנפרעסער, בלוט־טרינקער,
רויבנדיק, פאַרדאַרבנדיק,
זע איך צווישן אומרעכט און פאַלשקייט.
רויב, גנבה און גנאַר, שווינדל,
גוטסקייט פאַראַכטעט, דאָס שלעכטע געוויילט,
עסנדיק פון פאָרנט, פון הינטן געגעסן“.*)

דאַן באַשרייבט דער דיכטער דעם לוקסוס פון די רייכע, פון די איבערגעשטאָפּטע מיט זייערע קאַרעטעס און פערד, מיט

---

*) מימיני ומשמאלי, למעלה למטה, קדם ואחור,
אַך מחסור, אַך מחלה, אולת ושחור.
אך אוכלי־עמם, אך שותי דמם, אך גזול, אך עכור
אך עולה ומרמה, אך עשוק, וגנב, וסחור,
מאוס בטוב וברע בחור,
אוכלים מקדם ונאכלים מאחור.

זייערע וואָל און זיידנס, מיט זייערע פּאַלאַצן און גערטנער, מיט ווייבער און קעפּס־ווייבער.

און דאָך, פירט ער אוים אין דער דריטער סטראָפע, האָבן זיי דורך אומרעכט און אומגערעכטיקייט, דורך דעם רויב פון זייערע ברידער: „באַנקן פון פאַרנט און פראָצענטניקעס פון הינטן“.

ער גייט אַזוי כסדר דורך דער פערטער, פינפטער און זעקסטער סטראָפן און שליסט מיט די ווערטער:

„און איך וועל שווייגן? חלילה! מיין בלוט, מיין פלייש! נאַט אייך פייער, הערט ניט אויף ברענען. ווער ניט שטיל, בעט קיין אָפּרו ניט, מיין האַרץ! קלאַפּ, שטורעם! פאַראַכט צביעות, בלייב ביים אמת!...“

דאָס איז ניט דאָס בעסטע פון זיינע געדיכטן; אפילו אינם „הקול“ זיינען געווען בעסערע, דער „אספת־חכמים“ איז אָבער אין רוסלאַנד שוין געווען פאַרבאָטן, און דערפאַר איז מיר דער „עמק עכור“ געבליבן דאָס איינציקע פון קאַמינער׳ס פעדער אינם זשורנאַל.

---

מיין איינציקער שיר, פון וועלכן איך האָב אויבן גערעדט, האָב געהייסן „הב־הב!“ (גיב גיב!). לויט ווי דער רבי האָט מיט אונז געלערנט, איז דער טייטש פון דעם פּסוק אין „משלי“: „לעלוקה שתי בנות הב־הב“ — „דער גהינום האָט צוויי טעכטער, וועלכע שרייען: גיב־גיב!“ אָט דער דאָזיקער גיהנום־געשריי (איינגנטלאָך איז „עלוקה“ א מין פּיאַווקע) ווערט געשילדערט אין מיין שיר אַלס אַ קול, וואָס הערט זיך „אין צפון, אין דרום, אין מזרח און מערב, אַ קול אָן אַן אויפהער, אַ קול טאָג און נאַכט“, וועלכער שרייט: „געלט, נאָר געלט, גיב־גיב, גיב, גיב!“

און נאָך דער דאָזיקער אַלגעמיינער איינלייטונג ווערט אין דער צווייטער סטראָפע געשילדערט דער לענדלאָרד, וואָס זיין „הב־הב“ — הייסט דירה־געלט, אין דער דריטער — דער באַנקיר, אין דער פערטער — דער קרעמער, אין דער פינפטער — דער תבואה־הענדלער און אין דער זעקסטער — דער בערזע־ספּעקולאַנט.

„גיב־גיב! — איז דער שלום. אָבער וואו איז די קוועלע? געלט קומט פון ארבעט. אָבער וואו איז דער ארבעטער? דער אר־בעטער איז אויפן פעלד, גראָבט אין די בערג, אין די גריבער, אַקערט און זייט און בוקט זיך צו דעם גילדערנעם קאַלב. זיין פּנים ברענט אָדער איז פינסטער, פאַרשווארצט, און פון זיין פלייש ווערן זאַט אַלע, וועלכע שרייען „הב־הב!“

נו, אַט־דאָס געדיכט האָט געהאַט אַ מערקווירדיקן מזל, און הגם דער פּלאַץ דאָס צו דערציילן וואָלט אייגנטלאך זיין אין קאַ־פּיטל, וואו עס וועט געשילדערט ווערן מיין ארעסט, קלער איך, אַז איך וועל באַנוצן די דאָזיקע געלעגנהייט און אָפּ'פּטר'ן דעם עסק דאָ גלייך אויף דער שטעל.

פּאַסירט האָט אַט-וואָס:

ווען דאָס העפט איז ארויס פון דרוק און אויף אַ לעגאַלן וועג האָט עס אין רוסלאַנד שוין מער ניט געקענט אריינגיין, האָב איך באַשלאָסן צו שיקן ליליענבלומ'ען וויניקסטנס זיין ארטיקל אין אַ קאָנווערט. צו דעם צוועק האָב איך דעם ארטיקל אויס־געשניטן. געדרוקט איז ער אָבער געווען אַזוי, אַז מיין שיר האָט זיך געפונען אויף דער זעלביקער זייט, אויף וועלכער עס האָט זיך געענדיקט דער ארטיקל. האָט מען, הייסט עס, געמוזט שיקן ביידע צוזאַמען.

איז דאָך אָבער דאָ אַ טייוול אין יעדן מענטשן, וועלכער אַמוזירט זיך, אייך מאַכנדיק צום נאַר. ספּעציעל מעכטיק איז דער דאָזיקער שד ביי יונגע רעדאַקטאָרן, האָט ער מיך געריסן צו ווייזן מיין קעניגסבערגער בלויען רעדאַקטאָר־בליישטיפט אין אָדעס, און כּלומר'שט כּדי צו זאָגן: „דאָס פאַרשטייט איר דאָך, איז ניט וויכטיק—וויכטיק איז אייער שרייבעריי“, און מיין שיר איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן מיט אַ גרויסן לאַנגן בלויען איקס.

דערביי איז דאָס אָבער ניט געבליבן, ווייל דער אויבנדער־מאָנטער שד איז ביי אונז ניט קיין בן יחיד. מיר האָבן חוץ אים נאָך אַן אנדער טייוול אין זיך. דער דאָזיקער פירט אונז צו אַלע

צרות, צו אלע אומאנגענעמלאכקייטן, צו ווערן פרעמד צו עלטערן, אויב מיר זיינען קינדער, און צו קינדער—אויב מיר זיינען על־טערן. דער דאזיקער שד ברייגנט אונז דערצו, אז מיר האלטן ניט ווארט, זייענדיק ערלאך, אז מיר צאלן ניט קיין חוב, האבנדיק מיט וואס, אז מיר ענטפערן ניט אף א בריוו, וועלנדיק שרייבן א. א. וו. דער עולם רופט אן דעם דאזיקן שד: אפגעלאזנקייט, אדער נאכלעסיקייט, ווען דעם עולמ׳ס לשון כאפט אריין א האר־רעלע אין טייטש אריין.

וואס האט ווייטער פאסירט, פארשטייט איר שוין אליין. דער אויסגעשניטענער ארטיקל, מיט מיין שיר מיט אלץ מיט אן אנדער, איז זיך רואיק געבליבן ליגן אין קעשענע ערגעץ־וואו—איז זיך גע־בליבן דארטן, ביז די לאנגפינגערדיקע קעניגסבערגער קרימינאל־פאליציי האט זיך גענומען צום בודק׳ן מיינע קעשענעס איין שיי־נעם אוונט, אין נאוועמבער (1878). דער בלויער „איקס“ איבער מיין שיר האט דעם קרימינאל־אינספעקטאר הירש (געוועזן, דאכט זיך, א גע׳שמד׳טער איד) געמאכט נייגיריק צו וויסן, וואס דאס איז פאר א מין שרייבעריי. מען האט דעם שיר אריבערגעשיקט צום ראבינער דר. באמבערגער, וועלכער האט נעבאך געמוזט אי־בערזעצן אויף דייטש מיינע טרייפע, סאציאליסטישע פערזן, בעת, לאמיך שוין אייך פאר איין גאנג דערציילן, דער רוסישער קאנסול האט געמוזט נעבאך איבערזעצן מיינע רוסישע בריוו — אויך, נאטירלאך, ניט אוועקגעשיקטע.

און כהיות אזוי מיר האלטן שוין ביים אויסזאגן רעדאקציע־געהיימענישן, וועל איך אייך דערציילן א פאר קלייניקייטן, פון וועלכע איינע האט מיך שיר־שיר ניט געמאכט אוים רעדאקטאר גאר אן ביסמארק׳ס הילף. אט הערט־זשע:

מיין פאפולאריטעט אין ראדקינסזאנ׳ס הויז איז פון אנהויב אן געוועזן גרויס און איז געוואקסן וואס א טאג אלץ גרעסער. א קלייניקייט, א מענטש, וואס פילט אוים א העלפט, אמאל דריי־פערטל פונם „אספפת־חכמים“, שרייבט דערביי, ווען נויטיק, אינם „הקול“, אמאל אפילו אינם „קול־לעם“ (ראדקינסזאנ׳ס אידישן

בלאַט) און טוט דאָס אַלץ לשם־שמים, גאָר אָן געלט, גאָר אָן געצאָלט, אַשטייגער עפּעס ווי איינער, וואָס אַרבעט פאַר עולם־הבא!

איך זאָג: „אין ראָדקינסזאָנ'ס הויז", ווייל איך האָב געהאַט אָן אויג ניט נאָר ביים רעדאַקטאָר'ס פאַמיליע, נאָר אויך ביים באַהעלפער זיינעם. ער, געדענק איך, מיט זיין זעלטן געוואַשענעם פּנים, מיט זיין אייביקן האַלב־פאַרשלאָפענעם בליק, פלעגט מיך אָנזען ווי אַ משוגע'נעם. אויף שונא־ציון געזאָגט געוואָרן, וואָס די רעדאַקציע האָט אים אַליין איינגעבראַכט. אַ באַהעלפער ביי אַ מלמד האָט אפשר דאָן פאַרדינט מער! אָבער גאָרניט... „חנם אין כּסף", וואו איז דאָס געהערט געוואָרן,

און אין דער צייט, ווען דער רעדאַקטאָר'ס רעכטע האַנט האָט מיך באַוואונדערט, די פאַמיליע האָט מיך געליבט, ער אַליין האָט פּשוט פון מיר געקליבן נחת, האָב איך איבערגעקערט די שיסל, דאָס הייסט נאָך אַ האָר.

איין אָוונט בין איך צום הערן ראָדקינסזאָן נעמלאַך געקומען מיט אַזאַ מין טענה:

— „הערט, — האָב איך געזאָגט, — מילא איך אַרבעט פאַר אייך אומזיסט... ווייס איך... האָב איך אפשר דערפון ווען ניט קיין עולם־הזה... נו, האָב אייך אַ גוט יאָר. אָבער איך שרייב בריוו צו מיטאַרבעטער אין רוסלאַנד, איז וואו איז דאָס דער יושר, אַז איך זאָל „פאַר אייך נאָך פּאָסטמאַרקן אויך קויפן?"

דאָס איז געווען אַזאַ אומנאַטירלאַכער לשון, אַז ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס.

— „עט, וואָס דרייט איר אַ מוח, — האָט ער זיך אָפּגערופן, — אָבער איר דערמאָנט מיך טאַקע, האָט איר אָוועקגעשיקט דעם בריוו צו יהלל'ן?"

— „ניין, — האָב איך, כמעט שרייענדיק, געענטפערט. — און איך שרייב מער קיין בריוו ניט, אויב איר זשאַלעוועט אַ פּאָסט־מאַרקע".

— „וואָס? — האָט ער זיך פאַנאַנדערגעשריען, ווערנדיק

אויפגעקאָכט פון גרימצאָרן — אָ, איר פאַרסקודנער סאָציאַל־דעמאָקראַט!"

עס האָט ניט פיל געפעלט, וואָלטן מיר זיך צעשלאָגן. צי פרוי ראַדקינסאָן, צי דער אַנטי־זייף־און־וואַסער־מענטש, אָבער עמיצער האָט אונז פאַנאַנדערגענומען.

דריי וואָכן האָבן מיר ניט גערעדט. מיין רעדאַקטאָרשאַפט איז געהאַנגען אין דער לופטן און האָט געקענט יעדן אויגנבליק קומען צו אַ סוף.

האָט דער אויבערשטער געטאָן אַ נס.

איין זונטאָג־פרימאָרגן, בעת איך האָב געקאָכט אויף אַ ספּיריטוס־מאַשינקע, ווי מיין שטייגער איז דעמאָלט געווען, קאַפע צום פרישטיק, כדי צו קענען דעם גאַנצן פרימאָרגן שרייבן, איז מיר דער פלאַם אריין אין פנים, איך בין געוואָרן „קראַנק" און דער הער ראַדקינסאָן, קומענדיק מיך מבקר־חולה זיין, איז מיט מיר ווידער גוט געוואָרן.

געהאַלטן האָט עס אַלזאָ דערביי, אַז איך זאָל מאַכן אַ חורבן פון מיין אייגענעם ליבסטן וועלטעלע.

אין קעניגסבערג האָט די אידישע קאָלאָניע אַרום יענער צייט שוין געוואוסט, אַז דאָס בין איך אי „בן־נץ", אי „יגלי־איש־הרוח". דעם סוד האָט מיין פריינט הער ראַדקינסאָן אויסגע־זאָגט דעם פורים פריער, בעת מיר זיינען — שיינע עטלאַכע יונ־גע און עלטערע מענטשן — געווען אין זיין הויז צו פייערן זיין געבורטס־טאָג און אסתר המלכה'ס דיפּלאָמאַטישן זיג צו גלייכער צייט. ער האָט זייער ווייניק געטרונקען אונטער געוויינטלאַכע אומשטענדן, דאָ אָבער איז ביי אים געוואָרן אַ דאָפּלטער יום־טום און ביים דריטן גלעזעלע וויין איז אַרויסגעקומען מיין גע־היימעניש.

שטאַרק, געדענק איך, האָב איך זיך געערגערט, אָבער, ווער ווייסט, אפשר איז אין דעם ערגער געווען אַבּיסעלע צופרידנקייט דערמיט, וואָס איך בין ענדלאַך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש... ווער פון אונז, זינדיקע מענטשן, האָט ניט אַזוי פיל גאוה אין זיך?

**אַן אָוונט מיט אלישע בן אבויה. —**
**דער יום־כפור'דיקער בריוו. — אלישע און ליליענבלום.**
**אַמאָל און היינט. — ליליענבלום און דער סאָציאַליזם. —**
**צוויי שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט.**

אין דעם זעקסטן העפט „אספת־חכמים" הויבט זיך אָן אין ערנסט ליליענבלומ'ס „משנת אלישע בן אבויה". געדרוקט איז דאָרטן דערווייל נאָר דער פריער־דערמאָנטער בריוו פון דעם תנא, אָבער אַזוי ווי דאָס איז דער איינציקער טייל, וועלכן מען וואָלט ווי־עס־איז קענען איבערזעצן, איז ער פאַר אונזער צוועק טאַקע דער וויכטיקסטער. דאָס איז דער גרונט, פאַרוואָס איך האָב אים איבערגעלאָזן פאַר דעם קאַפּיטל, אַנשטאָט צו רעדן וועגן אים בקיצור אין דעם פריערדיקן.

און, אָ! ווי וואָלט זיך מיר וועלן אייך איבערגעבן יעדעס וואָרט, יעדע זילבע, יעדן אות אין דעם קונציק איינפאַכן שטיקל שרייבעריי! נאָך מער. מיר וואָלט זיך וועלן אייך קענען שילדערן דעם אָוונט אין מיין צימער אין בראָדבענקען־גאַס (אין קעניגס־בערג), ווען איך, זיצנדיק איינער אַליין, ביי אַ לאָמפּ, מיט דעם מאַנוסקריפּט פאַר מיר, האָב גענומען אים מיט אַ קלאָרן קאָפּ נאָך אַמאָל לייענען.

דער הויפּט־רייץ איז, נאַטירלאַך, באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער גאַנצער עסק איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט מיסטעריען און סודות. דעם פּראָפעסער'ס נאָמען איז געווען פונקט אַזאַ סוד, ווי דעם רעדאַקטאָר'ס עקזיסטענץ: איך אַליין אַ מין יאַנוס מיט צוויי פּנים'ער, פון וועלכע איינער האָט אַריינ־געבליקט אין אַ גרויסער הערלאַכער צוקונפט פאַר דער מענטש־הייט, בעת דער אַנדערער פּנים האָט פאַר זיינע אויגן געהאַט דעם

גרויסן טעמפל פון גאָט מאַמאָן מיט דער בערזע אינעווייניק, מיט די פלאַקס- און תבואה־סוחרים אַרום דעם מזבח דאָרטן, — דעם מזבח, אויף וועלכן מען האָט טעגלאַך מקריב געווען קליין־קאַפּי־טאַליסטישע רינדערלאַך און קעלבלאַך אָן אַ שיעור...

סודות אַרום און אַרום! דער אַלטער דייטשישער איד מיט זיין פּלונית'טע, ביי וועלכע איך האָב געוואוינט און וועלכע זיי־נען בסך־הכל,ביידע צוזאַמען, געווים אַלט געווען אַרום 140 יאָר און האָבן אויסגעזען, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך ערשט אָקאָרשט נאָר פאַרנומען אויף אַ לעבן, פלעגן צוקן מיט די אַקסלען און זיך וואונדערן איבער די „אומגעהויערע קאָרעספּאָנדענצן" פון אַ יונגן „קאַנטאָר־אַנגעשטעלטן". קנאַפּ, דאַכט זיך, שרייבט זיך אַזעלכער אָן בריוו אין קאַנטאָר, דאַרף ער נאָך קומען אַהיים און זיך פון דאָס ניי זעצן שרייבן! און דאָס זיינען אפילו ניט געווען בלויז ליבע־בריוו, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ בחור אין זיינע יאָרן! אַ געליבטע, ווי גרויס איר ישוף זאָל ניט זיין, קען דאָך ניט שרייבן אויף אַמאָל פון פאַרשיידענע שטעט און מדינות, ווי דאָס באַווייזן די פּאָסט־מאַרקעס מיט די פּאָסט־שטעמפּלען, מיט די אומנאַטירלאַכע קאָנווערטן, מיט די נאָך אומנאַטירלאַכערע לשונות אין די אַדרעסן אויף זיי — אַלץ, וואָס איז ניט דייטש, איז פאַר זיי געווען אומנאַטירלאַך, נאַטירלאַך.

---

אלישע בן אבויה'ס בריוו פון יענער וועלט הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „יום־כפור תרל"ח" אַלס דאַטום.

אַ וואונדערבאַרער איינפאַל! דער תנא, וועלכער איז אַראָפּ־געגאַנגען פון גלייכן וועג און איז פאַרשטויסן געוואָרן פון די חברים זיינע, און האָט אויף אייביק פאַרלוירן אפילו זיין נאָמען, וואָס דערפאַר דערמאָנט מען אים נאָר אַלס „אחר" (דער אַנ־דערער) — אָט־דער מאַן דאַטירט זיין בריוו „יום־כפור תרל"ח"! ער שרייבט אום יום־כפור! דער איינפאַל קיצלט אייער אפּיקור־סיש יונג האַרץ. (31

אָבער איך וויים, אַז אין דעם בריוו גופא איז דאָ אַ גאַנץ איינפאַכע דערקלערונג דערויף. אָט איז וואָס איך לייען דערין:

„יום־כפּור תרל״ח.

פון מיר, אלישע בן אבויה, פון זיינע חברים מיט פּאַראַכטונג גערופן „אַנדערער״, צום אויפפּאַסער אויף זיין פּאָלקס טובה, פרידן צו אים.

„אַרום אַכצן הונדערט יאָר בין איך אַלט געוואָרן, איידער איך האָב די זכיה געהאַט, אַז עמיצער זאָל זיך באַשעפטיקן מיט דעם געזעץ, אַרום וועלכן איך האָב געאַרבעט מיין גאַנץ לעבן און צוליב וועלכן מיינע חברים זיינען פון מיר אָפּגעשטאַנען און האָבן געשענדעט מיין נאָמען אויף דורות און דורות. איצט ביסטו געקומען מיט דיין ספר. אים האָב איך געזען דאָ צוריק מיט עטלאַכע חדשים אין אונזער בית־מדרש אין הימל (בפּמליא של מעלה, ד. ה., ווערטערלאַך איבערגעזעצט: אין דער פאַמיליע פון אויבן, דעם אויבערשטנס פאַמיליע).

„דערפאַר האָב איך דיר פון אָנהויב אָן געוואָלט בייששטיין און דורך דיר דערקלערן מיין סיסטעם פאַר די, וואָס ווילן לערנען, כדי אַז זיי זאָלן אויסלייגן דעם געזעץ לויט ווי איך וויל האָבן. האָב אָבער דערפאַר ניט געהאַט קיין פרייע צייט ביז איצט, ביז יום־כפּור, ווייל איך בין רק פאַרנומען אין מיין אַרבעט אין מטטרונ׳ס אָפּטיילונג״.

מטטרון, דערקלערט ער גלייך, מטטרון, דעם אויבערשטנס „שר הפּנים״ (אַ מין אינערן־מיניסטער), איז דער מלאך, וועלכער זיצט פון אייביק אָן און שרייבט כסדר פאַרטיידיקונגען אויף די אידן קעגן זייערע שונאים און פאַרלוימדער.

איצט איז אַזוי:

אַמאָל בשעת די אידן זיינען געזעסן אויף זייער אייגן לאַנד, לעבנדיק פון לאַנד־ און האַנט־אַרבעט, האָבן זייערע שונאים אויף זיי פיל בייז ניט געקענט זאָגן, און אַ שעה אין טאָג איז געווען גאַנץ גענוג פאַר מטטרונ׳ען, כדי זיי צו פאַרטיידיקן. אָבער זינט אידן זיינען אַרוים אין גלות און זיינען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער פיל לענדער, זיינען זיי געצוואונגען געוואָרן דורך דער אונטערדריקונג פון פיינטלאַכע מלוכות זיך צו נעמען צום

האנדל, האָבן אָנגעהויבן צו פארכאַפּן הלוואות פון זייערע שונאים, זיך צו טאָן פאַלשע נדרים, זיך מתיר צו זיין א געפונענע זאַך, וואָס געהערט צו גוים, זיך צו דערלויבן אַזעלכע און אַנדערע זאַכן, מחמת זייערע אונטערדריקער האָבן זיך דאָס דערלויבט קעגן זיי. און ביסלאַכווייז האָבן זיי זיך איינגעוואוינט צו טאָן פון וואוילטאָג, וואָס זיי האָבן פריער געטאָן דורך נויט. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז זייערע אָנגרייפער האָבן קעגן זיי גע־האַט אַלץ מער, אַלץ שטאַרקערע טענות און תביעות, און מטטרון, וועלכער איז דאָך סוף־כל־סוף ניט מער ווי א מלאך, האָט שוין ניט מער געוואוסט וואָס צו ענטפערן און האָט איינער אַליין שוין מער ניט געקענט פאַרטיידיקן די אידן.

„קוים האָט פמליא של מעלה דאָס געזען, האָט זי מיך אָנ־געשטעלט אויסצוהעלפן מטטרונ׳ען אין זיין ארבעט, זיך ווענדנ־דיק צו מיר, מחמת איך פאַרשטיי גריכיש און האָב אין מיין לעבן פיל אריינגעקוקט אין השכלה־ביכער, אָבער מער ווי אַלץ דערפאַר, וואָס איך האָב שטענדיק געטאָן אַלץ, וואָס איך האָב געקענט, צו לערנען אידן א האַנטווערק."

„פון יענעם טאָג אָן, שרייבט אלישע בן אבויה ווייטער, בין איך שטענדיק פאַרטאָן, שרייבנדיק פאַר אידן זכיות און האָב ניט געהאַט קיין צייט דיר (דעם רעדאַקטאָר) צו זאָגן אין א בריוו, וואָס איך זאָג דיר איצט. היינט קען איך דאָס טאָן צוליב דעם, וואָס היינט, יום־כפּור, זיינען אידן אויסגעטאָן פון מסחר, זיי פאַסטן, ד. ה. זיי קאָרמענען זיך ניט מיט פרעמדער פּראַצע, און אַזוי ווי דער שטן האָט גאָרניט וואָס צו זאָגן קעגן זיי, האָב איך ניט נויטיק זיי צו פאַרטיידיקן. היינט, אַלזאָ, בין איך פריי און קען דיר שרייבן."

---

געענדיקט איז דער בריוו פון אלישע בן אבויה (אַלס איינ־לייטונג פון זיין „משנה") אין דעם נאָענטסטן, דעם זיבעטן

העפט. דאָס, וואָס איך האָב דאָ ציטירט, איבערזועצנדיק שטיק־לאַכוויַיז און דאָס אויך זייער „פריי“, איז דער ווייניקער וויכטי־קער טייל. איך האָב נאָר געוואָלט ווייזן די קונציקייט פון ליליענ־בלום'ס מעטאָדע. פאַר מיר איז אָבער יענעם אָוונט געווען דער גאַנצער בריוו — די „משנה“ איז אָנגעקומען שפּעטער — און לייענענדיק אין דעם צווייטן טייל אלישע בן אבויה'ס קריטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַזוי געשריבן, אַז זי קומט פאָר גאַנץ נאַטירלאַך פאַר אַ אידישן תנא פון דער צייט פון דעם חורבן בית שני און פּאַסט פונדעסטוועגן פאַר אונזערע צייטן אויך, — דאָס לייענענדיק יענעם אָוונט, פיל איך זיך גליקלאַך, פיל איך זיך כמעט אין דעם זעלביקן גן-עדן, וואו עס זיצט אלישע בן אבויה אַליין. און מיר דוכט זיך אָפּ, אַז איך זע אים אין זיין גאַנצער הערלאַכקייט, — אים, דעם גרויסן מאַן, איצט לויטער נשמה, ווי ער פאַרטיידיקט און פאַרענטפערט די אידן קעגן דוביאל דעם „שר של פרס“, אָדער קעגן דעם „שר של אדום“, קעגן אַלע צוררי־היהודים, ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס זיי האָבן פאַרצייטן, בשעת ער איז געווען אַ בשר־ודם, אַן איינ־וואוינער פון דער פּלאַנעט, וואָס מען רופט ערד, אים געהאַסט און פאַרפאָלגט; וואָס זיי האָבן ניט נאָר אים ניט פאַרטיידיקט קעגן זיינע שונאים, נאָר האָבן מיטגעשאָלטן, וואו זיינע חברים האָבן אים געשאָלטן, און זיינען געווען גרייט צו ענטפערן אָמן אויף יעדן פּסוק פון אַ לאַנגער שרעקלאַכער תוכחה.

און מיר דאַכט זיך, אַז איך זע אים אין מטטרונ'ס קאַנצע־לאַריע, אויסאַרבעטנדיק מיט פיל מי און מיט אַ שאַרפן מוח אַלערליי שכל'דיקע תרוצים אויף די פיינטלאַכע טענות; מיר דוכט, איך זע אויף דעם פּנים פון אלישע גליק און צופרידנהייט, בעת ער גלעט די הענט, וועלכע האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שמוץ. מיר דוכט, איך הער אים, זאָגנדיק אָן ווערטער: „וואונדערבאַר, כּילעבן! נעכטן בר־כוזבא—היינט בר־כוכבא! נעכטן אין רינ־שטאָק—היינט ביים כסא־הכבוד, נעכטן אונטער דעם פאָלקס פוס—היינט רעכטע האַנט פונם גאָט פון אידישן פאָלק!“

און איצט, *) כמעט דריי צענדליק יאָר שפּעטער, פונדאָסניי דורכלעבנדיק יענעם גליקלאכן אָוונט אין בראדבענקענגאס, גייען די דאָזיקע אַלע געדאַנקען פון דאָס ניי דורך מיין קאָפּ, דורך מיין גרוי־געוואָרענעם קאָפּ; פאַר מיינע אויגן שטייט היינט אַ גרוי



משה לייב ליליענבלום

און אַלט־געוואָרענער ליליענבלום, אַ דריי־פיר און זעכציק־יאָריקער מאַן, אויך היינטיקער אידישער בר־כוכבא, וועלכן איך געדענק אַלס אַ אידישן (ווילקאָמירער) בר־כוזבא. און ער, וועלכן זיין פאָלק האָט ענטוועדער פאַרפאָלגט אָדער איבערגעלאָזן צום הונ־גער, צו דער נויט, זיצט היינט, ווי אלישע, און שרייבט „זכיותיהן של ישראל״, שרייבט צו פאַרטיידיקן די זעלביקע אידעלאַך, באַ־קעמפן מיט זיין פעדער זייערע שונאים און צוררים.

*) די ווערטער זיינען געשריבן אין יאָר 1907.

עס וואָלט פּיליכט געווען ניט מער ווי רעכט אַ דריי צו טאָן דאָס הענטל פון מיין פּאַנאָראַמע־קעסטל און אַרויפצובריינגען אַן אַנדער בילד. איך פאַרשטיי, אַז דעם לעזער'ס אויגן זיינען פּיליכט שוין מיד, קוקנדיק אויף דעם איין־איינציקן בילד אַזאַ לאַנגע צייט, איבערהויפּט אַזוי ווי ער איז אַ האָרעלע מבולבל, ווייל אין אים זיינען דאָ צוויי בילדער אינאיינעם, וועלכע איך מוז ווייזן ביידע אויף אַמאָל.

געוויס. איך פאַרשטיי דאָס. שוין צייט צו האָבן אַזוי פּיל שכל, אָבער דאָ בעט זיך אַביסעלע עקסטראַ־געדולד פון די לעזער, ווייל דער קעגנשטאַנד איז אַ מער ווי געוויינלאַך וויכטיקער.

מער ווי דאָס. די גערעכטיקייט אַליין פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן זיך ביי ליליענבלום'ען אַ ווייליניקע לענגער אויפהאַלטן און אָט פאַר וואָס:

אין נאַציאָנאַליסטישע קרייזן אין רוסלאַנד שיינט ליליענבלום היינט צו שטיין אויף דעם רב'ס שטאָט, אויבנאָן, אין מזרח־וואַנט. וואָס פאַר חלוקי־דעות די דאָזיקע קרייזן זאָלן ניט האָבן צווישן זיך, ווי ווייט זיי זאָלן ניט שטיין איינער פון דעם אַנדערן אין דעם פּרט פון פּאָליטישער געזינונג אָדער אין נאַציאָנאַליסטיש-טאַקטישע פראַגן, — בקיצור, וואָס פאַר „איסטן" זיי זאָלן ניט זיין אַלס אידישע נאַציאָנאַליסטן, האָבן זיי אַלע גלייך רעספּעקט פאַר משה לייב ליליענבלום'ען, וועלכן אַנדערע פון זיי (און ניט דוקא די פרומערע) רופן ר' משה לייב, האַלטן זיי אים אַלע פאַר אַ נאַציאָנאַליסט און ווייטער גאָרניט.

אין סאָציאַליסטישע קרייזן, דאַגעגן, איז דער מאַן ענטוועדער גאָרניט באַקאַנט, אָדער, וואו מען ווייסט עטוואָס פון זיין פאַרגאַנגענהייט, ווערט ער געהאַלטן פאַר אַן אָפּטריניקן, פאַר אַ סאָציאַליסט, וועלכער איז געוואָרן אַ כופר־בעיקר, פאַר אַ תלמיד פון קאַרל מאַרקס, וואָס איז אַרויס לתרבות־רעה.

דאָס איז אָבער ניט אמת. דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם פאַר־

שטייט ער פיליכט היינט, ער האָט אים זיכער ניט קלאָר פאַר־שטאַנען ארום דער ענד פון די זיבעציקער יאָרן.[32]

אָבער ווי די מעשה זאָל ניט זיין היינטיקן טאָג, זיכער איז, אַז אפילו דאַן, ווען ער האָט געשריבן זיין „משנה“, איז ער געוועזן מער איד ווי סאָציאַליסט, אין דעם „הקול“ האָט זיך גע־דרוקט זיינער אַ לאַנגער ארטיקל (פתח־תקוה), אין וועלכן ער האָט פאַרלאַנגט רעפאָרמען אין אידישקייט אין דער זעלביקער צייט, ווען איך האָב זיך געלאַבט מיט זיין „משנת אלישע בן אבויה“, לאָזנדיק זי זעצן פאַר דעם „אספפת־חכמים“.

איך געדענק ניט, צי איך האָב דאָס שוין דערציילט, אָדער ניט. אָבער דער פאַקט איז, אַז אין דעם יאָר 1884, בשעת איך האָב זיך גענומען צו דער רעדאַקציע פון דעם „פוי־לישן אידל“ אין לאָנדאָן און האָב ליליענבלום'ען איינגעלאַדן מיט־צוארבעטן, האָט ער מיר געשריבן, אַז אים אינטע־רעסירט מער קיין זאַך ניט חוץ ישוב ארץ ישראל.

און ער איז געבליבן קאָנסעקווענט ביז היינטיקן טאָג.

---

די „קעניגסבערגער פרייע פּרעסע“, אונזער אָרטיקער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי־אָרגאַן, איז ניט נאָר ניט געווען אַ טעגלאַ־כע צייטונג, ווי די היינטיקע קעניגסבערגער „פאָלקס־שטימע“, נאָר אפילו ניט אינגאַנצן אַ קעניגסבערגער צייטונג. דריי פערטל פון איר זיינען נעמלאַך געקומען פון ברעסלוי. די מעשה איז גע־ווען אַזוי:

אין ברעסלוי, שלעזיע, האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ טעגלאַ־כע צייטונג, די „ווארהייט“, וועלכע האָט געהאַט אַ וועכנטלאַכע אויסגאַבע. פון אָט־דער וועכנטלאַכער צייטונג פלעגן מיר אין קעניגסבערג קריגן דעם זאַץ פון די דריי זייטן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַלגעמיין סאָציאַליסטישן אינהאַלט, און דערצו פלעגט די קעניגסבערגער „רעדאַקציע“ צושרייבן דעם אָרטיקן טייל.

אגב־אורחא לאָמיך דאָ זאָגן, אַז אַזוי ווי מיר איז באַקאַנט, האָט זיך די ברעסלויער „ווארהייט“ געהאַלטן אויף די ברייטע,

רייכע אָפּסלען פון אַ אידישן יונגן סאָציאַליסט מיטן נאָמען שלע־זינגער, וועלכער האָט געֿירשנ׳ט אַ רייכן פֿאָטער און האָט דאָס געלט געבראַכט אַ קרבן־מנחה אויף דעם מזבח פון סאָציאַליזם.

עס וואָלט זיך געוואָלט דאָ אַ ווײַלינקע אָפּשטעלן אויף די אי־דיש־קאַפּיטאַליסטישע „איבערלויפער" צום סאָציאַליזם, ווײַל שלעזינגער איז ניט געווען דער איינציקער, אָבער עס וועט נאָך דערצו זיין אַ געלעגנהייט אַביסל שפּעטער. איצט מוז איך גיין ווייטער.

ביי דער קעניגסבערגער „פרייע פּרעסע" זיינען אין דער צייט פון יוני 1877 ביז אָקטאָבער 1878 געווען איינער נאָך דעם אַנדערן צוויי רעדאַקטאָרן. צוליב זיי איז דאָס דאָ פאַרפירט גע־וואָרן דער גאַנצער געשפּרעך.

און וועגן ביידע לוינט צו רעדן. וועגן ביידע וואָלט איך האָבן פיל צו זאָגן, הגם אין מיין געדעכטעניש איז געבליבן פון זיי זייער ווייניק; פון איינעם אפילו ניט דער נאָמען. וויכטיק איז אָבער פאַר אונז נאָר דער איינדרוק, וועלכן זיי האָבן אויף מיר געמאַכט צו יענער צייט, און ווען מיר זאָל זיך איינגעבן אַרויסצובריינגען מיט דער פעדער אויפן פּאַפּיר ניט מער ווי דעם דאָזיקן איינדרוק, וועט דער צוועק זיין דערגרייכט, ווייל דער לעזער וועט האָבן געקראָגן אַ באַגריף פון יענע אינטערעסאַנטע צייטן און פון די „דראַמאַטישע פּערזאָנען" אין דעם ערשטן אַקט פון דער גרויסער סאָציאַלער דראַמע, וועלכע איז פאַרקערפּערט אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

אַלזאָ:

דער ערשטער פון יענע ביידע מענער האָט געהייסן יוסט. ער איז געווען אַ הויכער שלאַנקער מאַן מיט אַ קרענקלאַכן בלייכן פּנים — מיט אַ פּאָר אויגן, אין וועלכע ס׳האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ליידן און יסורים, מאַטעריעלע און קערפּערלאַכע, היינטיקע און אַמאָליקע, קלענערע און גרעסערע.

ער האָט זייער ווייניק גערעדט, דאָס הייסט מיטן מויל; מיט די אויגן, מיט דעם קרענקלאַכן שמייכל, אַמאָל מיט אַ בייזן, אַן

אנדער מאָל מיט אַ ליבעפולן בליק, האָט ער אָפט און פיל גע־רעדט.

דער אַנדערער, וועלכער איז געקומען נאָך אים, איז דער בעל־דבר, וואָס איך האָב לאַנג שוין פארגעסן זיין נאָמען. ער איז גע־בליבן אין שטאָט און ביי דער צייטונג ביז ענדע אָקטאָבער, ווען דער געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן האָט געמאַכט אַ סוף פון דער „פרייער פרעסע", — פון דער קעניגסבערגער און יעדער אַנדערער אין גאַנץ דייטשלאַנד.

פון דעם מאַן געדענק איך נאָר, אַז ער האָט געהאַט די גאָל־זוכט קלאָר און דייטלאַך אויף זיין פּנים.

ער איז געווען אַ שלעזישער וועבער פון דערהיים — אויב איך האָב ניט קיין טעות. ער איז געווען אַ יונגער מאַן נעענטער צו 20 ווי צו 30. אַ זון פון אַ שלעזישער וועבער־פאַמיליע, ד. ה. אַ קינד פון שטענדיקן הונגער און כראָנישער נויט, אַ קינד פון יענע וועבער, וועלכע גערהאַרד הויפּטמאַן האָט פאַר אונז געשיל־דערט אין זיין דראַמע „די וועבער" און וואָס זייערע ליידן האָבן זיכער פיל געהאַט צו טאָן מיט דער אַנטוויקלונג פון פערדינאַנד לאַסאַל, וועלכער האָט זיך אַרום זיי געהאָדעוועט.

באַטראַכטנדיק אי אים, אי יוסטן, האָב איך דעמאָלט אָפט געפילט, אויב ניט פארשטאַנען, דעם גוואַלדיקן ריזן־וואוקס פון דער יונגער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אָט אַזוי, הייסט עס, זעען אויס די היינטיקע קינדער פון דעם אָרימען פאָלק! דער הונגער האָט זיי ניט געבראָכן און דער דלות האָט זיי ניט געבויגן. אפילו דער טויט, וועלכער איז אויפגעמאָלט אויף זייערע פּנים'ער, וועלכער קען זיי יעדן טאָג דערשטיקן אין זיין אומאַרמונג, — אפילו ער מאַכט זיי ניט פארצווייפלט. פאַר־קערט, ער מאַכט, אַז זיי זאָלן בעסער אויסנוצן זייער לעבן, וואָס ווייניקער זיי בלייבט דערפון איבער; אַז זיי זאָלן אַלץ מוטיקער קעמפן קעגן דעם אַרבעטער'ס פּריצייטיקן טויט, וואָס נעענטער דער טויט קומט צו זיי.

און אויב, — פלעג איך אָפט טראַכטן, — די קראַנקע פּראָ־

לעטאַריער קענען אַזוי קעמפן פאַר זייער אידעאַל, וואָס דאַרפן שוין אָפּטאָן די געזונטע, די לעבנספּייאיקע, ווען זיי פאַרשטייען נאָר זייער מאַכט!

און אויפן האַרצן פלעגט ווערן אַזוי לייכט, אַזוי פריי, אַזוי זיס...



**ד ע ר  צ ו ו י ל י נ ג** אינם „הקול". — ויתרוצצו אין דער וועלט־געשיכטע. — דער עלפטער מאַי און דער צווייטער יוני. — טעראָר פון אויבן. — דער „הקול" צווישן צוויי פייערן. — איך קום צו הילף, אָבער... — דער צופאַל ברענגט אַרויס מיין יוגנטלאַכן „מאַגנום אָפּוס". — אַ נאַכט ביים טעלעגראַף.

אין דעם „הקול" האָט זיך דעם זומער פון יענעם יאָר (1878) אָפּגעשפּילט קרילאָוו'ס „דער שוואַן, דער העכט און דער ראַק" אויף דעם קאָמישסטן אופן אין דער וועלט. רבנים און רעפאָרמער, לצנים און קריטיקער, רעאַקציאָנערן און סאָציאַליסטן האָבן איי־נער נאָך דעם אַנדערן, אַמאָל איינער קעגן דעם אַנדערן גע'דרשנ'ט פון דעם „הקול'ס" טריבונע, בעת דער רעדאַקטאָר פלעגט אַלע ווײַלע דעם צובאַמקען אַ פרומען „אמן", יענעם אַ רעפאָרמירטן, פאַרלאַמענטאַרישן „הערט, הערט!"; פלעגט אַמאָל אַפּלאָדירן אַ רב, בשעת מעשה זיך טוענדיק אַ קרום אָן אַ זייט צו געפעלן דעם סאָציאַליסט, אָדער דעם זעלביקן „רויטן" מיט איין האַלב־מויל לויבן, מיטן אַנדערן זידלען.

„ויתרוצצו הבנים בקרבה" (און די קינדער האָבן זיך באַ איר אינעווייניק געשטויסן), וועלכעס איז געזאָגט געוואָרן אויף רבקה'ס צווילינג, האָט מען געקענט זאָגן אויף די שרייבער אין ראָדקינסזאָנ'ס צייטונג. דער נייער און דער אַלטער דור, די רע־אַקציע און די רעוואָלוציע, דער נאָך ניט אינגאַנצן פאַרגעסענער אייערנעכטן און דער נאָך ניט קלאָר באַגריפענער איבערמאָרגן האָבן זיך נאָכאַנאַנד אָנגעשטויסן איינער אָן דעם אַנדערן. עס איז געווען אַ לעבן ווי אויף אַ יאַריד!

„אור" האָט דאָן געשריבן זיין קריטיק אויף יהל"ל'ס „כשרון

המעשה“, אַ גרויסע סאָציאַלע, שטאַרק סאָציאַליסטיש אָנגעהויכ־טע פּאָעמע. דער אַרטיקל (אין עטלאַכע פּאַרטזעצונגען), וועלכער איז זיכער געווען דאָס בעסטע פון או״ר׳ס פעדער אין העברעאיש, האָט זיך גערופן „המעשה וכשרונה“ אָנשטאָט „וכשרונו“ (מיט אַ „וואָוו“) — אַ פעלער, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער רעדאַקציע פון דעם בלאַט. זי און די העברעאישע גראַמאַ־טיק זיינען שטענדיק געווען גוטע פריינט פון וויטן.

דער זעלבער „אור“ האָט פּאָלעמיזירט מיט ליליענבלום׳ען, קעגן זיין אַרטיקל „פּתח־תקוה“, און ליליענבלום האָט זיך געהאַט צו ווערן סיי פון לינקס קעגן או״ר׳ן, סיי פון רעכטס קעגן איך געדיינק שוין ניט וועלכן רב. אין דער זעלביקער צייט האָט משה כאַשקעס זיך געוויצלט גלאַט אין דער וועלט אריין, זיך מאַטערנ־דיק אויסצוזען ווי אַ העברעאישער זאַפיר; דר. יצחק קאַמינער האָט געזונגען זיינע פיוטים און גע׳דרשנ׳ט זיינע „בריתות דרבי יצחק“; אַלערליי שרייבער און שרייבערלאַך האָבן זיך געלאָזט הערן אין מליצה׳דיקער פּראָזע און אין פּראָזאאישע פערזן; צום קאַמף מיט דעם רעאַקציאָנערן ליבעראַל פּרץ סמאָלענסקין איז דער שרייבער אַרויסגעטראָטן אַלס „יגלי איש הרוח“, בעת דער רע־דאַקטאָר האָט, ווי געזאָגט, געטאָן זיין בעסטעס צו „יאָגן מיט די יאַגד־הינט און צו לויפן מיט די האָזן“ — ווי די ענגלענדער זאָגן.

דער לעזער פאַרשטייט, אַז דאָ האָב איך ניט אין אויג סתם דעם פאַקט, וואָס הער ראָדקינסזאָנס סטאַדע איז באַשטאַנען פון אַלערליי שעפּסעלאַך: „עקודים, נקודים וברודים“. דאָס איז כמעט אומעטום דער פאַל און קען גאָר אַנדערש ניט זיין, וואָס פאַר אַ ליטעראַרישער פּאַסטוך עס זאָל ניט הערשן איבער דער לאָנקע. דאָ אונטערשטרייך איך הויפּטזאַכלאַך יענעם דאָפּלטן גייסט, וועלכער האָט געהערשט אין דעם „הקול“ און אויף וועלכן איך האָב שוין אויפמערקזאַם געמאַכט. זיין טראַגי־קאָמישער כאַראַק־טער האָט זיך, ווי מיר וועלן באַלד זען, אַרויסגעוויזן אין זיין פולן גלאַנץ דעם 11טן מאַי.

---

דעם 11טן מאי פון יענעם יאָר אום האַלב פיר אזייגער, נאָך האַלבן טאָג, האָט אַ בלעכער־ארבעטער, מאַקס העדעל־לעמאַן, פּרובירט דערשיסן דעם דייטשן קייזער אונטער די לינדן אין בערלין.

ווילהעלם דער ערשטער, דעמאָלט שוין איבער 80 יאָר אַלט, — ער איז געבוירן געוואָרן אין דעם אַכצענטן יאָרהונדערט און האָט, לויט זיינע רעאַקציאָנערע אידייען נאָך, געמעגט זיין געבוירן אין דעם אַכטן יאָרהונדערט, — דער דאָזיקער אַלטער מאַן איז געוועזן ניט מער און ניט ווייניקער ווי ביסמאַרק'ס מאַסקע. מיט דרייסיק יאָר פריער, אין דער רעוואָלוציע פון 1848, וואָלט ער אפשר פאַרדינט דעם טויט פון אַ רעבעלישער האַנט. אַלס קראָנפּרינץ פון פּרייסן האָט ער, קאָמאַנדירנדיק די חייל, געגעבן דעם באַפעל נידערצושיסן דאָס פאָלק. די רעוואָלוציע האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון אים, און פּרינץ ווילהעלם, אונטער דעם נאָמען לעמאַן, האָט געמאַכט אַ ויברח.

דאָס איז געוועזן אין 1848. איצט, מיט 30 יאָר שפּעטער, האָט ער געהייסן דייטשישער קייזער און קעניג פון פּרייסן, אָבער דער אמת'ער באַלעבאָס, דער אמת'ער גרענדע־פירער איז געוועזן ביסמאַרק, זיין רייכסקאַנצלער. די ביסמאַרק־פּאַרערונג איז געוועזן אזוי גרויס ביי די רעגירנדע, הערשנדע קלאַסן אין דייטשלאַנד, אז נאָך זייערע אייגענע רייד נאָך איז ביסמאַרק געוועזן אַלץ און דער קייזער גאָרניט. די קעגנער, ווידער, פון דער רעגירונג האָבן אויך אָנגעגריפן נאָכאַנאַנד ביסמאַרק'ן אַליין. אין קיין לאַנד האָט אין אונזער צייט אַ מאָנאַרך ניט אויסגעזען אזוי לעכערלאַך־אומבאַדייטנד, ווי דעמאָלט אין דייטשלאַנד, אפילו ניט אין ענגלאַנד, מחמת דאָרטן איז דער קעניג אָדער די קעניגין אַ פּערזאָן, וועלכע האַלט זיך אַליין ניט און קיינער האַלט ניט פאַר אַ פאַראַנטוואָרטלאַכן הערשער איבער דער מדינה, בעת אין דייטשלאַנד האָט דער קייזער יאָ אַ דעה און שפּילט יאָ אַ ראָלע, ווען נעבן אים שטייט ניט אַ פּיל, פּיל מעכטיקערער מאַן אַלס מיניסטער. שטעלט זיך פאָר אַ בחור אַן עלוי, וועלכער איז אַ באַהעלפער ביי אַ מקרא־דרדקי מלמד אַן עם־הארץ.

ווער און וואָס העדעל־עמאַן איז געווען, ווייסט מען אויף קלאָר נאָך היינטיקן טאָג ניט. אָבער זיכער איז, אַז זיין שאָס האָט קיין שום פּאָליטישן זין ניט געהאַט. דערקלערלאַך וואָלט ער געווען, ווען ער וואָלט געווען געצילט אויף ביסמאַרקן, אָדער אפילו אויף דעם פּראָקוראָר טעסענדאָרף, וועלכער האָט געבושעװעט אין דעם אָנהויב פון 1874 קעגן די סאָציאַליסטן און האָט אַריינגעבראַכט אין די דריי־פיר יאָר ביז דריי טויזנט מענטשן אין טורמעס. אַזוי אָבער איז דער אַטענטאַט געווען נוצלאָז און אומזיניק.

„אויסנאַם־געזעץ קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!" האָט ביסמאַרק טעלעגראַפירט פון זיין היים אין פרידריכסרוע קיין בערלין, ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט געהאַלטן אין איין שרייען, אַז העדעל איז ניט און איז קיינמאָל ניט געווען קיין סאָציאַליסט.

אַן אויסנאַם־געזעץ איז גלייך אַריינגעבראַכט געוואָרן אינם רייכסטאַג, אָבער ער איז דורכגעפאַלן מיט 243 שטימען קעגן 60 דעם 24טן מאַי.

אַכט טעג שפּעטער, זונטיק דעם 2טן יוני, האָט אַן אַנדערער, אַ געוויסער דר. נאָבילינג, געשאָסן אויף דעם קייזער—מיט שראָט — אויך אונטער די לינדן, און האָט דעם אַלטן פאַרוואונדעט, הגם ניט געפערלאַך. זיך אַליין האָט ער מער שאָדן געטאָן מיט אַ שאָס און איז דערפון געשטאָרבן, ניט אויסזאָגנדיק, וואָס אים האָט געטריבן צו דער טאַט.

איצט האָט שוין ביסמאַרק פאַנאַנדערגעטריבן דעם רייכסטאַג און האָט אויסגעשריבן נייע וואַלן, האָפנדיק אַזוי אויסצונוצן די רעאַקציאָנערע שטימונג אין דער מדינה, אַז די מאַיאָריטעט אין דעם נייעם רייכסטאַג זאָל זיין אַ ביסמאַרקאַנישע. דאָס איז אים אויך ביז צו אַ געוויסן גראַד געלונגען, און דעם 30טן יולי איז דערוויילט געוואָרן אַ רעאַקציאָנערער רייכסטאַג, ד. ה. נאָך רעאַקציאָנערער ווי יענער, מחמת יענעם האָט חלילה אויך גאָרניט געפעלט, און נאָך דעם צווייטן אַטענטאַט וואָלט ביסמאַרק מיט

דעם אלטן רייכסטאג אויך געקענט אלץ אויספירן.

אין לאנד האט געהערשט א ווילדע העצע. די, וואס האבן איבערגעלעבט די גרויסע בהלה אין רוסלאנד נאך סאלאוויאוו'ס אטענטאט אויף אלעקסאנדער דעם צווייטן, וועלן פארשטיין, וואס עס האט זיך דאן געמוזט אפטאן אין דייטשלאנד. פאר „מאיעסטעט-באליידיקונג" אליין האבן אין צוויי חדשים צייט 251 מענטשן צוזאמען געקראגן 812 יאר טורמע!

---

אונטער אזעלכע אומשטענדן דארף דער לעזער זיך פרובירן פארשטעלן, ווי אזוי א צייטונג ווי דער „הקול" האט געקענט רע־דאקטירט ווערן.

ראדקינסזאן האט ניט באדארפט זיין קיין פחדן, כדי אין א צייט פון טערא, ווי יענע עטלאכע זומער־חדשים, דערשראקן צו ווערן פאר דער רעגירונג. פון דער אנדערער זייט אבער האט דער „הקול", שוין גארניט רעדנדיק וועגן דעם „אספת־חכמים", געצויגן זיין חיות, געקראגן א נאמען און ענטוזיאסטישע פריינט אין רוסלאנד נאר צוליב דער „לינקייט" זיינער. עס איז געווען „אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי". מען האט ניט געקענט איינרייסן מיט קאמינער, או"ר, בן־נץ און די אנדערע (אין רוסלאנד), און דא איבערן האלז איז געהאנגען דער דאמאקלעס־שווערד פון דער קעניגלאך־קייזערלאכער רעגירונג.

דער הויפט־שפאס אין נאך באשטאנען אין דעם, וואס די אויפגערעגטע לאגע אין דער מדינה, וועלכע האט באשעפטיקט די גאנצע וועלט־פרעסע, האט דעם רעדאקטאר פונם „הקול" געמאכט אבסאלוט אפהענגיק פון מיר, ווייל איך בין געווען דער איינציקער ביי דער האנט און ער אליין איז אין דער אינערלאכער דייטשער פאליטיק געווען בלינד, טויב און שטום. אויב מען וועט דאס ניט האלטן פאר בארימעריי, וועל איך זאגן, אז דער הער ראדקינס־זאן האט פאר מיר מער מורא געהאט, ווי פאר ביסמארק'ן.

איז וואס־זשע טוט מען?

מען האט גענומען שרייבן אטענטאט־נייעס אויף אזא אופן,

אַז טרייאונטערטעניקער האָט דאָס אַ קאָמערדינער פון לודוויג דעם פערצענטן שוין ניט געקענט מאַכן. איצט אָבער האָט די גאַנצע בורזשואזיע געהאַלטן אין איין שרייען, אַז הערדעל און גאָבילינג זיינען ביידע געוועזן סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אונזער רע־דאַקטאָר האָט דערפאַר מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט ניט צו־שטימען, וועט דאָס גופא ווערן אַ באַווייז, אַז ער איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט... האָט מען אַלזאָ געמוזט אַרויסגיין קעגן די סאָציאַ־ליסטן, און דאָ איז מען אָן זיי — כאָטש מאַך צו דאָס קרעמל.

מען האָט זיך געוואָרפן אַהין און אַהער, ביז מען האָט ענד־לאַך זיך געגעבן אַן עצה און מען האָט אַזוי געטאָן:

מען האָט אויסגעפונען, אַז עס זיינען דאָ צוויי סאָרטן סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן: גוטע און שלעכטע. און די אַטענטאַטער זיי־נען געווען—נו, וואָס פאַרשטייט מען דאָ ניט?—די שלעכטע.

און דערווייל איז דעם 5טן יוני פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן דער רייכסטאַג. אין זיבן וואָכן אַרום האָבן געדאַרפט זיין די נייע וואַלן. אַלע צייטונגען האָבן גע'דרשנ'ט בערג מיט דרשות וועגן ביסמאַרק'ס קאַמף קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועגן די אויס־זיכטן פון ביידע צדדים ביי דעם קומענדיקן וואַל־קאַמף א. א. וו. און דאָ האָט דאָס שוואַרץ־יאָר געריסן די דייטשישע פּאָליטיק אָנצופּרוכפּערן אַ טוץ פּאַרטייען, אויב ניט מער! חוץ די גרויסע פּאָליטישע זיינען געווען נאַציאָנאַלע פּאַרטייען (עלזאַסער, פּאָ־ליאַקן, האַנאָווערינאַנער), בעת די פּאָליטישע זיינען באַשטאַנען פון אַלערליי מינים, צווישן זיי צוויי קאָנסערוואַטיווע, דריי לי־בעראַלע (נאַציאָנאַל־ליבעראַלע, פּאָרטשריטלאַכע, דעמאָקראַטן), די גרויסע קאַטוילישע (צענטער) פּאַרטיי און די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן.

געוואוסט האָבן אַלע, אַז קעגן אַן אויסנאַם־געזעץ, וועלכעס זאָל פאַרבאָטן אַלע נאַציאָנאַליסטישע, שריפטלאַכע און מינדלאַכע, פּראָפּאַגאַנדע, וועלן זיין די קאַטוילישע, די דעמאָקראַטן, די פּאָרט־שריטלער (ראַדיקאַלע ליבעראַלן) און פיליכט דער לינקער פליגל פון די נאַציאָנאַל־ליבעראַלן. די פאַרשיידענע מינים לינק־ליבעראַ־

לע — האָט מען געוואוסט — וועלן זיין קעגן דער רעגירונג, מורא האָבנדיק, אַז דער חלק פאַר די רינדער זאָל ניט באַנוצט ווערן פאַר די באַראָנעס, בעת די קאַטויליקן (צענטער־פאַרטיי) זיינען אַליין געווען אונטער ביסמאַרק׳ס אויסנאַם־געזעץ פון דעם יאָר 1873, און זיי זיינען דאָך געווען אַ שטענדיקע אָפּאָזיציע קעגן דער רעגירונג.

עס איז אַלזאָ געווען אין דעם העכסטן גראַד אינטערעסאַנט צו זען, ווי דער וואַל-קאַמף וועט זיך ענדיקן. די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, ווי דער פּסוק זאָגט, זיינען אויף דייטשלאַנד. און דאָ שטייט דער „הקול“ ווי אַ צעטומלטער אין דעם גאַנצן גערודער און ווייסט ניט, וואָס צו זאָגן.

דער „הקול“ איז יענעם יאָר דערשינען צוויי מאָל אַ וואָך. מען האָט אַלזאָ געדאַרפט צוויי לייט־אַרטיקלען, און דאָ ווייסט דער רעדאַקטאָר ניט „בין ארור המן לברוך מרדכי“ אין דעם לאַנגן רייסטער פון פאַרטייען.

ויהי היום, דאָס האָט געמוזט זיין אַ וואָך נאָך דער אויפ־לייזונג פונם רייכסטאַג, קריג איך אַ בריוועלע מיט אַ שליח מיוחד פון הער ראַדקינסאָן, איך זאָל אים טאָן די טובה און אויפשרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר די נעמען און די באַדייטונג פון די פאַרשיידענע פאַרטייען. איך האָב אים דערויף געלאָזט זאָגן, אַז איך וועל ביי אים זיין פון אָוונט און וועל דעם עסק מיט אים גרינטלאַך באַשפּרעכן.

אין מיין שטענדיקן קעגנזייטיקן קאַמף מיט הער ראַדקינס־זאָן, אין וועלכן די פראַגע איז שטענדיק געווען: ווער וועמען וועט בעסער אויסנוצן, האָב איך געפילט, אַז דאָ איז פאַר מיר פאַראַנען אַ גרויסע געלעגנהייט. אין די עטלאַכע שעה ביז מיין זען זיך מיט ראַדקינסאָנען האָט זיך אין מיין קאָפּ אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן. נאַטירלאַך, איז ער ניט אַרויסגעקומען פיקס און פאַרטיק אין דער געשטאַלט, אין וועלכער ער האָט זיך שפּעטער אַנט־וויקלט, אָבער ווען איך בין ענדלאַך געקומען אין דער רעדאַקציע

פונם „הקול", האָב איך גאַנץ גענוי געוואוסט, וואָס איך האָב געוואָלט.

— „וואָס טויגן אייך די נעמען פון די פּאַרטייען?" האָב איך צו ראָדקינסזאָנ'ען געזאָגט. „עס איז ניט גענוג צו וויסן דעם טייטש פון די ווערטער דייטש-קאָנסערוואַטיוו, אולטראַ־מאָנטאַן, סאָציאַל־דעמאָקראַט א. אַ. וו. מען דאַרף וויסן זייער געשיכטע, זייער אַמאָליקע און היינטיקע שטעלונג צו דער רע־גירונג, זייער פּראָגראַם און זייער שייכות צו אַלע אַנדערע פּאַר־טייען. דאָס צו וויסן דאַרף מען חוץ דעם האָבן אַ שטיקל ידיעה וועגן דער דייטשישער געשיכטע בכלל, וועגן דער גרינדונג פון דער אימפּעריע און פילע אַנדערע זאַכן".

איך האָב אים אָנגעמאַכט אַן אימה. ער האָט זיך פאַרטראַכט.

— „ווייסט איר וואָס" — האָט ער זיך אָנגערופן, — „אויב אַזוי, שרייבט אַליין אַן אַרטיקל".

דערצו האָב איך נאַטירלאַך געפירט דעם גאַנצן שמועס.

— „אַן אַרטיקל" — האָב איך געענטפערט — „גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איר? ווער קען דאָס צונויפקוועטשען אין איין איינציקן אַרטיקל?"

אויב איר, ליבער לעזער, האָט ווען־עס־איז געלערנט חומש, געדענקט איר געוויס, אַז אין „יתרו" איז דאָ אַ וואָרט „ויחד", וועלכן דער רבי האָט אייך פאַרטייטשט: „אים האָט געפרייט און געשטאָכן אין הארצן — אי דאָס אי יענעס מיטאַמאָל". אָט אַזאַ „ויחד" האָב איך דאַן געלייענט אין מיין פריינט'ס פּנים.

זיין אמונה אין מיר איז געווען גרויס — גרעסער ווי איך האָב פאַרדינט. הייסט עס, דאָ וועלן זיכער זיין שיינע, עטלאַכע, לאַנגע אומזיסטיקע אַרטיקלען! וועגן געלט איז ביי מיר געווען אָפּגערעדט, און וואָרט האָב איך געוויינלאַך אויך געהאַלטן. אַלזאָ, — זאָגט דער דייטש — אַזוי ווייט, אַזוי גוט... אָבער דער מע־דאַל האָט נאָך אַ זייט.

לאָזט אריין — האָט ער געקלערט — אַזאַ פאַרקאַכטן סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט אין דער דייטשישער פּאָליטיק, קען ער אייך

אַנמאַכן ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צרות. און דאָ האַלט מען אין איין אַרעסטירן מענטשן...

„ויחד“!

אָבער די נויט ברעכט אייזן, און אַזוי ווי די אַרטיקלען האָט מען באַדאַרפט נויטיקער ווי דאָס לעבן, איז דער מסחר געשלאָסן געוואָרן אויף דער שטעל. איך האָב געזאָלט שרייבן צוויי־דריי אַרטיקלען און — „אום גאָטעס ווילן! — זעט, פּאַרזיכטיק! אַזוי פּאַרזיכטיק, ווי נאָר מעגלאַך“...

— פּטור, נו.

פון די צוויי־דריי אַרטיקלען זיינען געוואָרן 16, פיר מאָל אַזוי פיל ווי איך האָב אַליין געקלערט.

די ערשטע צוועלף זיינען געגאַנגען כסדר, צוויי אַרטיקלען אין אַ וואָך, דאַן איז געקומען אַן אָפּשטעל פון צוויי וואָכן און עס זיינען דערשינען נאָך דריי אַרטיקלען. דאַן איז דער עסק אָפּגע־האַלטן געוואָרן איבער אַ חודש, און דער לעצטער, דער 16טער אַרטיקל איז דערשינען דעם 6טן אָקטאָבער, ווען עס איז שוין געווען קלאָר, אַז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט ווערן נעזעצלאַך אונטערדריקט.

אין אַ מאָנאַט אַרום בין איך שוין אַליין אויך געווען גע־זעצלאַך אונטערדריקט. אָבער אַזוי ווייט האַלטן מיר נאָך ניט.

---

„בית נבחרי־העם באשכנז“ (דער דייטשער פּאַרלאַמענט, אָדער אַבגעאָרדנעטהויז) איז געווען דער אומשולדיקער טיטל פון דעם אויפזאַץ. אַזוי ווי די דאָזיקע אַרבעט האָט, צו גוטן אָדער צו בייזן, מיך געמאַכט פאַר אַ שרייבער מיט אַ הסכמה דערויף פון עטלאַכע עלטערע ליטעראַטן, וועל איך מיר דערלויבן אַזוי קורץ ווי מעגלאַך איבערגעבן דעם אינהאַלט. איך וועל דאָס טאָן קאַ־פּיטלווייז—פון 1 ביז 11.

1.

פאַרשידענע שטאַטספאָרמען. — די דייטשע אימפעריע און די לענדער, פון וועלכע זי באַשטייט. — זייער באַפעלקערונג. —

די צוזאמענשטעלונג פון דעם בונדעסראט. — פרייסען׳ס מאכט.

2.

פון וועלכע לענדער און צו וויפיל די מיטגלידער פונם רייכס־טאג ווערן געוויילט. — הויפטפונקטן פון דער דייטשער קאָנסטי־טוציע. — פארטייען אין אבסאָלוטע און אין קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנארכיען. — דאָס פארזאמלונגס־רעכט אין פרייע און אין ניט־פרייע לענדער. — ווי דאָס בארירט די סאָציאליסטן. — דער איינפלוס פון די קאפיטאליסטישע צייטונגען.

3.

פארטייען און קלאסן. — וואָס הייסט פראָלעטאריער? — דער כאראקטער פון די פארטייען. — די צאָל פון אָפּגעאָרדנטע אין יעדער פארטיי. — די קאָנסערוואטיווע און וואָס זיי ווילן.

4.

די קאָנסערוואטיווע און די פריי־קאָנסערוואטיווע פארטיי.— דירעקטע און אינדירעקטע שטייערן. — ווי אזוי דער ארבעטער ווערט עקספּלואטירט פון איין זייט און בארויבעוועט פון דער אנדערער זייט. — ווי עס וואקסט האסטיק די הוצאה פון דער רעגירונג: 85 פּראָצענט עסט אויף די ארמיי און די פלאָטע.

5.

די קאטוילישע (צענטרום) פארטיי. — די געשיכטע פון ביס־מארק׳ס העצע אויף דער דאָזיקער און דער כלומר׳שטער קולטור־קאמף. — ווי פארטייען וואקסן דורך פארפאָלגונג. — די סאָציא־ליסטן און דער בייטש. — די נאציאָנאל־ליבעראלע פארטיי. — איר געשיכטע און די שפּאלטונג צוליב דעם פארפאסונג־שטרייט. — דער קריג מיט פראנקרייך און די ליבעראלן. — יאקאָבי און די אנעקסיע פון עלזאס־לאָטארינגען.

6.

אויף וואָס מען האט פארטאָן די פינף מיליארדן קאָנטריבו־ציע פון פראנקרייך, סטאטיסטיק. — ווי ביסמארק פירט די לי־בעראלן פארן נאָז. — די פאָרטשריטס־פארטיי. — איר געשיכ־טע.—די ארבעטער.—גרויס־פּראָדוקציע און קליינע.—„זעלבסט־

הילפע". — קאָאָפּעראַציע מכּל המינים. — איר ווערט און איר שוואַכקייט.

7.

שולצע־דעליטש און פערדינאַנד לאַסאַל. — ווי מען ווערט רייך: די מערווערט־טעאָריע בקיצור. — די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע און לאַסאַל'ס פּלאַן (פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע מיט הילף פונם שטאַט). — לאַסאַל גרינדעט די אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי: די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. — די פאָלקס־פּאַרטיי און איר באַדייטונג.

8.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. — איר פּראָגראַם אינגאַנצן איי־בערזעצט. — דאָס וואַל־רעכט, די יונגע לייט און די אַרבעטער.

9.

די וואַלן און דאָס פּראָפּאָרציאָנאַל־סיסטעם. — ווי סאָציאַ־ליסטישע שטימען גייען אין גיוועץ. — פאַרשידענע סטאַטיס־טישע טאַבעלן.

10.

שטאַטס־שולדן און אינדירעקטע שטייערן. — ווי זיי דריקן דעם אָרעמאַן.

11.

די הערשנדיקע קלאַסן: ווער זיי זיינען. — דער רעאַקציאָנע־רער און דער רעוואָלוציאָנערער פּרינציפּ. — די מאַגנפראַגע און דער קאַפּיטאַליזם. — יאַקאָבי'ס נבואה וועגן די מאַשינען און קאַ־פּיטאַל: די קאָנצענטראַציע אין איניקע הענט.

דאָ מוז איך מאַכן אַן אָפּשטעל.

אַרום דער צייט איז געקומען דער וואַל־טאָג: דער 30טער יולי. דער ווייסער טעראָר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט געטאָן זיין אַרבעט, און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געקראָגן אַ מפּלה. מיר האָבן פאַרלוירן 3 פּלעצער און אַ שטיקלאַך 56 טויזנט שטי־מען. מיט דער מפּלה האָט מען זיך גראַטולירט. דער קאַמף האָט

געזאָלט זיין אַ פאַרניכטונגס־קאַמף קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע און מען האָט ניט געריכט זיך אַזוי גוט אָפּצושניידן.

שטייענדיק איינער אַליין אי ביים „הקול", אי ביים „אספת־חכמים", בין איך אויף אַ ווײַלע צעטומלט געוואָרן. און דאָ האָט ראַדקינסאָן גענומען אַזוי ציטערן, אַז איך האָב, דאַכט זיך, גע־הערט, ווי עס האָט אים געוואָרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן, — דעם אָרי־מען ניט אַהין ניט אַהער מאַן.

חוץ דעם האָט די „מפּלה" אין אָנהויב אויסגעזען נאָך שרעק־לאַכער, ווי זי האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט. אין בערלין זיינען צוגעקומען שטימען, אָבער איינער פון די צוויי מאַנדאַטן, וועלכע די פּאַרטיי האָט דאָרטן געהאַט דעראָבערט דעם יאָר פריער, איז פאַרלוירן געגאַנגען. חוץ בערלין האָט פון אַלע דייטשע שטעט נאָר עלבערפעלד־באַרמין אויסגעוויילט אַ סאָציאַליסט (דעם שפּעטער אויסגעשלאָסענעם האַסעלמאַן). די איבעריקע זיבן זיינען אַלע געוויילט געוואָרן אין זאַקסן.

צו מיין אַרטיקל וועל איך נאָך צוריקקומען אין דעם נאָ־ענטסטן קאַפּיטל. דאָ וואָלט איך אויף אַ ווײַלינקע געוואָלט זיין אַ קינסטלער, כדי פאַר אייך צו מאָלן אַ בילד, פון וועלכן איך קען אייך איצט נאָר געבן אַ האַסטיקע צייכענונג.

---

דער אָוונט פון די אַלגעמיינע וואַלן, דער אָוונט פון 30טן יולי. ענדלאָך!

דער רעדאַקטאָר פון אונזער קעניגסבערגער פּאַרטיי־אָרגאַן און אונזערע אַ האַלב טוץ רוסיש־אידישע „אינטעליגענטן" זיצן אין אַ ביר־לאָקאַל, ניט ווייט פון דער אייזנבאַן.

מיר זיינען אַלע שרעקלאַך אויפגערעגט.

מיר האָבן אָפּגעמאַכט מיט די בערלינער גענאָסן, אַז זיי זאָלן צושיקן יעדע טעלעגראַמע, וואָס זיי וועלן קריגן בנוגע די וואַלן.

מיר רעדן, מיר שפּאַסן, מיר דערציילן זיך מעשות, אָבער קיינעם קריכט קיין זאַך ניט אין מוח.

ווערטער דערגייען ניט צו די אויערן, גלייכווערטלאך קומען אויס עפּעס דום, עפּעס ווי ניט־געבעטענע געסט, די דערציילטע מעשה׳לאך הערט קיינער ניט, אפילו דער דערציילער אליין אויך ניט.

ארויסגעוואָרפענע ארבעט. מען איז פארטאָן מיט עפּעס אַנ־דערש.

גלעזער ביר שטייען און קוקן מיט פארוואונדערונג, פארוואָס מען פארנאכלעסיקט זיי. איינער נאָך דעם אנדערן—אלע האלבע שעה אן אנדערער—לויפן מיר צום טעלעגראף. לויפן ווי פאר־סמ׳טע, קומען צוריק ווי אָפּגעשמיסענע.

דער זייגער איז 10.

דרויסן איז פינסטער און קיל־פייכטלאך. יאָפּע דארף שוין זיין צוריק. וואָס זאמט ער זיך?

מיטאמאָל:

הוררא! פריטשע איז דערוויילט אין בערלין! מען טאנצט פאר שמחה. דער פערטער בערלינער דיסטריקט מיט אונז!

נאָך א דעפּעשע: האזענקלעווער דורכגעפאלן אין דעם זעקס־טען בערלינער דיסטריקט! די פנימ׳ער ווערן אויסגעצויגן, די נעזער אראָפּגעפאלן, הגם שטימען האָט האזענקלעווער געצויגן מער ווי דאָס יאָר פריער.

עסטאפעט!

פריטשע דערווייל נאָך ניט געוויילט. פעלן עטלאכע שטימען. אָבער ליבקנעכט איז געוויילט אין שטאלבערג, בראקע זיגט אין גלויכוי מעעראנע! זאקסן זאָל לעבן! זאקסן האָט אויסגעוויילט צוויי, — צוויי פון די בעסטע.

דער זייגער שלאָגט צוויי. באלד וועט שוין טאָגן. דעפּעשן קומען מער ניט.

מיד און ניט זייער פריילאך גייט מען אהיים און מען לייגט זיך שלאָפן.

פונדעסטוועגן מאכט מען זיך מוט. אימיצער הויבט אויף א זיידל ביר. עס גייט צום מויל, אָבער עס דערגייט ניט. א נייער

דאָס האַרץ איז אַלרייט, אָבער די נערוון פאַרלאַנגען רו.

דעם נאָענטסטן מאָרגן האָט די רעאַקציע טריאומפירט, הגם אונטער ביסמאַרק'ס נאָז, אין בערלין, האָבן זיך די סאָציאַליס־טישע שטימען כמעט פאַרדאָפּלט.*)

*) זע ביילאַגע „ביים וויגעלע פונם סאָציאַליזם אין דויטשלאַנד“, סוף בוך.



פּאַפּולערע פּאַרשוואַרצקייט. — פּרץ סמאָלענסקין און מיין „קרעבס“. — דאָס זיבעטע העפט „אספת־חכמים“. — פּרעה מלך מצרים. — צוויי געפליגלטע ווערטלאַך. — דער צענזאָר ענדיקט מיין גרויסן אַרטיקל.

דער עלפטער קאַפּיטל פון מיין אַרטיקל „בית נבחרי־העם באשכנז“ (דער דייטשישער פּאַרלאַמענט) איז דער־שינען אין נומער 58 פונם „הקול“ (28טן יולי 1878). אין די פאָלגנדע צוויי נומערן איז געווען שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. אין דער צייט אָבער האָט מען זיך אין דער רעדאַקציע בארואיקט: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער עסק איז ניט אַזוי געפערלאַך, אַז אַנדערע צייטונגען דיסקוטירן אויך „ביסמאַרק'ס פּאָליטיק“ ווי קענגנער... און דאָ קומען נאָך אָן נאָכפראַגן אויף בן־נצ'ס אַרטיקלען...

מען מאַכט זיך האַרץ. „ווייסט איר וואָס? שרייבט ווייטער“, — זאָגט דער רעדאַקטאָר.

דעם 8טן אויגוסט (נומ. 61) ווערט געדרוקט דער צוועלפטער קאַפּיטל. דעם 11טן (נומ. 62) דערשיינט דער דרייצנטער, און דאַן ווערט ווידער געמאַכט אַן אָפּשטעל. דער ווילנער צענזאָר הויבט אָן צו מעקן מיינע אפיקורסות קעגן די „שרי־מטה“, מען דערשרעקט זיך ווידער אַמאָל.

און ווידער אַמאָל הערן זיך קולות, פאַרלאַנגענדיק די צוגע־זאָגטע „פאָרטזעצונגען“.

עס פאַרגייען צוויי וואָכן.

— „שרייבט ווייטער“!

איך לאָז זיך ניט בעטן. אין די נומערן 66 און 67 (אויגוסט

דעם 25טן און 28טן) דערשיינען, ד. ה. „פּאָלגן“ די דאָזיקע פּאַרטזעצונגען.

פונדעסטוועגן ווערט דער רעדאַקטאָר פּאַרזיכטיק. למשל:

רעדנדיק וועגן העדעל׳ס אַטענטאַט, זאָגט איך—פּארבייגייענ־דיק, מחמת עס איז וועגן דעם שוין פריער גערעדט געוואָרן,—אַז דער יונגער העדעל איז ניט געווען ביים זינען; אַז ער איז געווען אַ צייטונגס־טרעגער, וועלכער פלעגט אַמאָל מאַכן אַ לעבן פון סאָציאַליסטישע צייטונגען און אַז ער האָט באַלאַנגט צו די קריסט־לאַך־סאָציאַלע (אַנטיסעמיטן) און פריער צו די אַנאַרכיסטן.

דער ראָדקינסזאָן כאַפּט זיך אָן אָן דעם וואָרט „אַנאַרכיסטן“ און מאַכט אַזאַ מין שאַרפזיניקע באַמערקונג:

„אַזוי ווי פילע פון אונזערע לעזער אין רוסלאַנד ווייסן ניט דעם אונטערשייד צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן און אין זייערע אויגן איז עס אַלץ איינס, דאַרפסטו—געערטער שריי־בער (!)—זיך נעמען דערצו און דערקלערן די פּאַראַכטעטע (!) לערע פון די אַנאַרכיסטן, כדי דער עולם זאָל קענען אונטערשיידן צווישן פאַרפלוכט“ —

מיינט איר דאָך, ער וועט ענדיקן „און געבענטשט“? אַ טעות: „צווישן פאַרפלוכט—זאָגט ער—און פאַרפלוכט“.

ווי זאָגט מערקיציאָ אין שעקספּיר׳ס „ראָמעאָ און דזשו־ליעט“? — אַ פלוך אויף אייערע ביידנס משפחות!“ דער אויס־דרוק „בין ארור לארור“ איז כלומר׳שט אַ וויציקע באַאַרבעטונג פון אונזער אידישן „בין ארור המן לברוך מרדכי“.

אָבער דאָס איז נאָר געווען, כדי צו שיטן דעם צענזאָר זאַמד אין די אויגן. יאָ פאַרפלוכט, ניט פאַרפלוכט — די אַרטיק־לען זיינען זיך דערוויילע דערשינען!

די מהומה אין דייטשלאַנד האָט זיך נעמלאַך אָפּגערופן אויף רוסלאַנד. אפילו אין רואיקע צייטן וואָלט אונזער שטיף־פאָטער־לאַנד גענאָסן מיט דער קראַפט פון אַן אויפרייס פון דייטשלאַנד׳ס אַ שטאַרקן קאַטאַר (גאָגאָל וועט מיר מוחל זיין מיין באָרגן אויף

א ווײַלינקע זײַנס א ווערטל), א פשיטא שוין אין א צײַט, ווען דער רויטער טעראָר איז אין רוסלאַנד געשטאַנען פאַר דער טיר.

האָט זיך דער ווילנער צענזאָר אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט אויסגעריבן די אויגן, האָט אַרויסגענומען זײַנע שפּאַקולן פון שײדל, האָט זיי אויסגעווישט, האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף דעם ברייטן טייל פון דער נאָז און, אַרײַנבליקנדיק אין דעם „הקול", האָט ער אויסגעשריען:

„פאַרשוואַרצט זאָל דאָס ווערן!"

און מײַנע לעצטע צוויי אַרטיקלען — דער פערצעגטער און דער פופצעגטער — זײַנען פאַרשוואַרצט געוואָרן פון אָנהויב ביזן אויסלאָז: פאַרשוואַרצט מיט א שוואַרצן פּענזל און דרוקער־טינט, — פאַרשוואַרצט, אויסגעמעקט, געמאַכט ווי ניט געוועזן!

דאָס, נאַטירלאַך, האָט אין רוסלאַנד געווירקט ווי א בישוף. מײַנע אַרטיקלען זײַנען אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די רור־שע לעזער — משונה'דיק הויך, מיטאַמאָל קריגנדיק א פּיל, פּיל העכערן ווערט, ווי דער אינהאַלט זייערער האָט דאָס פאַרדינט.

און דאָ איז פּיליכט דאָס אָרט צו באַרירן אָן אַנדער „סענ־סאַציאָנעלע" קלייניקייט אין מײַן קאַריערע אַלס יונגער סאָציאַ־ליסטישער זשורנאַליסט.

אין דעם פאַריקן קאַפּיטל האָב איך דערמאָנט פּרץ סמאָלענ־סקין, דעם רעדאַקטאָר פון „השחר", אַלס א רעאַקציאָנערן פּוב־ליציסט, וועלכן איך האָב באַקעמפּט, אַרויסטרעטנדיק אין דעם „הקול" אַלס „יגלי איש הרוח".

דער „קאַמף" איז געווען א קורצער, אָבער א שאַרפער.

וויסן דאַרף מען קודם־כל, אַז דער הער סמאָלענסקין האָט צו יענער צײַט אַרויסגעגעבן א וואָכן־בלאַט אונטער דעם נאָמען „המביט", — אויך אין ווין. אין דער צײַטונג פּלעגט ער אָפּט אָנגרײַפן די סאָציאַליסטן. דאָס האָט אונז פון אים נאָך מער גע־ערגערט, ווײַל אונטער זײַן רעדאַקציע איז דערשינען ליבערמאַנ'ס „חזות הכל", יהל"ל'ס „עבד עבדים" און יהודה לייב קאַנטאָר'ס „אני מאמין" (די לעצטע צוויי — שירים), חוץ אַנדערע זאַכן,

מער אָדער ווייניקער, וואָס די דייטשן רופן „סאָציאַליסטיש אָנ־געהויכט“. דערצו איז דאַן ליבערמאַן אַליין שוין געזעסן אין טורמע, טאַקע אין ווין. און ערשט מיט אַ יאָר פריער איז הער פּרץ (אויף דייטש: פּעטער) סמאָלענסקין נאָך געווען מיט אים „זאַ פּאַני בראַטאַ“.

טאָמער איז דאָס נאָך אויך ניט געווען גענוג צו מאַכן פול



פּרץ סמאָלענסקין, רעדאַקטאָר פון „השחר“

דעם גיפט־בעכער, האָט זיך אין אונזערע קרייזן אַלץ פעסטער און פעסטער איינגעוואָרצלט די איבערצייגונג, אַז סמאָלענסקין האָט אומדירעקט גע׳מסר׳ט ליבערמאַנ׳ס „האמת“ דורך זיין בלומר׳שטדיקער קריטיק אינם „השחר“ (העפט 10, תרל״ז).

און איך האָב אָנגעגורט די לענדן און בין אַרויס באַוואָפנט „מיט דעם שאַרפן שווערד פון לאָגיק“ און „מיט די בעסטע פיילן פון דער סאַטירע“ צו קעמפן קעגן דעם רעאַקציאָנערן „השחר“־מאַן.

די „לאָגיק“ איז געווען אין דעם זיבעטן העפט פונם „אספת־חכמים“ (אינם לייט־אַרטיקל „בן־משה והאמת“), און די סאַטירע — אין נומער 55 „הקול“ אין אַ פעליעטאָן („הסרטן“—דער

קרעבס). אוועקלייגנדיק די מליצה מיינע פון דעם לאָגיק־שווערד מיט די סאַטירע־פיילן אָן אַ זייט, מעג איך זאָגן, אַז איך אונ־טערשרייב נאָך היינט מיט ביידע הענט יענע צוויי אַרטיקלען, פון וועלכע דער ערשטער איז געווען גע'חתמ'עט „בן־נץ" און דער צווייטער — „יגלי איש הרוח".[33]

דער „קרעבס" איז, ווי פילע אַנדערע פון מיינע ערשטע „משוגעת'ן" אין העברעאיש, געווען אין דער פאָרם פון אַ חלום. עס איז מעגלאַך, אַז סמאָלענסקין איז דאָרטן געווען געמאָלט אַביסל שוואַרצער, ווי ער האָט אין אמת'ן אויסגעזען, אָבער מיין געוויסן איז אפילו איצט נאָך רואיק: ער האָט כשר פאַרדינט זיין פאַרציע.

אַז ער האָט געפילט דעם „קרעבס", האָט זיך באַלד אַרויס־געוויזן זייער קלאָר. ער האָט אין דעם „המביט" גענומען זידלען דעם „הקול" מיט זיין רעדאַקטאָר, מיט זיינע מיטאַרבעטער, ספּע־ציעל דעם „חצוף", וועלכער האָט אים מכבד געווען מיט דעם „קרעבס". פאַר מיר האָבן זיך אָנגענומען אַנדערע שרייבער, און די ערשטע גרויסע מהומה אין דעם „הקול" אין זיינע מלחמות מיט אַנדערע צייטונגען האָט אויסגעבראָכן צוליב מיר, דאָס הייסט צוליב ליבערמאַנ'ען.

---

אין דעם זעלביקן העפט „אספת־חכמים", וואו עס געפינט זיך מיין פּאָליטיש־קריגערישער אַרטיקל קעגן דעם רעדאַקטאָר פון „השחר", זיינען דאָ אייניקע גוטע זאַכן.

אונטער דעם איינדרוק פון דעם טערקישן קריג האָט שערע־שעווסקי אויפגעשריבן אַ שיין שיר'על, מיט דער שאַרפזיניקער מאָטאָ:

„הכתה שנאת־האדם באלפיה
ואהבת־האדם ברבבותיה"

(דערמאָרדעט האָט דער מענטשן־האַס טויזנטער און די מענטשן־ליבע צענדליקער טויזנטער), וואָס דאָס גייט אויף דעם הייליקן מענטשנליבנדיקן קריג, וועלכן רוסלאַנד האָט געפירט קעגן טערקיי

צוליב הוילער ליבע צו די קריסטלאַכע ברידער אויף דעם באַלקאַן־האַלב־אינזל, כידוע.

דאַן איז דאָרטן דאָ דער שלום פון ליליענבלום׳ס בריוו וועגן דער „משנה“ פון אלישע בן אבויה, דער בעסטער טייל פון דער איינלייטונג. אָט איז דער לעצטער פּאַראַגראַף:

„איך בעט דיך, — שרייבט אלישע בן אבויה, — דרוק מיין בריוו און מיין משנה, וועלכע איך שיק דיר, צוזאַמען מיט א פּירוש אויף איר (פּירוש הרב״ע), אין דיין ספר אָן א שום פאַר־ענדערונג, מאַך נאָר צו די נויטיקע לעזע־צייכנס, ווי עס פּירט זיך היינט ביי אייך.

„גליק און פרידן דיר און דיינע לעזער און אַלע מענטשן, צי זיי רופן זיך אידישע קינדער אָדער אומות־העולם“.

אָ, ווי מיר וואָלט זיך געוואָלט איננאַנצן איבערזעצן די איינ־לייטונג ליליענבלום׳ס פון דעם ערשטן אות ביז דעם לעצטן!

חוץ דעם, געפינט זיך אין יענעם נומער „אספּת־חכמים“ א תפילה „יהי רצון“ פון א יונגן מאַן — א וואַרשעווער, דאַכט זיך מיטן נאָמען בר־גוגניץ, — וועלכער האָט זיך דאַן געשניטן אויף א סאָציאַליסט. ער איז שפּעטער געוואָרן א אידישיסט און פלעגט שרייבן פאַרן „קול־לעם“. וואו ער איז אַהינגעקומען און וואָס פון אים איז געוואָרן, ווייס איך ניט.

פון מיין אייגענער שרייבעריי איז די זיבעטע „משוגעת“, דאַכט זיך, ניט שלעכט און סטיליסטיש, ווען ניט זייער גוט, יעדנפאַלס גלאַטער און בעסער ווי אַנדערע פריערדיקע.

געוואָלט וואָלט זיך מיר ארויסכאַפּן איין פּאַראַגראַף, דעם מיטלסטן. [34] ער איז אינטערעסאַנט פאַר די, וואָס האָבן ניט קיין בעסערע און נוצלאַכערע זאַך ווי צו שטודירן די נאַטור־געשיכטע פון משוגע׳נע פילאָזאָפן. אָבער אַזוי ווי אַזעלכע מענטשן קענען צווישן די לעזער זיין ניט פיל, איז גלייכער צו לאָזן דעם פּאַראַ־גראַף אין זיין רו — אין זיין העברעאישן ארכיוו.

מער אַלגעמיין־אינטערעסאַנט איז א געשפּרעך — אויך, נאַטירלאַך, אין חלום — מיט פּרעה מלך מצרים. צו איבערזעצן

איז דער דאָזיקער אינטערוויו מיט זיין מאַיעסטעט פון עגיפטן צו לאַנג. אין עטלעכע ווערטער אויסגעדריקט, איז דער אינהאַלט דערפון פאָלגנדער:

פאַרגלייכנדיק די לאַגע פון דער אַמאָליקער אידישער שקלאַ־פעריי אין מצרים מיט דער היינטיקער לוין־שקלאַפעריי; פאַר־גלייכנדיק די שקלאַפן־טרייבער פון מצרים מיט די אויסבויטער פון היינט, קומט דער עגיפּטישער מאָנאַרך צום שלוס, אז עפּעס איז ניט גלאַט אין דעם רבונו־של־עולמ׳ס העכסטן געריכט. פאַר־וואָס, פרעגט ער, האָט ער, פרעה, מיט זיינע פריינט אַמאָל אין מצרים געקראָגן מכות אכזריות און איז ענדלאַך דערטרונקען גע־וואָרן אינם ים, בעת די היינטיקע וואַיעוון איבער זייערע שקלאַ־פען, וועלכע קריגן פון זיי קוים־קוים צום לעבן, און ער, כביכול, קוקט און שווייגט.

---

און דערווייל דאָ, אויפן וואָר, האָט זיך ביסלאַכווייז אונטער־גערוקט דער שטורעם, וועלכער האָט געזאָלט פאַרוויסטן די דייַ־טשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דעם ניינטן סעפּטעמבער איז זיך צונויפגעקומען אין בערלין דער נייער רייכסטאַג. דעם 16טן און דעם 17טן איז דער פּראָ־יעקט פון דער רעגירונג דיסקוטירט געוואָרן אין וואָס מען רופט דער ערשטער לעזונג.

אַרום יענע צוויי טעג איז פיל און לאַנג גערעדט געוואָרן אין דייטשלאַנד ניט נאָר אין סאָציאַליסטישע קרייזן, נאָר אפילו צווישן די „פיליסטער“, צווישן די באַלעבאַטים, וועלכע מאַכן אַ בכבוד׳יק לעבן, האַנדלענדיק און וואַנדלענדיק און לאָזנדיק אַנדערע מענטשן פאַרדרייען ז י י ע ר ע קעפּ מיט פּאָליטיק און פּאָליטישע סכסוכים.

אין דער געשיכטע פון דער פראַזאַאישער, אָבער אפשר טאַ־קע דערפאַר געזונטער און שטענדיק פרישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע זיינען יענע צוויי טעג אומגעווייִנטלאַך אויפגערעגטע, יום־טוב׳דיקע.

בעבעל׳ס אומפאַרגעסלאַכע, אמת־גרויסע רעדע, אויף וועל־

כער ביסמארק האָט דעם טאָג נאָכהער געענטפערט, האָט געמאַכט
אַ גוואַלטיקן רושם.*)

ניט קיין קלענערן איינדרוק האָט געמאַכט מיט אַ וואָכן
דריי שפּעטער צוערשט בראַקע פון ברוינשווייג און דאַן ריינדערס
פון ברעסלוי, רעדנדיק אינם פּאַרלאַמענט איינער דעם 11טן, דער
אַנדערער דעם 12טן אָקטאָבער.

און מערקווירדיק איז דערביי, אַז איןביידע פאַלן איז עס
ניט געווען די רעדע אינגאַנצן, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַ גערו־
דער אין דעם רייכסטאַג, און נאָכהער, דורך דער פּרעסע, אינם
פּובליקום, נאָר אַ געוויסע פראַזע, — אַ שטאַרקע, אומדערוואַרט
שטאַרקע, אַרויסגעפּלאַצטע פראַזע, וועלכע ווירקט באַלייכטנדיק,
אָבער ניט ווי די זון, וואָס קומט אַרויס פון די וואָלקנס אין אַ
נעבלדיקן פאַרכמאַרעטן טאָג, נאָר ווי אַ בליץ־שטראַל אין אַ
שטאָק־פינסטערער נאַכט.

צו באַגרייפן זייער ווירקונג, דאַרף מען זיך קענען פאָרשטעלן
די אַטמאָספער אין דעם דייטשישן רייכסטאַג אין די פינף וואָכן
צווישן דעם 16טן סעפּטעמבער און דעם 19טן אָקטאָבער. מען
דאַרף קענען האָבן פאַר די אויגן אַ גרויסע פּאָליטישע פּאַרטיי
אין אַ פּאַרלאַמענט, וועלכע רעדט מיט דער שווערד פון דאַ־
מאָקלעס, וואָס הענגט איבער איר האַלז, הענגט אויף אַ האָר,
גרייט אַראָפּצופאַלן יעדן אויגנבליק. מען דאַרף דערביי ווייטער
זיך קענען פאָרשטעלן, אַז הגם די דאָזיקע פּאַרטיי פילט, אַז דער
שווערד קען און מוז און וועט אַראָפּפאַלן, ווייסט זי אָבער אויך,
אַז מיט איר האַלז וועט פּאַסירן דער זעלביקער נס, ווי מיט
משה'ס, בשעת פּרעה האָט אים געכאַפּט: אַז איר האַלז וועט אַזוי
פאַרהאַרטעוועט ווערן, אַז דער שווערד וועט צעבראָכן ווערן,
אָבער ער, דער האַלז, וועט בלייבן ניט איינגעשניטן.

און דאָ שטייען 388 מאַן מער אָדער ווייניקער פיינטלאַך

*) זע ביילאַגע „ביים וויגעלע פונם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד“,
סוף בוך.

קעגן 9, און די ניין פילן זיך שטארקער באזינגטערהייד, ווי זייע־רע זיגרייכע קעגנער.

און מיט דעם גרויסן ביסמארק, דעם מאן פון בלוט און אייזן, אינם זאל, שטייט און רעדט ווילהעלם בראקע, א שוואכ־לאכער מאן, א קראנקלאכער מאן. ער רעדט, ער ארגומענטירט קעגן א געוויסן פאראגראף אין דעם להשמיד, להרג ולאבד געזעץ־פארשלאג. און ווי ער רעדט אזוי, פאלט אים איין א געדאנק און ער קערט זיך אום צו זיינע קעגנער און זאגט:

„מיינע הערן, איך וויל אייך עפעס זאגן: מיר פייפן אויף אייער גאנצן געזעץ"...

עס ווערט א מורא'דיקער ליארעם. אזוי אומפארלאמענטאריש צו רעדן! א חוצפה אביסל! בראקע האט די העפלאכקייט שפע־טער דעם עסק צו פארגלעטן, ווייל אים אליין קומט די ארויס־געפלאצטע פראזע אויס צו מעשה־שייגעץ און דא איז דאך עפעס פארט א רייכסטאג. אבער ווען מען קימערט די דערקלערונג, ווע־מען ארט דער פירוש אויפן דונערשלאג! ניט ער, ניט די גאנצע רעדע פריער און שפעטער קימערט וועמען־עס־איז; איבער דייטש־לאנד, איבער אייראפע, איבער דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט טראגט דער טעלעגראף פאנאנדער דאס „געפליגלטע ווארט":

— מיר פייפן אויף אייער גאנצן געזעץ!

און קיינער פון די, וואס האבן דורכגעלעבט יענעם פעריאד, האט עס ניט פארגעסן.

דאס איז דעם 11טן אקטאבער. דעם טאג נאכהער שטייט אויף דער טריבונע א שלעזישער סטאליאר, איינער פון יענע בראניש הונגערנדיקע ארבעטער, וועלכע ווערן געבוירן מיט דער אויסצערונג אין זייער סיסטעם און וועלכע לעבן מיט דעם מלאך־המות'עס שטריקל אויף זייערע פיס, מוכן ומזומן אלע ווײלע אריינגעצויגן צו ווערן אין א פריצייטיקן קבר.

דאס איז ריינדערס, א „פראסטער" ארבעטער. ער רעדט אויך א לאנגע רעדע און ארגומענטירט אויך קעגן ערגעץ א פא־ראגראף. און דא זאגט ער עפעס אזוינס, וואס מען טאר נים.

דער פּרעזידענט אונטערברעכט אים. ער רעדט ווייטער. ער דער־קלערט:

— „דער פּרעזידענט, זאָגט ער, מאַכט מ י ר אויפמערק־זאַם"...

— „מיך!" — שרייט עמיצער אים צו — „מיך", ניט „מיר"!

אָרימער ריינדערס! קענן אַלעמען פאַרזינדיקט. קענן די געזונ־טע מיט זיין קראַנקן אָטעם; קענן די געזעצן מיט זיין רעבעלישן גייסט; קענן די פריילאַכע מיט זיין בלאַסן פּנים און דאָ אפילו קענן דער דייטשישער גראַמאַטיק, „מיר"נדיק, וואו מען דאַרף „מיך"'ן, אַ סקאַנדאַל אַביסל!

ריינדערס פילט זיך שולדיק.

מיטאַמאָל קומט אים אַרויף אויפן זין, אַז אַ שטעקן האָט צוויי עקן: איינעם אין בלאָטע אַריין בעת מען שפּאַרט זיך אויף



ריינדערס



בראַקע

אים אָן, דעם צווייטן אויפגעהויבן ביד רמה צום געבן אַ שטורך.

און גלייך אין דער זעלביקער מינוט, ווי עס דערהערט זיך דער שפּאָטישער „מיך", דרייט זיך ריינדערס אום צו זיינע קעג־נער און זאָגט זיי, אַז ניט ער איז שולדיק אין דעם, וואָס ער האָט קיין בילדונג ניט געקראָגן, נאָר זיי, זיינע קעגנער.

און ער פאַרדאַרבט אויך אַליין דעם דראַמאַטישן עפעקט דורך צופיל ווערטער, אָבער די איבערפליסיקע ווערטער ווערן סיי־ווי־סיי ניט איבערגעגעבן אין די צייטונגען. און דער סערן בלייבט, פאַרשפּרייט זיך שנעל איבער דער גאַנצער מדינה, און

ריינדערס איז פיליכט דער איינציקער, וועלכער פארשטייט ניט, אז דאָ איז פון זיין מויל ארויסגעקומען די שטארקסטע פארדאַמונג פון גאָט מאַמאָנ'ס הערשאפט, מיט דער בילדונג אירער, מיט אַלעמען.

דעם 22טן מאי 1879, זיבן מאָנאטן נאָך יענער סצענע אינם רייכסטאג, איז ריינדערס געשטאָרבן, אויסגעמוטשעט פון זיין לונגענפעלער, ביי דער סטאַלעריי און דער פאַרטיי־ארבעט, ניט דערלעבנדיק זיין 32טן געבורטסטאָג.

קנאפע 11 חדשים נאָך ריינדערס'עס טויט, דעם 27טן אפּריל 1880, איז ארויס פון דער וועלט דער אנדערער העלד פון יענע דעבאטן — ווילהעלם בראַקע, שטארבנדיק 37 יאָר אַלט.

פון בראַקע איז דאָ פיל צו דערציילן. ער האָט אויפגעשריבן איינע פון די פּאָפּולערסטע בראָשורן („נידער מיט דען סאָציאַל־דעמאָקראטן!"), האָט געשפּילט א באַדייטנדע ראָלע אין דער פאַרטיי, און אין דעם יאָר 1870 איז ער געווען איינער פון די, וועלכע זיינען ארעסטירט געוואָרן, ווייל זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער פאָרטזעצונג פון דעם קריג מיט פראנקרייך, נאָך דעם ווי פּרייסן האָט גענומען אין געפענגעניש דעם דריטן נאפּאָלעאָן.

---

ווען דער 16טער קאפּיטל פון מיין „בית נבחרי העם באשכנז" איז אָנגעקומען אין ווילנע (צום צענזאָר), האָט זיך געהאַלטן אין זעצן, אויב עס איז ניט געווען איינגאנצן אויסגעזעצט, די 17טע פאָרטזעצונג. דאָס, וואָס מען האָט דאָרטן „פאַרשווארצט" מיינע ארטיקלען, האָט פון א ביזנעס־שטאנדפּונקט דעם „הקול" גיכער גענוצט ווי געשאדט. דארף מען דען א בעסערע רעקלאַמע? חוץ דעם, זיינען הונדערטער נומערן געגאַנגען אין קאָנווערטן און יעדערער פון זיי האָט געמאַכט פּראָפּאַגאנדע פאַר דער צייטונג.

דער צענזאָר איז אָבער, משמעות, מיד געוואָרן, מעקנדיק און שווארצנדיק.

יענעם מאַי, בעת מיין נייער קאפּיטל האָט זיך געהאַלטן אין

זעצן, איז אָנגעקומען פון ציפּקינ׳ען, (35 ראַדקינסזאָנ׳ס ווילנער אַגענט, אַזאַ מין טעלעגראַמע:

„אויב עס וועט דערשיינען נאָך איין אַרטיקל פון בן־נץ, ווערט דער „הקול" צוגעמאַכט".

אין אַן אומבאַשרייבלאַכער אויפרעגונג איז הער ראַדקינסזאָן אַוועקגעלאָפן אין דרוקעריי און האָט אַ געשריי געטאָן צום זעצער:

— וואו איז בן־נץ׳עס אַרטיקל?

— אָט איז דער זאַץ.

— אַהער! גיך!!

און אין אַ סעקונדע אַרום איז דער זאַץ געווען צעשאָטן אַרום דעם קאַסטן.

— „אַ סוף! אויס—אויס—אויס!" האָט ער צו מיר געשריען יענעם אָוונט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וועט מיר מער ניט לאָזן רואינירן זיין צייטונג מיט מיינע סאָציאַליסטישע אַר־טיקלען. אַ סוף!

איך געדיינק ניט, צי איך האָב דערביי געשמייכלט, צי ניט, אָבער די אידייע, אַז מ׳קען צוליב מיין שרייבעריי פאַרמאַכן, פאַר־באָטן דעם „הקול" האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט.

— „עפּעס בין איך דאָך טאַקע ניט אַבי ווער..." האָב איך געטראַכט ביי זיך, און האָב זיך געלייגט שלאָפן צופרידן מיט זיך.

גראַטולירט האָב איך זיך מיטן פאַקט, וואָס דאָס 8טע העפט „אספּת־חכמים" איז אָפּגעדרוקט שוין אַ וואָכן צוויי, ווייל אין אים איז געווען מער אפּיקורסות, ווי אין די מייסטע אַנדערע, און אונטער אַזעלכע אומשטענדן וואָלט אַ העלפט פון זיין זאַץ אויך צעשאָטן געוואָרן.

דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אַרום דעם 10טן אָקטאָבער. דעם 6טן איז דערשינען מיין לעצטער אַרטיקל אונטערגעשריבן „בן־נץ".

דאָ איז שוין קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז אָפן וועט מען באַלד ניט מער קענען שרייבן, ווייל דער סאָציאַליסטן־געזעץ אין רייכסטאַג האָט נאָר געקענט אויסגעבעסערט ווערן אַזוי אָדער אַנ־

דערש, אָבער פיל בעסער פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי וועט ער ניט ווערן, דאָס איז געווען זיכער.

פונדעסטוועגן האָט הער ראָדקינסזאָן זיך פּאָרט צו שטאַרק געגנויטיקט אין מיר, און ווען „בן־נץ" איז „פאַרבאָטן" געוואָרן, איז געבליבן „יגלי איש הרוח". עס זיינען אין „הקול" דערשינען פון מיר עטלאַכע פעליעטאָנען. דעם לעצטן פון זיי האָב איך שוין ניט געהאַט די זכיה צו זען ביז אַ צייט שפּעטער. ווייל די ציי־טונג איז אַרויסגעקומען דעם 10טן נאָוועמבער, און איך בין אַרעסטירט געוואָרן פרייטאָג דעם 8טן.

אָבער איך כאַפּ די פיש פאַר דער נעץ. מיר וועלן נאָך אַ קוק טאָן אויף דעם 8טן און לעצטן העפט „אספת־חכמים".



„משה דומה" קעגן אַ קונסטווערק פון י. ל. גאָרדאָן. —דער לעצטער נומער „אספת-חכמים".—די לעצטע „משוגעת" אין אים. — די בהלה הויבט זיך אָן. — איך ווער אַרעסטירט.

די דעבאַטן אינם דייטשישן רייכסטאַג וועגן דעם סאָציאַליסטן-געזעץ, וועגן וועלכע איך האָב גערעדט אין דעם לעצטן קאַפּיטל, האָבן געפונען אָן אָפּקלאַנג אין קאַנצל'ס רעסטאָראַן.

„גרויסע געשעענישן, — זאָגט דער ענגלענדער, — וואַרפן זייערע שאָטנס פאָראויס". דער שאָטן פון דער צוועלף-יאָריקער אונטערדריקונג פון אַלץ, וואָס האָט געטראָגן דעם סאָציאַליסטישן שטעמפּל, זיין נאָמען אָדער אפילו נאָר זיין כאַראַקטער, — דער שאָטן פון אָט-דער שווערער צייט האָט זיך שוין געזען מיט אַ חודש אָדער צוויי פריער, איידער די צייט גופא איז אָנגעקומען: די בהלה איז שוין געשטאַנען פון יענער זייט טיר.

און אין אָט-דער אויפגערעגטער, נערוועזער שטימונג איז אין קאַנצל'ס עסצימער אין דער צייט פון מיטאָג דיסקוטירט געוואָרן יהודה לייב גאָרדאָנ'ס אַ ווערק, וועלכעס איז געווען דערשינען אינם „השחר". דאָס איז געווען אַ מין שיר-השירים אין דעם ביבלישן סטיל. ביים טיש האָט מען דאָס פון אייניקע זייטן געלייענט, בעת איך בין געווען פאַרטאָן אין די רייכסטאַג-דעבאַטן.

דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געוואוסט, — האָב עס אייגנטלאך מיט עטלאַכע חדשים צוריק פאַרשטאַנען, — אַז אפילו גאָרדאָן האָט מיט אונז אין יענעם יאָר סימפּאַטיזירט. פון זיין געדרוקטן בריוו-ווּעקסל ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט געהאַט אַ גוטע מיינונג פון ליבערמאַנ'ס „האמת", אי בנוגע צום אינהאַלט

און זיין ריכטונג, אין אין דעם פרט פון שפראך און סטיל.*) דאס אלץ איז פאר אונז געווען דאן אומבאקאנט. און אזוי ווי מיר האבן פאר אלע שרייבער, גרויס און קליין, פילאזאפן און דיכטער, געהאט נאר איין „שבלת“, נאר איין פראבע: „הלנו אתה, אם לצרינו“ (ביסטו מיט אונז אדער קעגן אונז?), איז פאר מיר, למשל, גארדאן געווען א טאלאנטפולער אבסקוראנט, וועלכער אמוזירט זיך מיט ליבע־געדיכטן אין דער צייט, ווען אונטער אונזערע פיס עפנט זיך די ערד ווי אין קורח׳ס צייטן, אין דער צייט ווען איבער אונזערע קעפ זעט זיך א רעגן פון שוועבל און פעך ווי אין לוט׳ס צייטן.

דער לעזער פארשטייט שוין אליין, אז דער לויבגעזאנג אויף גארדאנ׳ס ליבע־ליד אינם „השחר“ האט מיך ארויסגעבראכט אויף דער סצענע אין גרויס גרימצארן.

איך וועל דא ניט פרובירן איבערגעבן דעם גאנצן היציקן סכסוך וועגן דעם, וואס „ערלאכע שרייבער“ מעגן און וואס זיי טארן ניט באהאנדלען אין „אונזערע שווערע צייטן“. איך גלויב איצט, אז מיין ענטוזיאזם האט מיך דעמאלט פארפירט צו רעדן א שיין ביסל נארישקייט. געניי געדענק איך דאס ניט: אזעלכע זאכן ווילט זיך ניט געדיינקען. עס איז אבער אויך ניט וויכטיק. עס וועט גענוג זיין צו זאגן, אז מיינע קעגנער—יהודה לייב גאר־דאנ׳ס פארטיידיקער—האבן מיר צום שלום פון דער דעבאטע קלאר געגעבן צו פארשטיין, אז אין מיר רעדט די אייפערזוכט,

---

*) אין דעם 134טן בריוו (געשריבן אין העברעאיש) צו ז. קאפ־לאן (זק״ן) דריקט זיך יהודה לייב גארדאן אזוי אויס:

„די טעג זיינען צו מיר אריינגעפאלן איניקע העפטן פון א קליי־נעם זשורנאל, וועלכער דערשיינט אין ווין אונטערן נאמען „אמת“. זיין סטיל און ריכטונג זיינען מיר זייער געפעלן, און ווייל איך צווייפל ניט, אז דו האסט אים ניט געזען, שיק איך דיר דאס ערשטע העפט דורך ק. ב., ווייל איך ווייס, אז דיר וועט עס אויך געפעלן. אז דו וועסט איבערלייענען, שיק מיר אפ, ווייל דאס איז ניט מיינס“.— מ. וו.

# משא-דומה.

**(הפרשה הזאת נמצאה ע"י חוקרי קדמוניות בבית עקד הספרים בפומבדיתא ונשלחה אלינו לפרסמה באס"ח)**

---

א) מי זה העיר רוח בצפון, סערה כבארץ תלאבות: ב) מי הקיץ ישני־
עולם, מי העיר נרדמים משנות דור ודור: ג) הנה כה אמר יי צבאות, יוצר
שמים וקונה הכל: ד) הנה אני בא, כרוח סערה, והרגזתי כל ישבי־תבל,
וכל הממלכות תרעדנה: ה) והתפוררו הררי־עד, וגבעות־עולם תמוטינה,
ונחלי־איתן יחרבון: ו) ושברתי מטות־ברזל, וקראתי דרור לכל אסיר, ועני
ואביון יושעו: ז) כי צעקת־העניים באה באזני, אנקת מרדים שמעתי, וארגז
תחתי: ח) עיני ראו דמעת העשקים. דמי חללי־רעב צעקו אלי מן האדמה
נעויתי משמוע: ט) לכן כה אמר יי אלהים, צור ישראל וגאלו: י) הנני בא
לריב ריב בני, ודם־חללי אביונים מידכם אדרשה: יא) במשפט אביאכם
כל שלוי עולם, אתם אכלי בשר־עניי ומצצי־דמם: יב) עקב כי בזיתם את
העבדה, ועל חיל העובד פשטתם כילק: יג) יען כי רצתם האכר, ותאכלו
יבול אדמתו לא חלו בה ידיכם: יד) כי לקחתם את בניו לעבדים, ובנתיו
בפרך העבדתם: טו) והמעט מזה כי עניתוהן לרוות האבינה יתגורנה
באשמתכם לבשת: טז) על כל אלה אעשה בכם שפטים, וידעתם כי
אני יי: ס ס ס

יז) הנה יום הפקודה בא, יום נקם וגמול נאום אדני: יח) ונקמתי
נקמת מדכאי ידיכם. ונקם אשיב לעשקי־דל וחלכה: יט) ופקדתי על רע
מעלליכם וכל חטאיכם יקמו שבעתים: כ) והסרתי [*] מעל שכמכם
והמכשלה הזאת לא תהיה תחת ידכם: כא) ושברתי גאון עזכם לנצח, לא
תתנשאו על עני ורש, מפרי ידיהם שמנתם עביתם: כב) לא תסיפו בלע
חיל־זרים. בזעת אפים לחם תאכלו. וידעתם כי אני יי: כג) מדגן־האכר
לא תצברו חסן־רב. לתתו במחיר תאוה, באתנן־זונה: כד) מפרי אדמתו,
בעמלו יפתח וישדד, לא תרוו בני־שחץ, כאשר הסכנתם: כה) אז יסחו
בגדים מן הארץ, כי לנגד עיני לא יכון כל עשה־רמיה: כו) רצצי־דלים
ימקו בעונם, ועשקי פעלת־שכיר יספו ואינם: כז) כי עקש ופתלתל תעבת־
נפשי, אף שטי־כזב שנאתי, לא ידבקו־בי: כח) שארית בני־עמי במשפט
יפדה, בצדק ומישרים מעשה־ידו יכנן, אני יי: (*) נמחק בכתב יד)

---

סכום הפסוקים של הפרשה הזאת עשרים ושמונה. סימנם: לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר
וגו': כח"ה בלשה, וסימנם כא גד: והלי"ה: והמעט מזה וכו':

חזק, ונתחזק

אמר המדפיס, בהיות שהפרשה הזאת מתיחשת לדורות הקדמונים ולא נודע מפי איזה נביא מנביאי בית ישראל יצאה, ואף לא נושא ענין „משא דומה" עם תוכן הפרשה, לכן הנני מבקש את מחקקי וכותבי וסופרי בני עמנו לחפש בין הספרים הקדמונים אולי ימצאו איזה זכר להנבואה הזאת ותבוא עליהם בינת רבים וגם ברכת המדפיס בפקודת חוקרי־קדמוניות ישראל בארצות הקדם
בן־לי.

קעניגסבערג, אויגוסט 1891.

די קנאת־סופרים; אז נאָכמאַכן די תורה, די נביאים אָדער די חכמים, אָט טאַקע כאַפּט אייך אָן אזא זאַך, ווי שיר השירים, אָדער א קאַפּיטל ישעיה דאַרף מען קענען און הייסט עס—לא כל אדם זוכה: ניט יעדערער קען.

אזוי! ניט יעדערער קען?! גוט, מיר וועלן זען.

דעם נאָענטסטן טאָג איז אין פיינבערג'ס קאָנטאָר ניט גע־ווען פיל ארבעט און, גנב'ענענדיק פון אים א שעה צייט, האָב איך אויפגעשריבן א קאַפּיטל תנ"ך, נאָכמאַכנדיק די נביאים, און דאָס איז אריין אין דעם 8טן (און לעצטן) נומער „אספפת־חכמים".

אזוי ווי דאָס איז ווארשיינלאָך די איינציקע שרייבעריי פון דעם מין אויף א ריין רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער טע־מע, לאָז איך דאָס דאָ איבערדרוקן, ווי עס שטייט און גייט, הגם נאָר די העברייער צווישן אונזערע לעזער, — נאָר זיי אליין וועלן דאָס קענען פארשטיין.

---

דער אכטער נומער „אספפת־חכמים" האָט שוין אין זיך א סך „אומשולדיקע" ארטיקלען (בלאַנגאַנאַמערעניע—וואָלט שטשעדרין זיי גערופן) צו פארדעקן די ניט־כשר'ע. חוץ װאָס איך בין אין דער צייט געווען שטאַרק פארטאָן מיט דעם „הקול", האָב איך פארלוירן דעם חשק צו ארבעטן פאר א זשורנאַל, פון וועלכן איך בין געווען איבערצייגט, אז אין רוסלאַנד וועט ער שוין קיינמאָל ניט גיין, סיידן מען וועט אים אריינ'גנב'ענען, און דערצו האָב איך ניט געטויגט. אמת, פיל עקזעמפּליאַרן זיינען אריין אין קאָנווערטן, אָבער דאָס האָט ניט געקענט זיין מער ווי איינער אין א שטעטל, צוויי אין א שטאָט.

דאָס בעסטע אינם נומער איז אָן ספק די „משנה" פון אלישע בן אבויה. *)

דאָרטן איז אויך דאָ א מער אָדער ווייניקער אינטערעסאַנ־

---

*) אריין אין צווייטן באַנד פון ליליענבלום'ס געזאַמלטע שריפטן, אין העברעאיש, קראָקוי, 1912. ז' 192—200.

טער קאַפּיטל פון מיין ראָמאַן, וועלכער איז קיינמאָל ניט געענ-
דיקט געוואָרן.

א וואָרט וועגן דער „משוגעת“ (די אכטע) אין יענעם העפט.

דאָרטן ווערט אויספירלאַך באהאַנדעלט די אידייע, אַז די
פאַרשיידענע צייט־פראַגן וועלן קיינמאָל ניט געלייזט ווערן אזוי
לאַנג, ווי עס וועט בלייבן אָן א לייזונג די גרויסע סאָציאַלע
פראַגע.

אויסגערעכנט און באַשפּראָכן זיינען דאָרטן די פרויען־פראַ־
גע, די אַרבעטסלאָזיקייט־פראַגע, די אידן־פראַגע, 36) די אַלטע
פראַגע: וואָרום איז דעם צדיק שלעכט און דעם רשע גוט, די פראַ־
גע מכוח אומגערעכטיקייט אינם געריכט, מכוח שאַרלאַטאַניזם אין
דער מעדיצין.

דער אַרטיקל שליסט זיך מיט א נאָכמאַכונג פון א קאַפּיטל
אין „משלי“ און דערמיט ענדיקט זיך אויך דער „אספת־חכמים“.

אָנגעצייגט אַלס פאַרטיק איז דער נומער אין דעם „הקול“
פונם 22טן סעפּטעמבער 1878, אָבער אַרויסגעקומען איז ער
פיל, פיל שפּעטער.

---

מאָנטאָג דעם 21טן אָקטאָבער איז דער סאָציאַליסטן־געזעץ
אַריין אין קראַפט. דעם זעלביקן טאָג איז געווען אַן אונטערזוכונג
אין דער רעדאַקציע פון אונזער לאָקאַלן דייטשישן אָרגאַן „די קע־
ניגסבערגער פרייע פּרעסע“.

מיר האָט מען מען געגעבן צו וויסן, אַז צווישן אַנדערע זאַכן
איז דאָרטן פון דער פּאָליציי קאָנפיסקירט געוואָרן די אַבאָנענטן־
ליסטע און איך האָב גענומען קלערן, אַז ביי מיר קען זיין אַן
אונטערזוכונג, מחמת איך בין געווען אַן איינגעשריבענער שטענ-
דיקער לעזער. אויף קיין גרעסער בייז האָב איך זיך ניט געריכט.

— „וואָס וועט איצטער זיין?“ — האָב איך געפרעגט דעם
רעדאַקטאָר פון דער פאַרבאָטענער „פרייער פּרעסע“.

דער מאַן, מיטן טויט אויפן פּנים, איז געווען מוטיק און פול
מיט האָפנונג פאַר דער צוקונפט.

— „עס וועט זיין בעסער, ווי מען מיינט", — האָט ער געזאָגט. — „די, וואָס האָבן ניט דעם מוט, וועלן ארויסגיין פון דער באוועגונג: זיי דארפן מיר ניט. די, וואָס וועלן בלייבן, וועלן העלפן ווייטער אויפבויען די פארטיי, — דאָס איז אלץ!"

דאָס האָט מיר איינגעגעבן הארץ. איך וועל זיין פון די, וואָס מען דארף... געוויס...

דערווייל דארף מען ניט דרעמלען. מען דארף זיין צוגעגרייט.

בריוו? ארטיקלען? פארדעכטיקע פאפירן? געוויס, זיי פארברענט מען און דאָס גלייך, אָבער ניט אלע. בילדער? לאסאל'ס און יאקאָבי'ס מוזן בלייבן אויף דער וואנט. אז איך בין א סאָציאליסט, ווייסט מען סיי־ווי־סיי פון דעם אבאָנעמענט־רעגיסטער, וועלכער איז אריינגעפאלן אין די פאָליציייאישע הענט.

וואָס טוט מען אָבער מיט די ביכער? מיט די בראָשורן? אזוינע האָב איך ביי זיך געהאט ביי הונדערט שטיק, פון מארקס „קאפיטאל" ביז א קליין ביכעלע מיט א דייטשישער איבערזעצונג פון פיסארעוו'ס „בינען" אינעווייניק. פארברענען? וואו נעמט מען דערצו הארץ? מיר וועלן זיי פארפאקן „עד יעבר זעם" און ערגעץ־וואו באהאלטן.

אויפגעאָפערט געוואָרן זיינען אויף ביסמארק'ס מזבח מיינע ליבע צייטונגען: דער לייפציגער „פאָרווערטס", די „בערלינער פרייע פרעסע", די קעניגסבערגער צייטונג מיט דעם זעלבן נאָמען, א יאָרגאנג „נייע וועלט", אלטע איינציקע נומערן פון העברעאישע צייטונגען.

א קרבן עולה זיינען זיי ארויף אויף דעם דאָזיקן מזבח און ברענענדיק האָבן זיי נאָך ווארימער געמאכט מיין צעבראָכן, אָבער האָפנונגספול יונג הארץ.

א קרבן עולה! אינגאנצן האָט זיי דער פייער פארניכטעט, אינגאנצן, מיט פילע ארטיקלען, וועלכע איך האָב אין די ברענענדיקע צייטונגען געלייענט, און געלייענט ניט נאָר מיט די אויגן, נאָר מיט דער גאנצער נשמה, מאָל פאר מאָל דורכלעבנדיק אלע געשעענישן, סיי אין פריידן, סיי אין ליידן; צוזאמען מיט זיי

באַקלאַגנדיק געפאַלענע, באַזינגענדיק טריאומפירנדיקע, פאַר־פלוכטנדיק די מלאכי־חבלה, וואָס שטערן און קוועלן און פייניקן די קעמפער פאַר פרייהייט און ברויט.

איך האָב זיך צוגעגרייט צו אַן אונטערזוכונג, געקומען איז עטוואָס (פאַר מיר) פיל שרעקלאַכערעס.

וואָרום זאָג איך: „פאַר מיר", באַהאַלטנדיק די ווערטער צווישן צוויי האַלבע לבנות, ווי עטוואָס, מיט וועלכעס מען שעמט זיך?

אָט הערט.

---

בטבע בין איך געווען, און בין נאָך היינט, דער ריכטיקער הפוך פון אַ העלד, דער קעגנזאַץ פון אַ כוואַט.

געוויס, וואָס מען רופט מאָראַלישן קוראַזש האָב איך, דאַכט זיך, ניט ווייניקער ווי דער דורכשניטלאַכער ניט־שלעכטער מענטש. אַזוי ווייט ווי איך געדענק זיך, האָב איך זיך קיינמאָל ניט אָפּ־געשטעלט פאַר אַ מעגלאַכער, אַמאָל אפילו ניט פאַר אַ וואַרשיינ־לאַכער געפאַר און, נאַטירלאַך, נאָך פיל ווייניקער פאַר אַ אומבאַ־קוועמלאַכקייט פאַר אַ שונא, וועלכן מען קען זיך מאַכן שרייבנדיק, רעדנדיק אָדער ווירקנדיק אַזוי און ניט אַנדערש.

אַלזאָ, קיין פּחדן בין איך, דאַכט זיך, ניט.

אָבער דאַן, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אינגאַנצן 22 יאָר אַלט, בין איך נאָך געווען „אַ פאַרצויגענער בן יחיד", אַ יונגער מאַן מיט אַכט ברידערלאַך און שוועסטערלאַך אין פאַרגעסענע קברים'לאַך, וועלכן מען האָט דערפאַר (ליידער) געהיט ווי די שוואַרצאַפּל פון אויג, אויסהאָדעווענדיק פאַר אַ זיידענעם יונגער־מאַנטשיקל, וועלכער האָט אפשר ניט קיין מורא פאַר דעם מלאך־המות מיט אַלע זיינע אויגן, אָבער פאַר אַ בייזן הונט מיט שאַרפע ציין.

איך בין אויסגעוואַקסן אַ בן יחיד ביי גוטע ליבנדע עלטערן. רעזולטאַט: אַ פיזישער קאַליקע, אַן אַ הויקער אויפן רוקן, אָבער מיט אַ הויקער אויף דעם געמיט זיינעם, אפשר ניט שווער געגנוג

דעם מוט צו דערשטיקן, אָבער גאַנץ גענוג כדי אים צו האַלטן אונטערדריקט.

אַלס אַ בן יחיד האָב איך ניט געטאָרט שווימען, גליטשן זיך, אָדער טאָן אַנדערע אַזעלכע זאַכן. דאַגעגן האָב איך געהאַט פּעריאָדישע לייב־שמערצן, אָפטע קאָפּ-ווייטאָק כמעט אַלס אַ חיוב, אַשטייגער, ווי קומט געזונט צו אַן איידעלן קינד? נאָר פּויערים קרענקען ניט, און רויטע באַקן האָבן גראָבע יונגען. און וואָס אַנבאַטרעפט היטן זיך — דערצו בין איך געווען צופיל פילאָזאָף.

אין מאַנכע פּרטים בין איך אפשר היינט שוין אַ האַרעלע מער מענטש, האָב יעדנפאַלס פיל איבער זיך און קענן זיך געאַר־בעט. אָבער אַזוי אָדער אַזוי, דער פאַקט בלייבט, אַז אין דעם יאָר, וועלכער ווערט דאָ באַשריבן, האָב איך פאַר קיין פאַל ניט געטויגט פאַר אַ העלדן־ראָלע, בעת צו זיין אַ ניש־קשה'דיקער מאַרטירער האָט מיר געפעלט אַ געזונטער, געפעסטיקטער און אָפּגעהאַרטעוועטער קערפּער.

און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט דער 8טער נאָוועמבער. דער סאָציאַליסטן־געזעץ איז שוין 18 טעג אין קראַפט.

עס איז פרייטאָג־צו־נאַכט, דער זייגער האָט נאָר־וואָס גע־שלאָגן 7, און אין דעם העל־באַלויכטענעם פיינבערג'ס קאַנטאָר ענדיקט זיך די אַרבעט. נאָך אין אַ האַלבער שעה צייט וועלן אַלע גיין אַהיים.

פיינבערג אַליין איז שוין ניטאָ, און דער עולם איז לעבעדיק, אויפגעראַמט, מונטער. איך זיץ ווי געוויינטלאַך אויף מיין פּלאַץ (אין דעם „אַלטנ'ס" קאַבינעט) און בעת חברה —

וויצלט זיך,

און קיצלט זיך,

און לאַכט,

ענדיק איך מיין אַרבעט.

מיטאַמאָל פאָרט צו אַ דראָזשקע. פון איר קומען אַרויס צוויי פּאָליציאַנטן מיט אַ אינספּעקטאָר.

א ווײלע שפּעטער שטײט דער לעצטער נעבן מיר. דאָס איז, ווי איך געפין נאָכהער אויס, קרימינאַל־אינספּעקטאָר ניידע.

מיך אָנרופנדיק ביים נאָמען, פרעגט ער, צי דאָס בין איך. איך ענטפער: יאָ. ער רופט זיך אָפּ און זאָגט, מיט העפלאַכקייט אין זיין טאָן און אין זיין בליק:

— אויף דעם פארלאַנג פונם פּראָקוראָר מוז איך אייך ארעס־טירן.

איך שווייג.

א מינוט שפּעטער פאָרט די דראָזשקע אָפּ, אָבער אינעוויי־ניק זיצן שוין ניט דריי, נאָר פיר פּערזאָנען.

דער בן יחיד איז אַן ארעסטאַנט.



ד י  א ו נ ט ע ר ז ו כ ו נ ג. — פון איין טורמע אין דער צווייטער.—איך פאַסט אַנדערטהאַלבן מעת־לעת.—דער שטאַנג איבער דער טיר. — דער ערשטער פאַרהער. — מיין שכן. — א גוטער שליסלער. — שלמה פיינבערג. — דער גענזע־מאַרש. — איך קום ארויס אויף ערבות. — דער צווייטער ארעסט. — א קלוגער אַדוואָקאַט. — איך גיי ארויס אין גלות.

ווי געזאָגט, דעם 18טן נאָוועמבער 1878 בין איך אַרעסטירט געוואָרן.

די דראָזשקע שטעלט זיך אָפּ נעבן פרוי קאַנצל׳ס רעסטאָראַן. אינספּעקטאָר ניידע און איך גייען אריין, די צוויי פּאָליציאַנטן בלייבן פון דרויסן.

אין מיין צימער ווערט געמאַכט א שטרענגע אונטערזוכונג, מען עפנט קאַמאָדן, קעסטלאַך; מען זוכט אונטער בעטן, אונטער אַלמערס; מען זוכט אין די רוקנס פון ביכער, צווישן זייערע בלעטער; מען זוכט אונטער בילדער אויף די ווענט; מען זוכט אומעטום, בעסער ווי ביי פרומע אידן צו בדיקת־חמץ, מיט מער ערנסט.

און „מיין צימער" איז אייגנטלאַך גאָר ניט מיינער. וואוינען וואוין איך אויף בראָדבענקען־גאַס און נאָר אין דער לעצטער צייט האָב איך מיין קאָנטראַבאַנד אריינגעקרוישקעט צו מאַדאַם קאַנצל. די פּאָליציי האָט שאַרפע אויגן און א לאַנגן קוש און, ניט האָבנדיק געפונען קיין שום זאַך אין בראָדבענקען־גאַס, איז זי געקומען אהער.

און באַלד יאָוועט זיך א זאַק מיט א מויל פון א גהינום, און ער שלינגט איין מיינע ביכער און בראָשורן, שלינגט נאָכאנאַנד איין בוך נאָך דעם אַנדערן, איין בראָשור נאָך דער אַנדערער. דער קאַמאָד ווערט אַלץ פוסטער און דער זאַק אַלץ פולער.

איבערגעלאָזן ווערט מיין היינע און שעקספּיר (אין א דייטשישער איבערזעצונג) און בערנע און בערנשטיינ'ס נאַטורוויסנשאַפטלאַכע פאָלקסביכער און א טוץ אַנדערע ביכער, צווישן זיי אָלע העברעאישע, א פּאָר ווערטערביכער און ליבערמאַנ'ס „האמת".

איך בין, דאַכט זיך, ניט איבערגעשראָקן, אָבער מיך קוועלט די אומבאַוואוסטע מיסטעריעזע לאַגע. אויף אָלע מיינע פראַגן ענטפערט דער אינספּעקטאָר, אַז מאָרגן פרי וועט זיין מיין פאַרהער און איך וועל אַלץ ערפאַרן.

וואָס קען דאָס האָבן צו באַדייטן?

דערווייל גייט זיך די בדיקת־חמץ איר גאַנג, און דער זאַק פאַרשלינגט א גאַנץ פּעקל בילדער פון גוטע פריינט און קרובים. אויף דער וואַנט הענגען פּאָרטרעטן פון לאַסאַל, יאַקאָבי און מאַרקס. די לעצטע צוויי נעמט ער אַרונטער, לאַסאַל'ס ניט. משמעות, האָט ער אים ניט דערקענט... אָבער דאָס שיקט זיך ניט. קרימינאַל־אינספּעקטאָר ניידע'ס אויגן האַלט מען אין קעניגסבערג פאַר די שאַרפסטע אין שטאָט, און ווי האָט ער ניט ערגעץ־וואו פריער געזען דעם גרויסן אַגיטאַטאָר'ס פּנים?

„וויר געהען"! — זאָגט ניידע.

מיר גייען אַרויס פון צימער אין זאַל אריין. פרוי קאַנצל ווישט זיך די אויגן, איר עלטסטע טאָכטער אַנאַ זעט אויס בלאַס ווי דער טויט, און די קלענערע 6־יאָריקע לאָטכען ווײנט מיט ביטערע טרערן.

די קליינע גיט מיר צום אָפּשייד א קוש, וועלכע טראָגט אריבער צו מיר איר גרויסע זעקס־יאָריקע נשמה, צום „אייביקן אָנדענקען" אשטייגער... א הערצלאַכע מתנה... די ביידע עלטערע דריקן מיין האַנט און באַלד זיץ איך שוין ווידער אין דראָזשקע מיט דריי אָרדנונגס־היטער אַרום מיר, פאָרנדיק אויף קהל'שע הוצאות צו קהל'שן בנין, וועלכן גנבים רופן אָן האָטעל (וואו מען וואוינט אָן דירה־געלט), און „ערלאַכע" לייט — א פּאָליציי־סטאַנציע, דאָס האַלטנדיק פאַר דעם שטאַרקסטן באַווייז פון ציוויליזאַציע.

דער זייגער איז 9. עס איז פינסטער.

איך בין שוין אינעווייניק. מ'נעמט מיך אריין אין א צימער, וואו עס איז דא מער לופט ווי ליכט. מיינע קעשענעס ווערן דורכגעזוכט. אלץ ווערט ארויסגענומען, באהאלטן אין שראנק און פארשריבן. ארדנונג איבער אלץ!

מען פירט מיך ארויף אויפן צווייטן שטאק. מיין באגלייטער איז אן אלטער סאלדאט. אויפן טרעפ באגעגנט אונז אן אנדער היטער, וועלכער באגריסט מיין אונטערפירער. ענטפערנדיק אויף יענעמס א וואונק, זאגט ער מיט א טעאטראלישן „אן א זייט":
„ווידער איין סא־צי־אל!"

איך פארשטיי דערפון, אז איך בין יעדנפאלס דא קיין בן יחיד ניט: איך האב דא ברידער...

---

מיין קאמער איז נומער 24. עס נעמט מיר א ווײַלע צייט זיך צוצוגעוואוינען צו דער נייער „אבסטאנאווקע". מיטאמאל כאפ איך זיך, אז איך וויל עסן. איך קלאפ אין טיר. עס יאווועט זיך אן עלטערער מאן מיט א פנים, וועלכער געפעלט מיר. איך גיב אים איבער מיין מאגן־דעפעשע. ער דערקלערט מיר, אז „קאזנא" קארמעט מענטשן ניט אזוי שפעט אין אוונט, אבער פון מיינע 8 מארק, וועלכע מען האט ביי מיר אוועקגענומען, קען איך אויסגעבן וויפיל איך וויל אויף א ביים מיט א זופ.

איך דאנק אים. אין א ווײַלע ארום האב איך פאר זיך א פלאש ביר מיט צוויי בוטער־בראדן מיט װאורשט.

ארום האלב עלף שלאף איך ווי א גע'הרג'עטער, הגם צו אזא בעט בין איך אפילו אין מיין טאטנ'ס ארימער הויז ניט געוואוינט געווען: א היי־זאק אונטער דער זייט, א היי־קישן צוקאפנס.

ווען איך עפן אויף מיינע אויגן, איז שוין האלב צען אינדערפרי. מיין ערשטער פארהער, — זאגט מיר מיין אויפוועקער, — דארף זיין אין א שעה ארום.

און כך־הוה. אום האלב עלף שטיי איך פארן קרימינאל־

אינספּעקטאָר הירש. ער איז זייער העפלאך — הייסט מיר זיך זעצן.

ער קאַלופּעט זיך אַ ווײַלע אין זײַנע פּאַפּירן און דערציילט מיר דאָן, אַז מען באַשולדיקט מיך אין „ניהיליסטישער און סאָ־ציאַליסטישער טעטיקייט און פּאַרבאַרייטונג צו מלוכה־פאַרראַט“.

דער צווייטער טייל פון מײַן חטא איז פאַר מיר אײַנפאַך אומפאַרשטענדלאַך. וואָס הייסט אין מײַן פאַל „פּאַרבאַרייטונג צו מלוכה־פאַרראַט“?

— דאָס איז אוממעגלאַך, — פּרוביר איך צו טענה׳ן מיטן אינספּעקטאָר הירש. — איר ווילט דאָך ניט זאָגן, אַז...

— „איך זאָג גאָרניט, אָבער אַ חשד איז דאָ, אַז איר צו־זאַמען מיט אײַערע דריי גענאָסן האָט געמאַכט פּליאַטקעס קעגן דעם לעבן פון „זײַנער מאַיעסטעט דעם (דייטשישן) קייזער“.

עס קומט דער פאַרהער, אַ פּראָטאָקאָל ווערט געמאַכט, און איך גיי צוריק אין נומער 24

עס דויערט אָבער ניט קיין האַלבע שעה, זיץ איך שוין ווי־דער אין אַ וואָגן, ווידער שוין באַגלייטעט, ווידער געהיט, ווי אַ שוואַרצאַפּל פונם אויג. דאָס פאַר איך צו מײַן שטענדיקער דירה אין דער אונטערזוכונגס־געפענגעניש.

דאָרטן ווער איך געוואויגן, געמאָסטן און פונדאָסניי אונטער־זוכט. מײַנע סימנים ווערן פאַרשריבן און איך קריג אַ נײַע קאַמער. 12 איז שוין מײַן נײַער נומער.

דער שליסלער (קליוטשניק), וועלכער פאַרשפּאַרט מיך אונטער אַ מאַסיווער אײַזערנער טיר מיט אַ לעכל אויבן אין מיטן, אינע־ווייניק שמאָל און פון דרויסן ברייט, — ער איז אַ דייטשישער פּאָליאַק פון פּאָזען מיט אַ נאָז ווי אַ בוריק און מיט אַ קוק פון אַ תלין.

איך האָב געהאַט פאַרשלאָפן מײַן פרישטיק און בין גוט הונגעריק.

עס שטעלט זיך איצט אַרויס, אַז איך האָב דאָ, אין דער אונטערזוכונגס־געפענגעניש, צוליב מײַן פאַרהער, פאַרזאַמט מײַן

מיטאָג. דער מאַן מיט דער נאָז בורטשעט, אַז ער וועט זען, וואָס ער קען טאָן פאַר מיר.

עס פאַרגייט אַ צייט, דאַן עפנט זיך די דיקע טיר, עס קומט אַריין אַ גרויסע שיסל מיט אַרבעס, אויסזעענדיק פון אי־נעווייניק און פון דרויסן שוואַרצלאַך און שמוציק.

מיט פאַראַכטונג שטופּ איך עס אַוועק פון זיך. דער מאַן זעט מיך אָן מיט דער זעלבער פאַראַכטונג, ווי איך זיין שיסל, און זאָגנדיק: „נאַ, דאָס איז אונזערע קאָשט!", טראָגט ער אַוועק דאָס עסן.

בענג! זאָגט די טיר און מאַכט זיך צו.

באַלד, קלער איך, קומט געוויס מיין „אַבענד־ברויט". איך וואַרט אַ שעה, צוויי, דריי, — ניטאָ קיין עסן. גאַרניט! לחלוטין גאַרניט! פּאַסקודנע...

איך קלאַפּ אין טיר. דער שליסלער דערקלערט, אַז מיין „רע־גולערע" פאַרשפּייזונג איז נאָך ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון נאַטשאַלסטווע, און די שיסל אַרבעס האָט דאָס דאָ פאָרגעשטעלט אַ מין קאָמבינאַציע פון מיטאָג מיט וועטשערע־עסן, וואָס דער־פאַר איז געווען די שיסל אַזוי גרויס און די אַרבעס אַזוי פיל. איצט אָבער קריג איך שוין מער גאָרניט ביז מאָרגן פרי.

רחמים בעט איך כאָטש אַ שטיקל ברויט. ער ענטפערט ניט. איך קלאַפּ און איך טראַסקע אין טיר אַזוי שטאַרק און אַזוי לאַנג, ביז ער קומט צוריק און זאָגט מיר, אַז אויב איך וועל ניט רואיק זיין, גיי איך אין סקלעפּ אַראָפּ — אין קאַרצער — איבער נאַכט.

מיר דערלאַנגט אַ זעץ אין נאָז אַ קעלער־גערוך, פאַר מיינע אויגן זעען זיך מייז מיט טשורעס, מיט אַלערליי שרצים, און ווען איך הויב פון דאָס ניי אָן צו קלאַפּן, טו איך דאָס שוין אַביסל זאַנפטער.

דער בעל־דבר שיינט אויך ווייכער. ער האָט אויף מיר רחמנות, דערפאַרנדיק, אַז איך האָב שוין ניט געגעסן אַ קימאַ־לן פון 22 שעה אויפן זייגער.

— „ווייסט איר וואָס? — זאָגט ער גאַנץ נאַאיו און כמעט פריינטלאַך — לייגט זיך רואיק אַנידער און שלאָפט“.

---

ליכט ווערט ניט געגעבן.

איך גיי אַרום אין מיין קאַמער, וועלכע איז אַזוי הויך, ווי זי איז לאַנג, און אַזוי שמאָל, אַז ווען איך ציה אויס מיינע אָרעמס, קען איך דערגרייכן ביידע ווענט. די קאַמער פון דער פּאָליציי־געפענגעניש איז אַ גראַמער צימער לגבי איר. אין דער הויך קעגן אַ טיר זעט זיך אַ קליינינקס פענסטערל, צוויי קוואַדראַט־פוס גרויס. עס קוקט אַרונטער אין הויף, אָבער טאַקע נאָר דאָס—דאָס פענסטערל—ניט דער אַרעסטאַנט: עס איז פאַרשלאָגן מיט שיפּע, דיקע ברעטער אין דער ברייט, וועלכע נעמען ניט נאָר צו אַ העלפט ליכט, נאָר זיי לאָזן אייך ניט אַרונטערבליקן.

אַ הונגעריקער שפּרייז איך הין און צוריק, ביז איך ווער מיד. אפשר, קלער איך, וועל איך פאַרמאַטערטהייט קענען איינ־שלאָפן.

איך טו זיך אויס, לייג זיך אַנידער, אָבער שלאָפן קען איך ניט. מיטאַמאָל דערהער איך שווערע טריט אין קאָרידאָר און קלינגעריי פון גרויסע שליסלען, וועלכע קלאַפּן איינער אָן דעם אַנדערן, ווערנדיק געטראָגן.

דאָס גייט מען עמיצן פאַרשפּאַרן, אָדער אַרויסלאָזן—טראַכט איך. אָבער דער שליסלער שטעלט זיך אָפּ נעבן מיין טיר. צו וואָס?

מיטאַמאָל הער איך, ווי עס הויבט זיך אויף פון יענער זייט טיר אַ שווערער פלאַכער אייזערנער שטאַנג און לייגט זיך אַרי־בער מיט אַ קלאַנג אין דער ברייט איבער דער טיר. דאַן הער איך, ווי עס ווערט אַרויפגעלייגט אַ שלאָס און ווי ער ווערט פאַרשלאָסן. הייסט עס, צו דער דיקער אייזן־שראַנק־טיר האָט מען נאָך געדאַרפט אַן עקסטראַ אייזערנעם שטאַנג צו פאַרהיטן, אַז מען זאָל זיך חלילה ניט אַרויס'גנבֿ'ענען!

עס ליגט אין מיין כאַראַקטער צו זען אין יעדער זאַך פריער ווי אַלץ דאָס, וואָס איז דאָ קאָמישעס אין איר. דאַן ערשט זע

איך די טראַגישע, די שרעקלאַכע זייט. אויף דעם, לאָמיך אגב־אורחא באַמערקן, האַלט זיך די גאַנצע „משוגע'נע פילאָזאָפיע" מיינע.

דער שטאַנג קומט מיר פאַר לעבערלאַך — אויף דעם ערשטן בליק. דאַן אָבער גייט מיר אַריבער אַ סקרוך איבערן לייב... עס חזר'ט זיך איבער אין מיינע געדאַנקען דער גאַנג, די שווערע טריט אין קאָרידאָר, דער שליסל־געקליר, דאָס הויבן זיך פונם שטאַנג, דאָס שליסן פונם גרויסן שלאָס און דאַן דאָס זעלבע ביי די אַנ־דערע קאַמערן.

און איך ליג און קלער: פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן, פאַררינגלט, ווי אַ בייזע בעסטיע. ווי אַ געפערלאַכער מטורף, אַליין אין אַן ענגן קאַמערל, אָן ליכט, אָן שפייז, אָן עמיצנס הילף אין פאַל פון אַ שרפה, אָדער פון אַ קראַנקהייט — עס פילן זיך נעמלאַך שוין די הונגער־קרעמפּ! — ווילנלאַז, מאַכטלאָז, פאַרשלאָסן בייטאָג, דאָפּלט פאַרשלאָסן איבער נאַכט, אוועקגעלייגט, ווי אַ זאַך, וועל־כע מען היט פון גנבים, אָדער ווי אַ געפאַר, צו וועלכער מען לאָזט קיינעם ניט צו. און אַזוי דאָ ליגן, ווער ווייסט ווי לאַנג, און ליגן נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט אַ שטיקעלע האַרץ פאַר פרעמדע ליידן, אַן אויג פאַר פרעמדער קנעכטשאַפט און אַ מוח, וועלכער ווייזט אַ וועג צו דער באַפרייאונג, אַ תרופה פאַר די יסורים...

און דאָ לאָזט דער הונגעריקער מאָגן ניט שלאָפן, ווייל ער איז בטבע קעגן שלאָף, סיי ווען ער איז צו פול, סיי ווען ער איז צו ליידיק, וואָס דאָס איז דער הפוך ווי ביים אַרבעטער, וועלכער דרעמלט דוקא איין סיי פון צופיל זאַטקייט, סיי פון צופיל הונ־גער, דרעמלט און שלאָפט און כראָפּעט אַמאָל אַזוי, אַז נאָר אַ קראַך וועקט אים אויף...

בקצור, עס סקרוכעט. איך דריי זיך אַרום אויף דער „פּע־

רענע" פון היי ביז זיבן, ביז אַכט, ביז ניין, אָבער ענדלאַך שלאָף איך איין.

אינדערפרי הער איך ווידער די שליסלען, מיט דעם שלאָס, מיט דעם שטאַנג, און באַלד עפנט זיך מיין טיר און עס קייקלט זיך עפּעס אריין. איך דערלאַנג עס אַ בריק מיטן פוס און עס קלאַפּט זיך אָפּ אָן וואַנט אָן הילך. זייף, ממשות, קלער איך ביי זיך, אַ קיילעכדיקער שטיק זייף. איך וואַרט, ביז עס ווערט אַביסל ליכטיקער און נעם עס אריין אין האַנט. אהאַ, דאָס איז אַ שטיק שוואַרץ ברויט! ענדלאַך!

עס איז האַרט ווי אַ שטיין, אָבער אין קרוג איז דאָ וואַסער. איך עס מיין ערשטן פרישטיק אין געפענגעניש. קיין טיש איז ניטאָ, אָבער איך דאַרף אים ניט, איך עס: נאָך אַ תענית פון 35 שעה.

מיט מעבל בין איך דאָ איבערהויפּט ניט פאַרוואָרפן. איך קען זיך פריי באַוועגן. אַלץ, וואָס אַרום מיר איז דאָ, איז מיין בעט, אַ בענקל, וואַסער־קרוג, אַ בלעכענער שעפער און אַ גרויסער צעבער.

אין אַזאַ האָטעל ברענג איך צו די ערשטע נאַכט.

גייענדיק צום פאַרהער פונם פּראָקוראָר, האָב איך דערזען מיין פריינט אַדאָלף מאַרגאָליס, דעמאָלט אַ סטודענט אין קעניגסבערג, שפּעטער אַ דאָקטאָר אין ניו יאָרק, זיצנדיק אין אַ ווינקעלע. מיר האָבן זיך באַגריסט מיט אַ וואונק און ביידע האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען געפאַנגען אין דער זעלביקער נעץ. וועגן מאַרגאָליס'ן האָב איך פאַרבייגייענדיק שוין גערעדט און וועל פּיליכט נאָך רעדן אין דעם צווייטן טייל פון די עראַי־נערונגען.



אַדאָלף מאַרגאָליס

ביים פּראָקוראָר גופא האָב איך אויסגעפונען, אז ארעסטירט זיינען חוץ אונז ביידן נאָך צוויי אַנדערע: די סטודענטן שלמה איינגנסאָן און לעאָן (?) הורוויטש. *) איך האָב אָבער ארויסגעפונען נאָך אַ וויכטיקע זאַך.

דער אויספאָרשער האָט מיר גלייך געוויזן מיינעם אַ בריוו, אדרעסירט צו ליבערמאַנ'ען אין ווין. הייסט עס, ליבערמאַן האָט געהאַט ביי זיך מיינע בריוו, בשעת מען האָט אים ארעסטירט... אזוי ווי איך האָב אין מיין יונגן ענטוזיאזם גערעדט און געשריבן וועגן די „שרי מעלה“ און „שרי מטה“ מיט אַ פולער מאָס זאַלץ און פעפער, איז מיר איצט קלאָר געוואָרן, אַז דער עסק קען ווערן פיל ערנסטער, ווי איך האָב געקלערט. נאַטירלאַך, „פּאָרבאַרייטונג צום מלוכה־פּאַרראַט“ וועלן זיי קענען אונז קיינמאָל ניט קע־

*) מער וועגן זיי אין צווייטן טייל „עראינערונגען“, אין באַנד 10

נען דערווייזן. אָבער דאָס קען ווערן שלים געגוג אונטער די אומ־שטענדן.

הכלל, עס ווערט זייער זויער אין הארצן! אָבער אפילו אין דעם ערשטן ווירקלאך ערנסטן מאָמענט מאַכט זיך אַ קאָמיזם, פון וועלכן איך לאַך זיך כמעט פאַנאַנדער דאָ אין געריכט־זאַל,



שלמה אייגענסאָן

ביים אויספאָרשער, דאָס הייסט, ביים קברות־מאַן פון דער פריי־הייט, אויפן סאַמע בית־עולם.

דער שפּאַס איז אָט אַ וועלכער:

מיין בריוו, דער „ערגסטער", צו ליבערמאַנ'ען איז געשריבן אויף דייטש, אָבער דאָרטן קומט פאָר אַ פראַזע, אין וועלכער

עס געפינט זיך דאָס וואָרט יום-כפור. איך שרייב, נעמלאך, אז אויב ער, ליבערמאַן, וועט טאָן דאָס אָדער יענעס, וועט ער ניט דארפן פאסטן יום־כפור. און פארקירץ דאָס לעצטע וואָרט אזוי: „יו"כ". געשריבענערהייט זעט דאָס אָבער אויס, ווי א פּאָר צע־הרג'עטע לאטייניש בוכשטאבן, און דער אויספאָרשער קען זיי בשום אופן ניט לייענען. דאָס מוז זיין, באשליסט ער ביי זיך, א שטיק קאָנספּיראציע, רחמנא־לצלן. איך פיל, אז דאָ וואָלט פאר מיר געלוינט די מעשה אויפצוקלערן, אָבער דער שפּאָס איז צו גוט, און איך רעד זיך אויס, אז איך געדענק ניט, וואָס די פּאָר בוכשטאבן האָבן צו באדייטן. צי האָבן אויף דעם געשוויצט גע־לערנטע האנטשריפט־עקספּערטן אָדער ניט, ווייס איך ניט, אָבער מיך האָט דאָס געקיצלט צוערשט און שפּעטער פארדראָסן.

---

דער געפענגעניש־דירעקטאָר באזוכט אונז אַלע דאָנערשטאָג. צי פיינבערג האָט אים „געזען", אָדער איך אַליין האָב ביי אים נושא־חן געווען,—ווי די מעשה זאָל דאַרפן ניט געוועזן זיין, מען פאנגט מיך אָן בעסער צו באהאנדלען גלייך נאָך זיין וויזיט. מען דערלויבט מיר צו קריגן ביכער פון דער היים — ניין טעג האָב איך זיך געקאָרמעט מיטן נייעם טעסטאמענט און מיט א בוך פון הימנען; מען דערלויבט מיר אויך צו שרייבן נאָך ליכט צו פרוי קאנצל און, וואָס איז בעסער ווי אַלץ — איך קריג די דערלויבע־ניש צו שפּאצירן צוויי מאָל א טאָג, יעדעס מאָל א שעה צייט אונטן אין הויף.

אויפן ניינטן טאָג קריג איך אויך א שכן אין מיין קאמער. מען שטעלט אריין נאָך א בעט און מען זעצט אריין נאָך א מענטשן.

דער שכן מיינער איז א דייטשישער איד פון די וואוילע, ער קריגט שפּעטער דריי יאָר צוכטהויז פאר שווינדל און ער שיינט זיי צו פארדינען כשר. אָבער ארום דעם קלער איך ניט, ווען ער קומט אריין און, ניט אכטנדיק אויף זיינע זייער פאסקוד־

נע געוואוינהייטן, ווער איך צו אים וואָס אַ טאָג לענגער אַלץ מער צוגעקלעפּט.

אים, ווי מיך, האָט מען ארעסטירט אין אַ פרייטאָג-צו-נאַכט, מער נישט אַ וואָך שפּעטער. און מאָל פאַר מאָל יעדן פרייטאָג אָוונט קומט ביי אונז פאָר אַזאַ מין סצענקעלע:

איך צינד אָן אַ ליכט און זעץ זיך לייענען, ער זיצט און שווייגט און טראַכט. פּלוצלונג עפנט ער דאָס מויל, זיך ניט ווענדענדיק צו קיינעם ניט און זאָגט: „פאַראַכטאָגן (אָדער פאַר צוויי וואָכן, פאַר דריי וואָכן א. אַ וו.) בין איך געזעסן צום שבת־מאָלצייט מיט מיין ווייב און מיינע פינף קינדער ארום מיר אין אַ ליכטיקן אויסגעפּוצטן צימער. ווען זיי זיינען אריינגעקומען...“

ווייטער פלעגט ער ניט גיין און פלעגט וויינען ווי אַ קליין קינד. און איך, ניט צווייפלענדיק אויף אַ מינוט, אַז ער איז אַ זשוליק פון די געפערלאַכסטע, פלעג קריגן די טרערן אין די אויגן אריין מאָל פאַר מאָל.

---

אין די זיבן וואָכן, וואָס איך בין געווען אין אונטער־זוכונגס-געפענגעניש, בין איך, נאַטירלאַך, געווען אינגאַנצן אָפּגע־שניטן פון דער וועלט. מיין שכן איז געקומען ניין טעג שפּעטער, אָבער ער האָט אפילו ניט געוואוסט, אַז עס האָט זיך עפּעס אויף דער ווייסער וועלט באַוויזן אַזאַ זאַך ווי אַן „אויסנאַמס-געזעץ“ געגן סאָציאַליסטן. צי די פּאַרטיי האָט עפּעס געטאָן, כדי אונטערצו־שטעלן ביסמאַרק'ן אַ פיסל, אָדער ניט, האָט דער מאַן געוואוסט ניט מער ווי דער „קאַלפאַקטאָר“, אַ האַלבער אידיאָט און אַ „מאַיעס־טעט-באַליידיקער“, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט זיך ארומצודרייען אין קאָרידאָר און צו „באַדינען“ (מ'שטיינס געזאָגט!) די אַנדערע ארעסטאַנטן. צווישן מיין נייעם שכן און מיר איז נאָר געווען איין זאַך געמיינשאַפטלאַך: אונזער ביידענס באַוואונדערונג פאַר דעם אַלטן גרויסן יאָהאַן יאַקאָבי, וועלכער איז געווען געשטאָרבן מיט דריי חדשים פריער ווי איך בין אָנגעקומען קיין פּרייסן, איז

איצט שוין געווען אַנדערהאַלבן יאָר טויט. פון יאַקאָבי פלעגט מיין קאַמער־חבר האָבן צו דערציילן אַ סך שיינע אַנעקדאָטן.



יאָהאַן יאַקאָבי

און ביינאַכט, ליגנדיק אויף מיין שטרוי־זאַק, פלעג איך אָפט טראַכטן וועגן דעם וואונדערבארן מאַן, וועלכער איז צו 70 יאָר געוואָרן אַ סאָציאַליסט און האָט זיך שפּעטער אַנטזאָגט פון זיין רייכסטאַג־מאַנדאַט, ווען ער איז געווײלט געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווייל דאָס דייטשע רייך, ווי פון ביסמאַרק'ן געשאַפן, האָט אים ניט געפעלן... אָט אַזאַ מאַן, האָב איך גע־טראַכט, האָט אַ פּרינציפּ, וועלכער איז אים טייערער ווי אַ זיץ אינם פּאַרלאַמענט.

ווער ווייסט, פלעג איך טראַכטן, וואָס דערווייל האָט פּאַסירט אין בערלין, אין לייפּציג, אין האַמבורג, אין אַנדערע ערטער, מיט אַ גרעסערער אַרבעטערשאַפט ווי אונזערע אין קעניגסבערג? איז דאָס מעגלאַך, אַז דאָס נידערטרעכטיקע געזעץ איז טאַקע אומעטום אַזוי רואיק אָנגענומען געוואָרן? איז עס דענקבאַר, אַז אין ערגעץ איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין שום פּאַרזוך צו שאַפן אַ געהיים־

אַרויסגעגעבענע ציימונגז? האָט מען דאָך אין רוסלאַנד אין דעם זעלביקן יאָר „פון אונטער דער ערד" אַרויסגעגעבן צוויי ציימונגען און פאַרשיידענע פלוגבלעטער (ליפּלעטס)! איז טאַקע אין ערגעץ נישט גאָרנישט געטאָן געוואָרן? עס איז שרעקלאַך צו האָבן אַרום זיך אַ וועלט, וואָס לעבט און באַוועגט זיך און דערפון אַליין גאָר־נישט ווּיסן, זייענדיק באַגראָבן אין אַ לעבעדיקן קבר..

---

מיר האָבן אין אונזער קאָרידאָר פיר שליסלער (קליוטשני־קעס), איינעם אויף יעדן פערטן טאָג. דער פּאָליאַק מיט דער בוריק־נאָז איז איינער פון זיי. אַן אַנדערער איז אַ פיין הויך־געוואַקסענער דייטש מיט אַ לאַנגער פעך־שוואַרצער באָרד און מיט אַ פּאָר כיטרע אויגן.

איך האַלט אים אין פאַרדאַכט צו זיין אַ „פּאַרכאַפּטער". ער איז זייער גוט צו מיר. איין טאָג, למשל, קומט ער אַריין אין מיין קאַמער, פאַרמאַכט די טיר, קוקט זיך זייער פאָרזיכטיק אַרום און, אַרויסנעמענדיק פון הינטער־קעשענע אַ פלאַש מיט שנאַפּס, באָט ער מיר אָן אַ „שלוקכע". אַן אַנדערש מאָל דער־ציילט ער מיר, אַז זיין טאָכטער ברענגט אים יעדן טאָג עסן און זי טראָגט אַוועק, וואָס ער גיט איר — אַלץ, וואָס ער גיט איר... אַ קאַפּולער אָנצוהערעניש! אַ געלעגנהייט צו שרייבן צו פיינ־בערג'ן אַ בריוו, וועלכער זאָל קענען גיין ניט דורכגעזען פון דעם פּאָליציי־דירעקטאָר, דעם אויספאָרשער און דעם פּראָקוראָר, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַנדערע געוויינלאַכע בריוו.

עס איז אָבער ביי מיר ניטאָ קיין פּאַפּיר. האַלט, אָט איז דאָס הייליקע יעוואַנגעליום! דעם איינבינדער'ס אַריינגעקלעפּטער בלאַט פעלט ביים פאָדערבלאַט, אָבער עס איז דאָ ביים הינטער־בלאַט. עס איז געלבלאַך און שמוציק ווי אַן אָסיען־בלאַט אין זומפּ, אָבער עס איז בעסער ווי גאָרניט.

איצט אַ בליישטיפט! איך טו אַ בעט מיין פריינט, דעם שליסלער.

„אי, בעוואַרע! וואָ דענקען זיי הין?!" שרייט ער אויס.

אין אונזער קאָרידאָר איז חוץ די שליסלער פאַראַן א מין משרת, וועלכן מען רופט קאַלפאַקטאָר. ער איז א שטראָפלינג, וואָס האָט „די פרייהייט פון דעם גאַנצן קאָרידאָר" פאַר גוטער אויפפירונג. מיט אים מאַך איך א געשעפט. ער גיט מיר א האַלבן בליישטיפט און איך — ניט האָבנדיק קיין געלט — גיב אים דערפאַר א פאָר וואָלענע אונטער־הויזן. מיר זיינען ביידע צופרידן.

דער שליסלער מוז איצט שוין זיין טויט און דערפאַר מעג געזאָגט ווערן, אז אין דריי טעג אַרום האָט פיינבערג פון מיר געקראָגן א לאַנגן העברעאישן בריוו. עס איז מעגלאַך, אז אָט־דער בריוו האָט מיינע פריינט און מיך אליין געראַטעוועט פון דעם בער׳ס לאַפּעס, ווי מען וועט באַלד זען.

---

שלמה פיינבערג, פון וועלכן עס איז שוין גערעדט געוואָרן אין א פריערדיקן קאַפּיטל, האָט געשטאַמט פון א גרענעץ־אי־דישע פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען מער איד ווי דייטש. ער, שלמה, מער דייטש ווי איד. ווי די גדלות פון דער פירמע האָט פּראָגרעסירט, גייענדיק פון די קליינע גרענעץ־שטעטעל, יורבעריק (יורבורג, געאָרגענבורג) ביז די גובערניע־רעזידענץ קאָוו־נע, און פון דאָרטן ביז די צווייטע קעניגלאַך־פּרייסישע רעזידענץ, קעניגסבערג, אזוי האָט זיך אַנטוויקלט די „ציוויליזירטקייט" פון די פיינבערגס, א שטייגער: איד — דייטשער איד — אידישער דייטש — כמעט דייטש.

פיינבערג האָט געהאַט איבערצייגונגען און דעם מוט צו לעבן נאָך זיי, ניט אַכטנדיק אויף די פאַרהעלטנישן. מען האָט אין קאָוונע געהאַלטן ניט נאָר אים אליין, נאָר אַלע זיינע גע־שעפטס־פירער, בוכהאַלטער און פּריקאַזשטשיקעס פאַר גאַנץ אָדער האַלב פאַרכאַפּטע. ניט אַכטנדיק אויף דעם וואָס מיין פאָטער איז געווען „ר׳ זיסל", מיט דער נגינה אויפן ר׳, האָט מען מיך געהאַלטן אין קאָוונע פאַר א פאַרלאָרענע נשמה נאָר דערפאַר, ווייל איך בין געווען שלמה פיינבערג׳ס א „קאַנטאָ־

ריסט". דאָסזעלבע, לאָמיך פאַרבייגייענדיק באַמערקן, האָט מען געהאַלטן פון דעם פאָטער פון דער אומפאַרגעסלאַכער רעוואָ־לוציאָנערע ליובע לעווינסאָן־אייזנשטאַדט. ער האָט געגאָלטן פאַר א כופר בעיקר נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געווען פיינבערג'ס קאַסירער.

און דאָך איז דער דאָזיקער מחלל־שבת'ניק, דער דאָזיקער טרפה־עסער, דער דאָזיקער „בערלינטשיק" געווען אלגעמיין גע־אַכטעט אין קאָוונע און אין גאַנץ ליטע, פון די פרומע, ניט ווײ־ניקער ווי פון די לינקע. דאָס הייסט, ווי מען זעט, געמוזט זיין א מערקווירדיקע פערזענלאַכקייט.

קודם כל אלם פילאַנטראָפּ. זיין האַנט איז אַלעמאָל געווען אָפן און דאָס האָט זיך ספּעציעל געוואָרפן אין די אויגן, ווייל זיין קאָנקורענט, דער באַנקיר דוד האַלפערין, איז געווען א קאַרגער פּרימאַק, א גאָטס־סטראַפּטשע, וועלכער האַלט פון תורה ועבודה, אָבער ניט פון גמילת חסדים.

דאַן איז פיינבערג געווען דער ערשטער אין ליטע, וואָס האָט אַלע יאָר פאַרטיילט צווישן זיינע קאַנטאָרשטשיקעס א צענטל פון זיין פאַרדינסט. ער האָט דאָס געטאָן לאַנג, לאַנג איידער וואָס מען רופט „פּראָפּיט־שיירינג" איז אין דער וועלט באַקאַנט געוואָרן.

און חוץ דעם איז ער געווען ניט פרום מיט א פילאָזאָפישער סיסטעם, א קאָנזעקווענטער פריידיינקער און א קלוגער איד. דאָס האָבן אין גרונט הארצן אפילו די פרומאַקעס רעספּעקטירט. אַלע אָבער האָבען געפילט, אז אויב ווער עס איז וועט ווען עס איז אין אן עת־צרה פאַרטיידיקן דעם אידישן כלל וועט דאָס זיין דער זעלביקער שלמה פיינבערג.

אז אידן זאָלן זיך קאָנען אליין פאַרטיידיקן, אז זיי זאָלן קענען אליין קעמפן פאַר זייער רעכט, אז זיי זאָלן קענען אויס־קומען גאָר אָן שתדלנים, גאָר אָן באַשיצער, דאָס איז דעמאָלט נאַטירלאַך קיינעם ניט איינגעפאַלן. אזוי איז אויך, פאַרשטייט זיך, דענסטמאל קיינעם ניט געקומען אויפ'ן רעיון, אז עס קאַן

זיין אַ גרעסערער, אַ ראַדיקאַלערער מיטל קעגן אָרימקייט ווי צדקה.

---

מיין שפּאַציר־גאַנג אין הויף, וועלכער איז, ווי געזאָגט, אין אָנהויב אַ צוויי־שעה'דיקער, ווערט באַלד אַראָפּגעשניטן אויף אַ שעה. איינער פון מיינע חברים האָט געקראָגן די זעלבע רעכט און טרעפן האָבן מיר זיך ניט געטאָרט. פון דער האַלבער שעה אינדערפרי און דער אַנדערער נאָך מיטאָג איז באַלד געוואָרן נאָר איין האַלבע שעה אינגאַנצן. מיך האָט געפרייט צו זען, אַז די אַנדערע צוויי גייען אויך שוין שפּאַצירן.

וויכטיק איז צו זאָגן, אַז פיינבערג הויבט איצט אָן צו אַר־בעטן אין ערנסט. ער פאַרשטייט דאָס, וואָס איך, זייענדיק אין טורמע, פאַרשטיי דערווייל נאָך ניט, און דאָס איז, אַז מען וועט אונז ענטוועדער פאַר'משפּט'ן אויף אַ יאָר אָדער צוויי צוכטהויז, אויב מען וועט קענען באַווייזן „פאַרבאַרייטונג צו מלוכה־פאַר־ראַט", אָדער אַז ניט, ד. ה., ווען דאָס וועט זיך זיי ניט איינ־געבן, וועט מען אונז אויף אַזאַ אופן אַרויסטרייבן פון פּרייסן, אַז מיר זאָלן אַריינגעטריבן ווערן אין רוסלאַנד, כּדבר האמור: פון דער סקאָוואָראָדע אין פייער אַריין.

און פיינבערג פאַרשטייט אויך, אַז עס איז וויכטיק, אַז איי־נער פון אונז פיר זאָל אַרויסגענומען ווערן אויף ערבות, כּדי ער זאָל אַליין קענען וויסן, ווי ווייט מיר זיינען „שולדיק". נאַ־טירלאַך, בין איך אים נעענטער צום הארצן, ווי מיינע חברים, און איין טאָג, אַרום ניי־יאָר 1879, באַווייזט זיך „דער אַלטער אַליין" אין געפענגעניש. ער ברענגט פאַר אונז אַלעמען פּאַפּיראָסן און ציגאַרן און פאַר מיר אַליין די בשורה, אַז איך וועל אין קורצן זיין פריי. ער גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז די מעשה איז ערנסט, און ער מוז אַלץ וויסן, און אַז אפשר וועט ער עפּעס קענען טאָן, ווען איך וועל אים זאָגן די גאַנצע, פולע וואַרהייט. 37)

עס שטעלט זיך זייער באַלד אַרויס, אַז מיין אַרויסקומען אויף ערבות איז ניט אַזאַ גוטע זאַך פאַר מיר, ווי עס האָט אויף

דעם ערשטן בליק אויסגעזען. אַלע פּאָר טעג שלעפּט מען מיך צום פאַרהער. יעדעס מאָל האָט מיר אינספּעקטאָר הירש געזאָגט: מיטוואָך האָט מען מיך מיט דעם און דעם געזען. מיטוואָך זענט איר געגאַנגען שפּאַצירן מיט אַזאַ און אַזאַ מאַן, אַ פרוי, אַ מיידל. דאָנערשטאָג זענט איר געווען מיט אַ געוויסער דאַמע 38) אין טעאַטער. איר האָט באַזוכט דעם און דעם פריינט. ער גיט מיר אויף דעם אופן צו פאַרשטיין, אַז זיינע טרייע משרתים, די געהיימע אַגענטן, האָבן אַן אויג אויף מיר און די קאַץ פּאַסט אויף, אַז די מייזל זאָל פון איר ניט אַנטלויפן.

און איצט איז שוין קאַלמאַנ׳ס קאַנדיטאָריי אַ זאַמל־פּלאַץ פאַר אַלע מינים שפּיאָנען. די באַקאַנטע פּנימ׳ער זעען זיך דאָרט כמעט ניט מער.

דערווייל ווערן מיינע חברים אַריבערגעפירט פון דער אונטערזוכונגס־געפענגעניש צוריק אין דער פּאָליציי־טורמע. דאָס האָט צו באַדייטן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז דער פּראָקוראָר האָט זיך איבערצייגט, אַז „מלוכה־פאַרראַט" וועט ער קענען אונז קיינמאָל ניט קענען באַווייזן, און, צווייטנס, אַז מען מיינט אונז אַרויסצוטרייבן פון פּרייסן. אַניט — וואָלט מען זיי אינגאַנצן באַפרייט.

אין דעם טאָג, וואָס זיי ווערן אַריבערגעפירט אין דער פּאָליציי־געפענגעניש, פּאַסירט עטוואָס, וואָס איז וואַרשיינלאַך די ערנסטע דערפאַרונג פון מיין לעבן.

ווידער אַ פרייטאָג־צו־נאַכט. איך זיץ ביי פרוי קאַנצל צום אָוונט־עסן. קליין לאָטכען פּאַדעט אַרום מיר, ווי אַרום אַ געליבטן חולה. דאָס קינד איז די לעצטע צייט צו מיר נאָך מער צוגעבונדן געוואָרן ווי פריער. זי האַלט אין איין רעדן וועגן דער פּאָליציי, וועגן די „שפּיצבובן", ווי זי רופט זיי. אַ ברודערל אירס, אַן עלטערער, אַ יאָר זיבן אַלט, האָט (משמעות, אין זייער ביידנס נאָמען) מיר געהאַט געשריבן אַ בריוו אין טורמע אַריין, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט דעם טרייסט, אַז מיין ליידן איז ניט אומזיסט, ווייל איך לייד „פיר איינע גוטע זאַכע". נאַטירלאַך,

האָט מען דאָס צו מיר ניט צוגעלאָזן.

און אָט זיצן מיר אַזוי און זאָל מיט פולע הערצער, ווייל די צייטן זיינען שווערע, שרעקלאַך שווערע. מיר זיינען ערשט אין דעם דריטן חודש פון דעם סאָציאַליסטן געזעץ. מיט מיר האָבן מיינע בעסטע פריינט מורא צו רעדן. די היציקע דיסקוסיעס זיינען פאַרשטומט. די „ראַדיקאַלע" משכילים זעט מען מער ניט אין די אויגן. די רעאַקציע בושעוועט, און די פרייהייט זיצט אַ געפּענטעטע און האָט אַ פּנים, ווי די שכינה אין אַנהויב גלות.

מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר, און עס דערשיינט קרימינאַל־אינספּעקטאָר הירש מיט עטלאַכע באַגלייטער, און דאָס הארץ זאָגט מיר, אַז דער עסק איז פיל ערגער ווי פריער.

אין דראָזשקע פּרוביר איך פון אים אויספאָרשן, וואָס דאָס האָט צו באַדייטן און — כאָטש צעהאַק אים, — ניט אַ וואָרט, חוץ דאָס אַלטע ניגעלע: „מאָרגן, מאָרגן פרי!"

מיר קומען אָן אין דער פּאָליציי־געפענגעניש.

אין מיין קאַמער אריין פירט מיך ווידער אַן אַלטער סאָלדאַט און מיט אַ האַרטער, עטוואָס הייזערדיקער שטימע פּלוידערט ער ארויס דאָס, וואָס איך האָב פונם אינספּעקטאָר ניט געקענט ארויסציען מיט צוואַנגען.

— ווייסט איר, וואָס מיט אייך קומט פאָר? — זאָגט ער צו מיר, רעדנדיק גאַנץ קאַלטבלוטיק, ניט מיינענדיק ניט קיין גוטס, ניט קיין בייז, — איר ווערט קיין רוסלאַנד אויסגעליפערט".

דאַן פאַרשפּאַרט ער די טיר הינטער מיר און, דאַכט זיך, ער ווינטשט מיר אַ גוטע נאַכט. אַלזאָ, מיר וועלן אויסגעליפערט קיין רוסלאַנד! אַ דונער־שלאַג פון אַ העלן הימל! פינף יאָר צוכט־הויז אין דייטשלאַנד וואָלטן פאַר מיר ניט געהאַט קיין צענטל שרעקן, ווי די אידייע פון ווערן אויסגעליפערט קיין רוסלאַנד אַלס מענטשן, וועלכע זיינען געפערלאַך פאַר דער „קאָנסטיטוציאָנעלער" פּרייסישער מאָנאַרכיע!

איך קוק זיך אַרום, אין מיין אומגעהויערער אויפרעגונג, צי סען מען ניט ווי־עס־איז אַנטלויפן, און פריי זיך אַ מינוט שפּע־

טער, וואָס קיינער איז דערביי ניטאָ—פון מיר צו לאַכן. איך—אנטלויפן פון טורמע! איך, פאַר וועלכן דאָס אריבערקריכן איבער אַ פּלאַנקן וואָלט דעמאָלט געווען אַ גרויס בריה'שקייט. איך נעם פויקן אין טיר. עס באַווייזט זיך אַן עלטערער מענטש מיט אַ פריינטלאַכן פּנים. ער מעלדעט זיך אַלס דער וואַכטמייסטער פון דער פּאָליציי־געפענגעניש. איך פיל, אַז ער איז אַ פריינט—אַ פריינט אין נויט.

ער טאָר דאָס ניט, אָבער ער וועט מיינער אַ שליח צום אינ־ספּעקטאָר. דער אינספּעקטאָר מוז גלייך שיקן צו פיינבערג'ן. גלייך, גלייך, גלייך אויפן אָרט!

דער עסק גייט לאַנגזאַם, און מיינע קלעפּ אין טיר ברענגען אין אַ שעה אַרום דעם וואַכטמייסטער צוריק.

מען האָט געשיקט צו פיינבערג'ן, אָבער ער איז אין טעאַטער. „מאָרגן... גוטע נאַכט!“

אויף מאָרגן בין איך ווידער געווען פריי, אָבער פיינבערג האָט געמוזט שטעלן דריי מאָל אַזוי פיל ערבות, ווי דאָס ערשטע מאָל.

לוקענבאַך, פיינבערג'ס פּראַקוריסט, האָט מיר געגעבן אָנ־צוהערעניש, אַז איך זאָל אַנטלויפן. דאָס איז געווים געקומען פון דעם „אַלטן“, וועלכער איז געווען גרייט צו פאַרלירן אויף דעם אופן אַ גרויסע סומע געלט, אָבער איך האָב דערפון ניט געוואָלט הערן. אפשר איז דאָס ניט אינגאַנצן געווען מיין סאָלידאַריטעט־געפיל, וועלכער האָט מיך ניט געלאָזן אַוועקגיין פון מיינע חברים און זיי לאָזן אין שטיך. זיכער איז, אַז ווען איך וואָלט דאַן אַנט־לאָפן געוואָרן, וואָלט איך באַגאַנגען אַ שרעקלאַכע נידערטרעכטי־קייט.

---

מיין פרייהייט נוץ איך גוט אויס. עס וועט געמאַכט געלט צו פאַרזאָרגן מיינע חברים מיט בעסערער שפּייז. איך האָב די מעגלאַכקייט צו אַרבעטן פאַר אונז אַלעמען, און פיינבערג ווערט אַ שתדלן פאַר זיי ניט ווייניקער ווי פאַר מיר. די פּרייסישע

רעגירונג וויל אונז מיט אַלע כוחות אַרויסגעבן צו רוסלאַנד. דער אויסרייד איז, אַז לויט דעם פּרייסישן געזעץ ווערט יעדער פּרעמד־לענדער, וועלכער ווערט אַרויסגעטריבן פון לאַנד, געשיקט צו דער נאָענטסטער גרעניץ, און אַזוי ווי אין אונזער פאַל איז ווערזשבעז־לאָווע די נאָענטסטע גרעניץ, וועט מען אונז נאָר ברענגען אויף יענער זייט גראבן, און וועט דער בער אויסשטעלן די לאַפּע, איז אין דעם פּרייסן ניט שולדיק; ווען ניט, איז דאָך מה־טוב!

פיינבערג׳ס אדוואָקאַט איז עס געלונגען דורך אַ דריידל אונז צו ראַטעווען. דאָס דריידל איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: דער ים, דער באַלטישער, איז ניט רוסלאַנד׳ס, ניט פּרייסנ׳ס און ניט ער־געץ אַן אַנדער מדינה׳ס (פון דעם סקאַנדינאַווישן האַלב־אינזל, אַשטייגער). אָבער דער ברעג ים איז אַ גרעניץ פאַר פּרייסן און אַזוי ווי פּילאַו איז אַ האַפן־שטאָט און פּילאַו איז נעענטער ווי ווערזשבעלאָווא, דערפאַר דאַרף מען טאַקע לויטן פּרייסישן גע־זעץ אונז אַרויסטרייבן דורך פּילאַו, ד. ה. אַרויפזעצן אויף אַ שיף, וואָס גייט קיין דענעמאַרק.

דאָס איז שפּעטער. דערווייל זיצן מיינע פריינט אין טורמע, און איך בין אָפּט אַ פּרייוווילּיקער טורעמניק. איך קום זיי אָפּט באַזוכן און עס מער ווי איין מאָלצייט מיט זיי אין געפענגעניש. דער וואַכטמייסטער גיט פיין עסן און לייגט זיכער צו געלט פון קעשענע. ער קריגט באַצאָלט יעדע וואָך, אָבער ער בעט קיינמאָל ניט און יעדנפאַלס ווערט ער אין כעס, ווען איך קום אין געפענ־געניש און רעד וועגן געלט.

איך קום אָבער ניט שטענדיק פּרייוויליק.

אין מיטן פעברואַר ווער איך אַ דריטן מאָל אַרעסטירט. דאָס דאַרף מען אונז אַרויסשיקן קיין דענעמאַרק. שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז אויף דעם „קליינעם זונד“ איז דאָ אייז, און עס פאַר־גייען וואָכן און וואָכן ביז מיר ווערן „אויסגעוויזן“. איך קום ווידער אַרויס אויף ערבות און ווער אַ פערט מאָל אַרעסטירט דעם 17טן מערץ 1978.

דעם טאָג גיי איך אַרויס אין גלות.

# ביילאַגע

## ביים וויגעלע פון סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד*)

**די נאַכט פון 30טן יולי, 1878.** — נייע וואַלן דורכצופירן אויסנאַם געזעץ קעגן סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד. — אַ פאָרשפּיל פאַר דער גרויסער היסטאָרישער דראַמע אין רוסלאַנד.

דאָס האָט געמעגט זיין אַרום 8 אזייגער פון אָוונט דעם 30טן יולי, 1878. אַ מאַן פינף-זעקס אונזערע זיינען אוועק צו אַ רעסטאָראַן, ניט ווייט פונם באַן-הויף, אין קעניגסבערג אין פּרייסן. מיר האָבן געהאַט באַשטעלט ביי דער „בערלינער פרייער פּרעסע" טעלעגראַפישע וואַל-באַריכטן, און מיר האָבן זיי אַליין געדאַרפט אָפּנעמען, גייענדיק, אַמאָל דער, אַמאָל יענער, נאָך די דעפּעשן, ווי זיי זיינען אָנגעקומען פון בערלין.

דאָס, וואָס האָט דעם דאָזיקן מאָל געמאַכט פאַר אונז אַזוי אינטערעסאַנט, איז געווען דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע וואַלן צום נייעם רייכסטאָג, האָבן דאָס געדאַרפט אַנטשיידן צי ביסמאַרק וועט קענען דורכפירן זיין געפּלאַנטן „אויסנאַם-געזעץ קעגן דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע"**)

און אָט זיצן מיר און וואַרטן אויף די רעזולטאַטן פון די נייע וואַלן, דעם אָוונט פונם 30טן יולי, 1878.

---

*) „די נייע וועלט", 11טן און 18טן מערץ, 1921 (פאַרקירצט און אַביסל געענדערט).

**) זע אויבן ז' 291—295.

דער זייגער איז שוין באַלד נאָך צען און ביז איצט איז יעדער שליח צוריקגעקומען אָן באַשטימטע נייעס. ביי די פריערדיקע וואַלן פון 1877 זיינען געפאַלן נאָענט פון אַ האַלבן מיליאָן שטימען. אַזוי פיל האָט מען איצט ניט דערוואַרטעט, אָבער פון בערלין און פון דעם קעניגרייך זאַקסען האָט מען געהאַט אַ רעכט צו האָפן אויף גוטע נייעס.

וואָס וועלן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן טאָן, ווען דער אויס־נאָמס-געזעץ ווערט אַ פאַקט?״ אָט־דער געדאַנק האָט באַשעפטיקט אַלע אונזערע מוחות. עפּעס וועלן זיי זיכער טאָן. דער איינפלוס פון רוסלאַנד מוז ווירקן אויף די דייטשן, בלי שום ספק! אין דעם האָט איינגעשטימט אפילו דער רעדאַקטאָר פון דער „קעניגסבער־נער פריי פּרעסע״, אַ וואָכנבלאַט, וואָס דער גרעסטער טייל פון איר פלעגט געדרוקט ווערן אין ברעסלוי אונטער דעם נאָמען „וואַר־הייט״, רעדאַגירט פון אַ געוויסן מאַקס שלעזינגער, אַ דייטשן איד.

עס וואָלט זיכער זיין אוממעגלאַך, אַז דייטשלאַנד זאָל בלייבן פריי פון יעדן רוסישן איינפלוס, נאָך דעם וואָס עס האָט פּאַסירט אין יענער מדינה פאַר די לעצטע 5—6 יאָר, דאָס הייסט, זינט עס האָט זיך דאָרטן אָנגעהויבן די גרויסע פאָלקס-באַוועגונג, די „כאָ־זשדעניע וו׳נאַראָד״ (דאָס גיין אינעם פאָלק).

אַ קלייניקייט, וואָס אין רוסלאַנד האָט פּאַסירט אין יענע ציטן! אַלע טורמעס אין 37 גובערניעס זיינען געווען געפּאַקט מיט נאָענט פון 2000 „פּאָליטישע פאַרברעכער״.

עס איז דאַן שוין געווען פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די „פּופּציק״. נאָך איז דערווייל קיין סימן ניט געווען פון אַ „רויטן טעראָר״, אָבער סאָפיע באַרדיקאַ׳ס גרויסע, פון אַ דייטשן שטאַנד־פּונקט עכט-וויסנשאַפטלאַכע סאָציאַליסטישע רעדע, אין געריכט האָט שוין געהאַט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער אייראָפּע־אישער פּרעסע.

דאָס אָבער איז געווען כמעט אַ קלייניקייט לגבי דער אומ־שטערבלאַכער רעדע, וואָס אין דעם דאָזיקן פּראָצעס פון די „פּופּ־ציק״ האָט געהאַלטן אַ פּויער, אַן אַרבעטער, מיטן נאָמען פּעטער

אלעקסייעוו. אזוי שארף איז געווען זיין פראטעסט געגן דער הייג־טיקער געזעלשאפט מיט איר קאפיטאליסטישער פירונג, אז דער ריכטער האט אים אפגעשניטן דאס ווארט, ווען אלעקסייעוו האט, אים איבערשרייענדיק, דערקלערט זיין סאלידאריטעט מיט דער „אינטעליגענץ“, מיט דער געבילדעטער יוגנט, וועלכע, צוזאמען מיטן פאבריק־ארבעטער, וועט ענדלאך באפרייען דאס ארבעטנדיקע פאלק פונם קאפיטאליסטישן יאך.

דאס האט זיך אפגעשפילט אין פעטערבורג דעם 26טן מאי, 1877, א קורצע צייט פאר מיין אפרייזע פון רוסלאנד, א קימא־לן פון 14 חדשים פאר יענער נאכט פונם 30טן יולי, 1878.

ווענן דעם האט מען דאן געטראכט אין אונזער קליינעם קרייז, ווארטענדיק אויף די וואל־רעזולטאטן. ניט ווילנדיק, האט מען פארגליכן די לאגע אין רוסלאנד מיט דער לאגע אין דייטשלאנד. אבער ניט ווענן דעם אליין—מען האט נאטירלאך אויך געטראכט ווענן יענעם גרעסערן פראצעס פון די 193, וואס האט זיך אנגע־פאנגען דעם 4טן פעברואר, 1878, אויף דעם אופן אנהאלטנדיק 91 טעג.

געקלונגען האט נאך אין אונזערע אויערן די גרויסע אומפאר־געסלאכע רעדע פון פ. מישקין, יעדעס ווארט אן ארויספאדערונג און א פאטש אין פנים דער רעגירונג, פראטעסטירנדיק געגן א גע־ריכט, וואס „איז געזעסן, ווי אויף שפאס, מיט א פארטיקן אור־טייל — „שעמיאקא'ס געריכט“, ווי ער האט עס אנגערופן. און ביי אלעמען איז זיין גרויסער חטא און דער חטא פון זיינע איבע־ריקע 192 חברים און חבר'טעס באשטאנען אין דעם, אז זיי האבן צווישן פאבריק־ארבעטער און פויערים פארברייטעט סאציאליס־טישע אידייען, — א פארברעכן, וואס וואלט אין דייטשלאנד, אפילו שפעטער אונטערן סאציאליסטישן געזעץ, איינגעבראכט העכסטנס א יאר אדער צוויי געפענגעניש, וואס האט אבער אין רוסלאנד גע־האט צו באדייטן סיביר, קאטארגא אדער א לאנגזאמען טויט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

דער אדער יענער צווישן אונז האט יענעם אוונט אויך גע־

טראַכט וועגן די קרבנות פון דער גרויסער דעמאָנסטראַציע ביי דער קאַזאַן־קאַטעדראַלע אין פּעטערבורג מיט אַ יאָר אַנדערהאַלבן צוריק. אויף די געדאַנקען איז אַרויפגעשוואוממען די גאַנצע סצענע: די צוואַנציק יונגע לייט, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר געריכט, צווישן זיי די 16־יאָריקע מיידל שעפּטעל און דער ניט פיל עלטערער פּאָטאַפּאָוו, וועלכער, אויפגעהויבן אויף די אַקסלען פון זיינע חברים, האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ רויטע פאָן מיט די ווערטער „זעמליאַ אי וואָליאַ" (לאַנד און פרייהייט) אויף איר. געאָרג פּלע־כאַנאָוו, אַליין נאָך זייער יונג, האָט געהאַלטן די רעדע ביי יענער געלעגנהייט. דער צוקונפטיקער גרויסער מאַרקסיסט איז נעלם געוואָרן איידער מען האָט געקענט אים אַרעסטירן.

אָה יאָ, דאָס זיינען געווען וואונדערבאַרע צייטן! פונדעסט־וועגן, ווי מיר האָבן שפּעטער געזען, איז דאָס געווען ניט מער ווי אָן אָנהויב, אַ פאָרשפּיל פאַר דער גרויסער היסטאָרישער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער בינע פון דער טעראָריסטישער געזעלשאַפט „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין די יאָרן 1878—1881, דער־גרייכנדיק דעם העכסטן פּונקט מיט דעם אומברענגען פון אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן. יענעם אָוונט איז פאַר אונזערע אויגן בלויז געשטאַנען דער שאָס פו דער העלדין וויערע זאַסוליטש, וואָס איז געווען געריכטעט געגן גענעראַל טרעפּאָוו, דעם אויבערפּאָליציי־מייסטער פון פּעטערבורג.

דער דאָזיקער שאָס איז ניט געווען קיין נקמה־אַקט, אויך ניט אָפּגעפּייערט מיט דער כונה צו דערמאָרדן דעם אוממענטש טרע־פּאָוו. די אַבזיכט איז געווען בלויז אויפצוּוועקן די עפנטלאַכע מיינונג געגן אַזעלכע באַרבאַרישע האַנדלונגען, מיט וועלכע די טרע־פּאָווס פון יענער צייט פלעגן זיך אויסצייכענען. איינע פון די דאָזיקע באַרבאַרישע טאַטן איז געווען טרעפּאָוו'ס באַפעל צו שמייסן דעם יונגן סטודענט באָגאָליובאָוו אין דעם געהעפט פון דער טורמע, וואו ער איז געזעסן, אין דער געגנוואַרט פון פיל חברים. אונזער וויערע זאַסוליטש, לאָמיך פאַרבייגייענדיק באַמערקן, האָט באָגאָ־ליובאָוון, פאַר וועלכן זי האָט זיך אָנגענומען, פערזענלאַך אפילו

גאָרניט געקענט; ער, ווידער, איז געזעסן אין טורמע פאַר אַ פאַר־ברעכן, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט באַגאַנגען, ווייל ער איז גאָר־ניט געווען ביי דער קאַזאַן־קאַטעדראַלע דעם טאָג פון דער דע־מאָנסטראַציע, ווי מען האָט אים באַשולדיקט.

יעדנפאַלס איז דאָס געווען ווערא זאַסוליטש'עס טאַט, וואָס האָט געגעבן דעם סיגנאַל פאַר דעם רויטן טעראָר, אַלס ענטפער אויף דעם ווייסן טעראָר, ווי פעטער לאַווראָוו האָט עס שפעטער אויסגעטייטשט אין זיין אַרטיקל איבער רוסלאַנד פאַר ריכטער'ס ציריכער יאָר־בוך.*) נאָר אין פולער ערנסט האָט זיך דער רויטער טעראָר ערשט אָנגעהויבן דעם 16טן אויגוסט, 1878, ווען סערגעי קראַווטשינסקי (סטעפּניאַק) האָט דער'הרג'עט דעם בלוטהונט גענעראַל מעזענצעוו.

מיר יענעם אָוונט אין קעניגסבערג זיינען געזעסן און האָבן זיך אונטערהאַלטן ביז האַלבער נאַכט.

ביי אונז איז קיין שום צווייפל ניט געווען, אַז דער נייער סאָציאַליסטן־געזעץ וועט אָנגענומען ווערן אין רייכסטאַג, וואָס פאַר אַ רעזולטאַט די וואַלן זאָלן ניט האָבן. דאָס איז געוואָרן זיכער דורך דעם שאָס, וואָס נאָבילינג האָט געטאָן אויף דעם דייטשן קיי־זער. וועגן וואָס מיר האָבן יאָ צווישן זיך געהאַט אַ חילוקי־דעות איז געווען די פראַגע: וואָס וועלן די דייטשן טאָן? עס איז דאָך ניט מעגלאַך צו דענקען, אַז אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געצויגן נאָענט פון אַ האַלבן מיליאָן שטימען, וועט זיך אַזוי, דיר־ניט, מיר־ניט, לייגן שלאָפן. און איבערהויפּט בערלין: דאָרטן זיינען געפאַלן 56 טויזנט סאָציאַליסטישע שטימען אין אַלע זעקס וואַל־קרייזן; מער ווי אַ דריטל פון אַלע וועלער זיינען אַף דעם אופן געווען סאָ־ציאַליסטן. אמת, זיי זיינען ניט אַלע געווען סאָציאַליסטן אין דעם פולן זין פונם וואָרט, אָבער יעדנפאַלס סימפּאַטיזירער מיט דער באַוועגונג. דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די געגנער זיינען דאָך אויך ניט אַלע געווען אויסגעשפּראָכענע איבערצייגטע שונאים

*) זע צווייטן טייל „עראינערונגען“, באַנד 10, ז' 59—60.

פון סאָציאַליסטן, פילע פון זיי זיינען אויך אַ מין ערב־רב, וואָס שטימען פאַר זייערע קאַנדידאַטן דורך אומוויסנהייט, דורך גע־וואוינהייט.

אין אַ שטאָט, אַלזאָ, וואו יעדער דריטער מענטש איז מער אָדער ווייניקער אַ סאָציאַליסט, האָט דאָך געקענט עפּעס געטאָן ווערן צו מאַכן אַ לאָך אין ביסמאַרק׳ס געזעץ. און ספּעציעל אין דעם 4טן וואַל־קרייז, וואו פּרימשע איז שפּעטער געוויילט געוואָרן אין דער שטיכוואַל, אַ קוואַרטאַל אַזוי געדיכט באַזעצט מיט אַר־בעטער־פאָלק, האָט מען דאָך געקענט, לאָמיר זאָגן, זיך אַנטזאָגן צו צאָלן שטייערן (טעקסעס) אַזוי לאַנג ווי אַזאַ געזעץ בלייבט אין קראַפט. מען קען דאָך ניט אַריינזעצן אין טורמע צוואַנציק טויזנט מענטשן!

דאָס רוב צווישן אונז האָט פונדעסטוועגן די דאָזיקע אידייע אויפגענומען אָן צו פיל ענטוזיאַזם. דערצו, האָבן זיי געזאָגט, זיינען נאָך אַפילו די בערלינער אַרבעטער ניט גענוג פאַרבאַרייטעט צו אַזאַ מאַסן־אַקציע וואָלט מען דאַרפן אַ שטאַרקערע פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט. אמת, מאַסט׳ן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצו־נעמען 5000 אַרבעטער פון „דער שטאַטסקירכע“, דאָס הייסט, זיי מאַכן, אַז זיי זאָלן זיך עפּנטלאָך דערקלערן פאַר ניט־קריסטן; דאָס אָבער איז געווען אַ לייכטערע זאַך, ווי זיך אָפּזאָגן פון צאָלן שטייערן.

פון דער אַנדערער זייט איז אויסגעשפּראָכן געוואָרן די מיי־נונג, אַז דאָס גייע געזעץ קען ניט אַריינגיין אין קראַפט פריער ווי אין 2 ביז 3 חדשים אַרום (נאָך דעם 30טן יולי). עס איז דערפאַר דאָ צייט גענוג צו מאַכן די נויטיקע פּאָרבאַרייטונגען און אָנצופירן די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע. אַפילו ווען בלויז אַ צענט־חלק פון די בערלינער סאָציאַליסטישע וועלער וואָלט געקענט גענומען ווערן פאַר אַזאַ אידייע, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסער געווינס. לאָז די פּאַראָלע זיין: „קיינע רעכטן, קיינע שטייערן!“

נאָך אַנדערע פּלענער, צווישן זיי די אידייע פון אַ מאַסנסטרייק, זיינען יענעם אָוונט דיסקוטירט געוואָרן. זיכער איז ביי אונז אַלע־

מען געווען: עפּעס ווע ט געשען, אויב אַלץ זאָל אונטערדריקט ווערן — פּרעסע, ביכער, יוניאָנס, קאָנסום-פאַראיינען, בילדונגס־פאַראיינען א. אַ. וו. — דורך דעם נייעם געזעץ. און זיכערער ווי אַלץ איז ביי אונז געווען, אַז די פּאַרטיי-פירער וועלן אויסנוצן די קומענדיקע 2-3 חדשים, כדי צו האָבן כאָטש אײן פּאַרטיי־אָרגאַן, וואָס וועט געדרוקט ווערן אין אַ געהיימער דרוקעריי. וואָס מען האָט געקענט אויספירן אין פּעטערבורג, זיך געפינענדיק צווישן אַ גלייכגילטיקער מאַסע, קען זיכער געטאָן ווערן אין בערלין מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט צווישן יעדע 3 מענטשן.

אַז קיין איינער פון אָט־די אַלע פּלענער און אידייען איז שפּע־טער ניט דורכגעפירט געוואָרן, איז ניט נויטיק אויסצוטייטשן. האָט מען דאָך יאָרנלאַנג געפּרעדיקט דעם „פרידלאַכן און געזעצ־לאַכן" וועג. אמת, מענער, ווי יאָהאַן מאָסט, האָבן זיך געפונען, וואָס האָבן אַנדערש גערעדט און געהאַנדלט. איז אָבער מאָסט איצט געזעסן אין טורמע. חוץ דעם איז ער די פירער, דורך זיין אַגיטאַציע געגן דער קריסטלאַכער קירכע, געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז. דאַן איז דער סאָציאַליסטן-געזעץ שוין געווען אין קראַפט, ווען מאָסט איז ענדלאַך אַרויסגעקומען פון טורמע.



בעבעל'ס רעדע. — ביסמאַרק'ס לויבגעזאַנג צו לאַסאַל'ן. — ווילהעלם ליבקנעכט אַן אומגליקלאַכער נביא.

דער אויסנאַמס־געזעץ איז איצט געווען פאַרן רייכסטאג. ווי איך האָב דערציילט אויספירלאך אין דער „צוקונפט“ פון יאָר 1902, איז דער העלד פון דעם ערשטן טאָג געווען אויגוסט בעבעל. קריטיקירנדיק דעם פאָרגעשלאָגענעם געזעץ, האָט בעבעל דערביי דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט אויפגערודערט דייטשלאַנד. ער האָט דערציילט, אַז ביסמאַדק, אין זיין פאַרזוך צו פאַרניכטן די ליבעראַלע פאַרטיי, האָט אין דעם אָנהויב פון די זעכציקער יאָרן פאָרגעלייגט די דייטשע אַרבעטער פינאַנציעלע הילף פונם שטאַט, צו גרינדן קאָאָפעראַטיוון, צו פאַבריצירן סחורה, אבי זיי זאָלן באַקעמפן די ליבעראַלע פאַרטיי. ביסמאַרק האָט צוליב דעם אויך איינגעלאַדן צו זיך אין קאַבינעט דעם „רעוואָלוציאָנערן אידן“, לאַסאַל, מיט וועמען ער האָט נאָכדעם זייער אָפט פאַרבראַכט. נאָר לאַסאַל האָט געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל תיכף געבן דאָס פאָלק אַלגעמיינע שטימרעכט.

דורך זיין ענטפער דעם קומענדיקן טאָג איז ביסמאַרק געוואָרן דער העלד פונם צווייטן טאָג. דער מאַן פון „בלוט און אייזן“ האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט געהאַט אונטערהאַלטונגען מיט לאַסאַל'ן, אָבער ניט אַזוי אָפט ווי בעבל האָט באַהויפּטעט. ער האָט געזונגען אַ לויב־געזאַנג אויף דעם מאַן, וואָס זיין קאָנסערוואַטיווע פּרעסע פלעגט רופן „דער רעוואָלוציאָנערער איד“. דאָס איז געווען דעם 17טן סעפּטעמבער (1878); דעם 18טן אָקטאָבער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער רעדע ווילהעלם ליבקנעכט.

מיר, אין אונזער ענגען קרייז, וואו איך בין איצט (דורך די רייכסטאג ארטיקלען) זייער פּאָפּולער געוואָרן, האָבן די דעבאטן שטרענג נאָכגעפאָלגט, כמעט ניט אויסלאָזנדיק אַ וואָרט. געגן די רעדעס אַלס אַזעלכע איז געווען ווייניק־וואָס אויסצוזעצן, אָבער ביזן 18טן אָקטאָבער האָט מען אָפט געגעניצט, לעזנדיק די רעדעס, ווייל ביסלאַכווייז איז פאַר אונז קלאָר געוואָרן, אַז די פּאַרטיי וועט אַקצעפּטירן דעם פּאַטש אין פּנים, זיך ניט אַ קרים טוענדיק.

בלויז איינמאָל איז אין די פינף וואָכן צייט געזאָגט געוואָרן אַ שטאַרקער וואָרט, אַ רעוואָלוציאָנערער וואָרט, אַזוינער, וואָס קען זיך אַמאָל פאַרוואַנדלען אין אַ טאַט. דאָס איז געווען דעם 11טן אָקטאָבער, ווען בראַקע (געשטאָרבן אַ יאָר אַנדערהאַלבן שפּעטער), — בראַקע פון ברוינשווייג, האָט זיינע געגנער אַ שליידער געטאָן אין פּנים דאָס שאַרפע וואָרט: „מיינע הערן, איך וויל אייך עפּעס זאָגן, מיר פייפן אויף דעם גאַנצן געזעץ!“

אַזוי איז די רעדעריי געווען ווייניק אינטערעסאַנט און אונז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר האָבן הערוועג'ס פערז:

„אינם פּאַרלאַ—פּאַרלאַ—פּאַרלאַמענט
„דאָס רעדן נעמט קיין ענד!“

כסדר אין די אויערן.

איז אָבער געקומען דער 18טער אָקטאָבער און מיט אים ליב־קנעכט'ס גרויסע רעדע און מיר זיינען אַרויס פון אונזער אַפּאַטיע. מער נישט אַנשטאָט צו געניצן, האָבן מיר איצט געקריצט מיט די ציינער. דער „רעוואָלוציאָנס־סאָלדאַט“ פונם יאָר 1849, דער מאַן, וואָס האָט צוואַנציק יאָר שפּעטער עפנטלאַך געזאָגט, אַז די סאָ־ציאַלע פראַגע קען ניט מער געלייזט ווערן אין פּאַרלאַמענטן, אַז זי איז איינפאַך אַ מאַכט־פראַגע, וואָס מוז אויסגעפאָכטן ווערן אויף דער גאַס, אויפן שלאַכטפעלד, דער דאָזיקער מאַן האָט יענעם טאָג אינם דייטשן פּאַרלאַמענט זיך סקאַנדאַליזירט, רעדנדיק וועגן רוס־לאַנד. ער האָט פריער פאַר אַלץ פּראָטעסטירט געגן אַ פאַרלוימדונג, „אַ מיאוס'ע שטיק רכילות“, וואָס ביסמאַרק'ס מענטשן האָבן באַ־גאַנגען געגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זיי האָבן ציטירט, האָט

ליבקנעכט געזאָגט, אַ שטעלע פון דער „בערלינער פריי פּרעסע", וואָס די צייטונג האָט געהאַט ציטירט פון אַ פּראָקלאַמאַציע פון דעם רוסישן „ניהיליסטן"־קאָמיטעט, אויסלאָזנדיק די אַנפירונגס־צייכן („—"). דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז דאָס האָט געקלונגען ווי אַן אייגענע באַהויפּטונג, ווי „די מיינונג פון אונזער פּאַרטיי"! הימל עפן זיך! און ער האָט צוגעלייגט די פאָלגנדע ווערטער:

„די מענטשן, וואָס האָבן אַזאַ זאַך געטאָן, האָבן אַזאַ רכילות אויסגעטראַכט, אַזאַ שמאַכפולע פאַרליומדונג, ווי עס איז זעלטן־ווען פאָרגעקומען!"

ווער איר פרעגן: ארום וואָס רעדט דער מאַן?

ער רעדט וועגן דער פּראָקלאַמאַציע „אַ טויט פאַר אַ „טויט"; וועגן אַ פּאַרטייאידיקונג פון דעם אַטענטאַט אויף מעזענצעוו'ן. „דער דאָזיקער אַרטיקל", זאָגט ווילהעלם ליבקנעכט, „אין וועלכן עס ווערט אויפגערופן צום מייבעלמאָרד *), די דערמאָרדונג פון מע־זענצעוו ווערט געריהמט, און די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט אינדירעקט כלומר'שט אויפגעפאָדערט אַזאַ אַטענטאַט נאָכצומאַכן, — אַזאַ באַשולדיקונג איז אויף דעם אופן געפעלשט געוואָרן". און דאָ דערהעבט זיך ליבקנעכט צו דער פאָלגנדיקער העכער מדרגה: „מיינע הערן", זאָגט ער, „וואָלט דאָס אמת געווען, וואָלטן מיר דאָס ווירקלאַך געזאָגט, דאַן וואָלט דער אויסנאַמס־געזעץ (געגן די סאָציאַליסטן) געהאַט אַ געוויסע באַגרינדונג".

דערמיט ניט צופרידן, ווענדעט זיך ליבקנעכט איצט געגן דעם, וואָס ביסמאַרק האָט ציטירט אַרטיקלען פון דער „בערלינער פרייע פּרעסע", וואָס זיינען דערשינען אונטער דעם קעפּל: “discite, moniti!" דאָס הייסט, „לערנט, מען האָט אייך מתרה געווען", און האָט דערפון געוואָלט אַרויסדרינגען דעם איינדרוק, אַז דאָס

*) אויף אידיש איז אַזאַ אויסדרוק ניטאָ: דאָס קאַן הייסן אַ געמיינער, נידערטרעכטיקער מאָרד. — מ. ו.

מאַכט מען אַן אינדירעקטע אויפפאָדערונג (צום פאָלק) נאָכצוטאָן די רוסישע ניהיליסטן, „איבערצונעמען די מעסער־טאַקטיק“.

און פייערלאַך פּראָטעסטירנדיק געגן אַזאַ שרעקלאַכער באַשולדיקונג און לייקענענדיק, אַז דער “discite, moniti!” פון דער „בערלינער פּרייע פּרעסע“ האָט, חלילה, אַזאַ שרעקלאַכע באַדייטונג, געברויכט ליבקנעכט אַמאָל 9—10 די ווערטער מייכעלמאָרד, מייכעלמערדער, רעדנדיק וועגן די רוסישע „ניהיליסטן“. דערביי האָט קיינער ניט געוואוסט בעסער ווי ליבקנעכט אַליין, אַז אין רוסלאַנד איז קיינמאָל ניט געווען אַ פּאָליטישע פּאַרטיי מיטן נאָמען „ניהיליסטן“. אין די 60קער יאָרן זיינען געווען יונגע לייט און יונגע פרויען, וואָס האָבן נאָכגעטאָן באַזאַראָוו'ן, דעם העלד פון טורגענעוו'ס ראָמאַן „פּאָטערס און קינדער“ *), אָבער באַזאַראָוו האָט ניט געהאַט קיין שום פּאָליטישע ריכטונג און האָט ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום פּאָליטישע פּאַרטיי. אויב ליבקנעכט געברויכט כסדר דעם אויסדרוק „ניהיליסטן“, איז דאָס נאָר, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז די רוסישע סאָציאַליסטן זיינען עפּעס גאָר אַן אַנדער סאָרט מענטשן, ווי די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, להבדיל. דער הויפּט שפּאַס פון דער גאַנצער ניהיליסטעריי באַשטייט אין דעם, וואָס די פּראָקלאַמאַציע, אַרום וועלכער ליבקנעכט

---

*) די אַמאָליקע ניהיליסטן האָבן אין קיין זאַך ניט געגלויבט און קיין זאַך ניט געהאַלטן פאַר הייליק. ביי זיי איז געווען אַ לעכערלאַכקייט צו ווינטשן אַ מענטשן אַ גוטן טאָג, אָדער אַ גוטע נאַכט, אָדער גליק צו עפּעס, ווי ווינטשן מזל־טוב ביי דער געבורט פון אַ קינד, צו אַ חתונה און אַזוי ווייטער. אויך האָבן זיי ניט געהאַלטן פון מאָדעס, פון קאָנווענציאָנעלע פראַזן. מיידלאַך פלעגן זיך, אויף דעם אופן, קורץ שערן די האָר, בחורים האָבן אויסגעטאָן קאָלנערס און מאַנזשעטן און אַזוי ווייטער. מען האָט קיינעם ניט רעספּעקטירט, מען האָט גערעדט זייער פּראָסט, אָן התלהבות. „קניגאַ“ האָט געהייסן „קניזשקאַ“, און „קניזשקאַ“ — „קניזשאָנקאַ“. מען האָט אַריבערגע'באַזאַראָוו'עט באַזאַראָוו'ן. איך בין אַליין אַ קורצע צייט געווען אַ ניהיליסט.—מ. וו.

רעדט, איז אונטערגעשריבן „רוסישע סאָציאַליסטן". צוגעבן מוז מען, פונדעסטוועגן, אז די רעדע — אלס רעדע — איז געווען גרויס און ערהאבן.

ענדיקן ענדיקט ליבקנעכט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר דערנענטערן זיך צו רוסישע צושטענדן... אָבער, מיינע הערן, באַדענקט איין זאַך: איר קענט רוסישע ווירטשאפט אויבן מאַכן, איר וועט אָבער קיינמאָל קיין רוסישע ווירטשאפט אונטן ניט איינפירן: דאָס דייטשע פאָלק וועט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין געזונטער, ערלאַכער נאַטור געגן אָט־דעם געזעץ רעאַגירן. ס'וועט אָבער קיינמאָל, קיינמאָל ניט ווערן א פאָלק פון מייכעל־מערדער".

אזוי? קיינמאָל, קיינמאָל ניט? אומגליקלאַכער נביא! אַן ערך פון פערציק יאָר שפּעטער האָבן זיך אין דעם דייטשן פאָלק געפונען מייכעלמערדער גענוג, כדי זיין קאַרל צוצע'הרג'ענען.



# נאָכבאַמערקונגען

פונם רעדאַקטאָר

1) אינם פאָרוואָרט צו זיינע „לידער און געדיכטע“ (ניו יאָרק, 1910) שרייבט מאָרים ווינטשעווסקי אַזוי: „אויפן קאָוונער בית־עולם דאַרף זיך ערגעץ־וואו געפינען מיינס אַ געדיכט פון 1871 אָדער 1872, — אַ שיר'על אויף אַ מצבה, וועלכן מיין פאָטער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו שרייבן, פאַר אַ באַפריינדטער אלמנה. איך בין דעמאָלס געווען אַלט אַ יאָר 15—16“.

2) מאָרים ווינטשעווסקי און צוויי אינגערע שוועסטער, פון וועלכע איינע, די אינגסטע, איז די טעג געשטאָרבן.

3) דאָס ליד „צילה“ האָט 17 סטראָפן, און אָט איז אַ מוסטער פון זיי:

7

„ידה פתוחה, אך סגורות שפתותיה,
עלה ושבועה עליהן לא תעלינה;
דבריה מעטים, ספורות אמרותיה,
אך רבים פעליה, עצומים מעשיה,
צילה מחרשת וצדקתה תהללנה.

15

של נעליך עובר אורח, אם רגליך
ינועו אל מקום שם עפרה ינוח;
אדמת קודש האדמה אשר תחתיך,
קבר אשה נפלאה תחזינה עיניך,
קבר אשה לא בשר — אך רוח“.

(איר האַנט אָפן, נאָר פאַרמאַכט די ליפּן,
קללות, שבועות קומען אויף זיי ניט אַרויף;

זי רעדט ווייניק, געציילטע ווערטער,
נאָר טוט פיל, צאָלרייך זיינען אירע טאַטן,
צילה שווייגט, איר צדקות רעדט.

טו אויס די שיך, רייזנדער, אויב דיינע פיס
וואַנדערן צום אָרט, וואו איר שטויב רוט;
הייליקע ערד דער באָדן אונטער דיר,
דיינע אויגן זעען דעם קבר פון אַ זעלטענער פרוי,
דער קבר פון אַ פרוי, ניט לייב — נאָר זעל.)

4) אין זיין טאָכטער רחל האָט זיך עס אהרן ליבערמאַן פאַרליבט, אָנהויב 1880, און צום סוף פונם זעלבן יאָר זיך גענומען דאָס לעבן אין איר הויז. (זע ווייטער אין באַנד 10, זייטן 108—117 און 329—331.)

5) אין זיינע „זשורנאַליסטישע עראינערונגען" (אין „צוקונפט", 1906, זייט 613) שרייבט ווינטשעווסקי על־פי טעות, אַז אין זיין ער־שטער „קאָרעספּאָנדענץ" האָט ער „געקריטיקירט די פירער פון קאָוונער תלמוד־תורה, דאָס הייסט די קצינים", און דערפאַר „געקלערט, אַז דער „המגיד" וועט עס געווים ניט דרוקן".

6) אין דעם דאָזיקן בריוו, אונטערגעצייכנט בן ציון נאָוואָכאָוויטש, ווי זיין הײמישער נאָמען איז געווען, נעמט זיך אָן מאָריס ווינטשעוו־סקי די קריוודע פון דער קאָוונער תלמוד־תורה געגן אירן אַ בייזן קרי־טיקער אינם „המגיד". לויט דעם זיידנס שילדערונג איז די קאָוונער תלמוד־תורה געווען דעמאָלט מער ענלאָך צו אַ מאָדערנער שול. אירע צימערן, שרייבט ער, זיינען גרויס און לופטיק און ס'לערנען אין איר אָרום 300 קינדער. ער לויבט אויך אירע איבערגעגעבענע לערער און פאַרוואַלטער. ער אונטערשטרייכט דעם פאַקט, וואָס זי האָט אויך דריי לערער אויף אַריטמעטיק, רוסיש און העברעאיש. ער גיט איר אויך קרעדיט פאַר דער שיינער אויסערלאָכקייט: די ווענט פון די קלאַס־צימערן זיינען געמאָלן, די טישן און בייגק זיינען די זעלבע ווי אין גימנאַזיע, דאָס גאַנצע הויז איז אַרומגעצאַמט מיט אַ פּאַרקן און אינם פראָנט פון גאַס זיינען פאַרפלאַנצט ביימער. קורץ, די פאַרוואַלטער פון

זער קאָוונער תלמוד־תורה פירן אין איר אַריין אַלץ מער נייע אָרדנונ־גען און האָפן איר צו מאַכן פאַר אַ מוסטער־שול.

די דאָזיקע „קאָרעספּאָנדענץ"—דעם זיידנס „ע ר ש ט ע ש ר י י־ב ע ר י י" — וואָס איז געווען געדרוקט אין דער הוספה צו דעם „המגיד" נומער 30, ו' אב תרל"ג (30טן יולי 1873), לייענט זיך אינם אָריגינאַל אַזוי:

„ק אָ ו ו נ אָ, יום א' לסדר „מוציאי דבה", שנת „אל כל ישרי לב" (לפק). לכבוד הרב בעל המגיד שלום עד בלי ירח! בגליון 33 משנה עברה ראיתי אחד מסתתר מדבר נכבדות ממעשה הצדקה בעירנו, סופר ומונה רבי החברות והצדקות. והנה שמחתי אלי גיל על הדלתות הראשונות, יען תוכם רצוף קושט אמרי אמת. אולם באתי עד קץ המאמר ויפלו פני, כי לדאבון נפשי מצאתי בדבר הת"ת בעירנו לא כן בדיו, ואף כי לא להוציא דבה עליה מגמתו, אכן לא כלכל הכותב דבריו במשפט. ואם כי בזה כנים דבריו, אשר לעת כתבו שררו בבית ובהליכותיו אי־סדרים זעיר שם זעיר שם וכו', לא צדק באמרו, כי הקנים התחתים צרים ושפלי קומה הנם ובימי הסגריר לא יחסר במו רפש וטיט. ובאמת מעת נבנה הבית הלא החדרים התחתים כמו העליים גבוהים ורחבי ידים הם, גם רפש וטיט לא ראה בנינו מפנים מאז נוסד. העיני האנשים ינקר? לפי דבריו מתלמדים בהת"ת רק חמישים נערים, ובאמת מספרם לערך שלש מאות. לחזק את ברק הבית התעוררו אנשים אחדים, אנשי חסד, והתפקדו על הנהגת הבית ומאז נתנה המשרה על ידם, מבקרים הם הת"ת חדשים לבקרים, חושבים כל הימים מחשבות לטובת מצבו, מחשבותיהם מוציאים מכח אל הפועל. ואלה המה הסדרים אשר זה לא כביר בוננו ידיהם. בנוגע לסדר הלמוד בהת"ת הנה זה עשו: הפקידו על משמרת כל התלמידים שבעה מורים ושנים עוזרים על ידם. הנער המסתפח אל הת"ת עולה מעלה מעלה ממורה צעיר לרב ממנו ובמשך זמן היותו בבית הנה לומד תנ"ך, דקדוק וגמרא. לראות עד מה יד הנער מגעת ולמען בחנו ולראות פעלו יבואו לבית הת"ת לעתות קבועות משגיחים אשר יעמידו את כל הנערים על כור המבחן (עקזאַ־מען). ואם כי גם אז היו בת"ת שבעה מורים, אכן לא למדו את הנערים כדרוש לפעולתם, אחרי אשר משכורתם לא היתה שלמה מאת מנהלי־

הת"ת אַז. על שני המורים אשר הורו את התלמידים לדעת שפת הארץ וחכמת החשבון הוסיפו עוד שלישי להורות אותם כתיבת שפת עבר. משלש אלה לא יגרע דעת סדר הלמוד „וחוט המשלש לא במהרה ינתק", הורנו החמ"א. זולת זאת פארו הבית בהוד והדר, משחו כל חדריו בששר, החדרים שהיו משכן בית התפלה הדרו ביתר עוז ויתנו במו שלחנות עם כסאות שחברו למו יחד, כתבנית השלחנות בגימנאַזיום. לבית סביב שתו גדר איתן עם שער ובריח. לפנת הבית אשר נוכח הרחוב נטעו עצי תנובה אשר אף כי ראשיתם מצער, אכן בימים יבואו כאשר יגדלו יתנו ריח נחוח לעובר ושב! — האף אמנם כי עיני כל המנהלים צופיות הליכות הבית, אולם לאחד מהם באשר יתר שאת משאת הבית וטרחתה, יתר עוז לו בהדרה! סדרים רבים עודם נכונים בידיהם אשר בקרב הימים יוציאום לאור ואז כאשר נראם בעינים נהללם בשערי „המגיד". העיר קאָוונאָ ראתה בדבר הזה משנה ששון חלף בשתה, ותקותנו חזקה כי בימים יבואו תהי לנס לכל סביבותיה.

בן ציון נאָוואָכאָוויטץ".

7) „שתום" אין העברעאיש מיינט אי אָפן און אי פאַרמאַכט (פאַרשטאָפּט). טייטשן אַלע, אויך יהואש אין כלל: „שתום העין—מיטן אָפענעם אויג".

8) זאַמלביכער „ירושלים", היסטאָרישע פאָרשונגען, 13 בענד, אַ פערטליאָריקן זשורנאַל „דער קאָלאָניסט" (1873—1896), „דורך פּאַ־לעסטינע", געאָגראַפישע און היסטאָרישע באַשרייבונג, און אַ ריי אַנ־דערע פאָרשערישע ביכער. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט אַלטע פאָרשערישע ווערק פון אישתורי הפרחי, יוסף שוואַרץ און ישראל שקלאָווער, ווי אויך אַ נייע וויסנשאַפטלאַכע אויפלאַגע פון תלמוד ירושלמי.

9) דער ערשטער העפט פונם פערטן יאָרגאַנג „השחר", וואו י. ל. קאַנטאָר'ס שיר איז געדרוקט, איז דאַטירט סעפּטעמבער 1872.

10) י. ל. קאַנטאָר'ס שיר לייענט זיך טיילווייז אַזוי:

„מאמינים אנחנו, כי לא לנצח
ישלטו עול ואון, מרמה ורצח,
כי יבוא יום בהיר, שמש תופיע!

מאמינים אנחנו, כי לא גויי הארץ
יביאו איש על רעהו כליון וקרץ,
כי בעד כברת ארץ לא קשת ידרכו
ובעוד כבוד הבל דמים לא ישפכו.

מאמינים אנחנו, כי לא עוד יגועו
רב אדם ברעב, כי בעני נבראו,
כי כאשן יכלה עשר לא עבדו בו בעליו
ואיש עובד אחיו ימצא שכר במעלליו.

מאמינים אנחנו, כי לא ימשלו עוד באדם
אבירי־לב במזימות ובעז ידם,
לא יצוו עוד בחזקה, עוד לא יקראו:
את זה עשה תעשו ובזה לא תגעו.

מאמינים אנחנו, כי רבים ישכילו
ובין אדם לאדם עוד לא יבדילו;
לא יאמר עוד „נוצרי“, „מחמדי“, „בן־עבר“,
אך „אח“ יקרא, „רע“ ובן־חבר.

כי מסתרי התולדה כלם יתגלו למו
ומשלו הם בתולדה, תחת משלה במו,
כי לא יעבד עוד האדם בזעת אפים,
כי כחות הטבע יהיו לו לידים.

(מיר גלויבן, אַז ניט אייביק
וועלן געוועלטיקן עולה און אומרעכט, פֿאַלשקייט און מאָרד,
אַז ס'וועט קומען אַ ליכטיקער טאָג, אויפֿגיין די זון!

מיר גלויבן, אַז די פֿעלקער פֿון דער וועלט
וועלן ניט ברייננגען אייגע אויף די אַנדערע פֿאַרניכטונג,
אַז פֿאַר אַ שטיקל ערד וועט מען זיך ניט שיסן,
פֿאַר דומער ערע קיין בלוט פֿאַרגיסן.

מיר גלויבן, אַז ס'וועלן ניט אויסגיין
די מערסטע מענטשן פֿאַר הונגער, ווייל געבאָרן אָרעם,
אַזוי ווי רויך וועט פֿאַרשווינדן רייכקייט ניט געשאַפֿן דורך
אייגענער אַרבעט,
און ווער ס'פֿאַרשקלאַפֿט ברידער, וועט קריגן זיין לוין.

מיר גלויבן, ס'וועלן ניט מער הערשן איבער מענטשן
האַרטהאַרציקע מיט ביטערקייט און שטאַרקער האַנט,
זיי וועלן ניט באַפֿעלן מיט גוואַלט, וועלן ניט מער זאָגן:
דאָס טוט און אָן דעם רירט זיך ניט אָן.

מיר גלויבן, אַז די מענטשן וועלן ווערן אויפֿגעקלערט,
און ניט מער אונטערשיידן צווישן מענטש און מענטש;
מ'וועט מער ניט זאָגן: „קריסט", „מחמד'אַנער", „איד",
נאָר „ברודער" וועט מען זיך רופֿן, פֿרייַנט און חבר.

אַז אַלע נאַטור־געהיימענישן וועלן זיך זיי אַנטפּלעקן,
זיי וועלן געוועלטיקן איבער דער נאַטור, אַנשטאָט זי איבער
זיי;
אַז מענטש וועט ניט מער אַרבעטן מיט שווייס פֿון פּנים,
אַז די נאַטור־קרעפֿטן וועלן אים דינען פֿאַר הענט.)

11) די בריוו אין „היום" האָט מאָריס ווינטשעווסקי געשריבן אונטערן נאָמען בן־נץ. דער ערשטער בריוו איז געדרוקט אונטער דער איבערשריפֿט „מכתבים מלונדון" (בריוו פֿון לאָנדאָן). די איבעריקע בריוו זיינען אַריין אינם אָפּטייל „מחוץ לארץ" (פֿונם אויסלאַנד). אינם ערשטן בריוו (פֿעברואַר 24) ווערט אַרומגערעדט די אירלענדישע פֿראַגע. אינם צווייטן בריוו (מערץ 14) — דער פּאַרטיי־קאַמף אינם ענגלישן פּאַרלאַמענט. אינם דריטן בריוו (מערץ 31) — די העצע פֿון אַ קאָנסערוואַטיווער צייטונג קעגן די „פֿרעמדע" (אידן). אינם פֿערטן בריוו (אַפּריל 12) — דער פּאַרזוך צו לערנען די אידישע עמיגראַנטן ערד־אַרבעט. אינם פֿינפֿטן בריוו (אַפּריל 14) — די רעדע פֿונם 80־יאָריקן פּרעמיער, גלעדסטאָן.

ווינטשעווסקי האָט אויפגעהערט שרייבן אין „היום“, נאָכדעם ווי זיין קאָרעספּאָנדענץ וועגן אַ גרויסן סטרייק און די דעמאָנסטראַציעס פאַר די סטרייקער — באַשריבן זייער מעסיק, „במעט קאָנסערוואַטיוו“— איז דאָך פון י. ל. קאַנטאָר אונטערדריקט געוואָרן. אַזאַ באַציאונג צו אַרבעטער עניינים האָט ווינטשעווסקי ניט געקענט מוחל זיין און האָט מיט קאַנטאָר'ן מער קיין מגע־ומשא ניט געוואָלט האָבן.

12) דר. (מעדיצין) י. ל. קאַנטאָר איז געווען אַ קאַזאָנער רב, צו־ערשט אין ליבוי, נאָכדעם אין ווילנע און צולעצט אין ריגע, וואו ער איז געשטאָרבן מלחמה־צייט.

13) דער אַרטיקל „יהוה—אלהים“ אַלס גאַנצער פאַרנעמט זיך מיט ביבל־פאָרשונג (דער איינציקער פאַרזוך, וואָס ווינטשעווסקי האָט גע־מאַכט אויף דעם געביט).

14) דער „תהפוכות העתים“, דעם זיידנס ע ר ש ט ע ר ש י ר, איז געדרוקט אין „המגיד“ פון 8טן סעפּטעמבער, 1875, און לייענט זיך אין אָריגינאַל אַזוי:

„איש כי יצית לפנים אש בבית,
או הפך כרם וגן לשמיר ושית,
הלא שלם ישלם זה מבעיר הבערה;
ועתה יקומו חדשים לבקרים
מציתי בתיהם וגם בתים זרים,
ושלם ישלמו למבעיר הבערת.

לפנים הלכו יחף נביאי האל,
ובהטיפם לעם הרם הרימו קול,
ומרוחם האצילו על שומעי תורתם;
ועתה נביאי הבעל, יודעי תעלומות,
יובלו במרכבות, לרוב סוסים רתומות,
אוכלים ושותים וזאת תהלתם.

לפנים חכמת נשים בנתה ביתה,
ובעלה ישב לבטח תחת גפנה וזיתה
ויתי תופש תורה והוגה בספר;

עתה יתהפך האיש מהפכת זרים,
ראשו עליו סחרחר, בבטנו חיל זרים,
ואשתו העדינה תביע אמרי שפר.

לפנים ארון־עץ היה משמר לכסף
ובידים חרוצות בא שואף־הנשף
בחשכת ליל לשבור הארון יחיז;
עתה בארגזי ברזל הכסף יחביאו
אפס כי לגנבים בידים יביאו
וכי יבקשום להשיבו, יענו: אין!

לפנים היה גורל סוחר מצליח
חיים שאננים, במעט שיג ושיח
ובביתו כסף וזהב ואבנים יקרות;
עתה כל שולח ידו במסחר וקנין
מבלה כל ימיו ברוב כעס וענין
ובכיסו אין מאום מבלעדי שטרות.

לפנים היו מסעי הדרכים יגעים,
ויהיו מעטים הנוסעים, מתנועעים
וכל תושב חי בעירו על שלות רבצו;
ועתה בעופנו בהקיץ כלפנים בחלום,
מעיר לעיר אנו נודדים, מלאום ללאום,
ואחד מני אלף יגיע למחוז חפצו.

כן יתהפכו הדברים כחומר חותם,
הזמן יחליף, יהפך ישנה אותם,
הכר לא יכיר גדולים לפני קטנים;
הכל כאשר לכל ישנה בשובה ונחת,
ועלינו לברך על הכל — כאחת:
ברוך משנה העתים ומחליף הזמנים".

15) אין יהל"ל'ס סאָציאַליסטיש ליד „עבד לעבדים" (קנעכט ביי קנעכט) ווערט געשילדערט די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט, וואו

דער ארבעטער הארעוועט ווי א בהמה רייך צו מאכן זיין באלעבאס, און ער אליין גייט אונטער אין עלנט און נויט. ס'ווערט אויך אנגע־וויזן די רפואה צו דער מכה. זאלן אלע גלייך ארבעטן און געניסן די פולע פרוכט פון זייער ארבעט, וועלן אלע מענטשן לעבן אין גליק און אין פרידן. פונם זעלבן גייסט איז אויך דורכגעדרונגען יהל״ל'ס לייב־געדע פאעמע „כשרון המעשה" (דער נוצן פון דער ארבעט). ווען יהל„ל האט פארעפנטלאכט זיין „עבד לעבדים", האט אים משה לייב ליליענבלום געשריבן (אדעס, 20טן מערץ, 1875) אזוי: „אייער ליד „עבד לעבדים" געפעלט מיר זייער שטארק. נאר מיר וואונדערט, ווי אזוי איר האט געוואגט צו שרייבן אזא ליד אין „השחר", און קיין מורא ניט געהאט, אז דאס זאל זיין א שטער אויף אייער לעבנסוועג?" („רשומות", 4טער באנד, 1926, זייט 379).

16) אין דער „צוקונפט" פון 1906, זייט 295, דערציילט ווינ־טשעווסקי, אז מארקוסזאן איז שפעטער געקומען צו אים קיין לאנדאן, וואו ער איז יונג געשטארבן פון אויסצערונג. אגוז, „א זויבערע, ער־לאכע, איידעלע נאטור", איז געשטארבן אין אמעריקע, עטלאכע יאר פאר 1906, נאר דער זיידע האט אים ניט געזען זינט 1878, אין קעניגס־בערג. ער ווייסט דערפאר ניט, וויפיל יענעמס „רייפערער עלטער" האט דערפילט פון דאס, וואס זיין יוגנט האט „פיל פארשפראכן".

17) לויט אנדערע קוועלן איז דר. יצחק פיינבערג געבוירן געווארן אין יוני 1828 און איז געשטארבן (אין אפריל 1913) אינם עלטער פון 85 יאר.

18) אין די „זשורנאליסטישע עראינערונגען" („צוקונפט", אקט. 1906) שרייבט ווינטשעווסקי, אז דער „שיר חזיון ליל פורים" איז געווען געדרוקט אין 1874 און באמערקט דערצו: „צום גליק בין איך געווען אין אריאל, ווען דאס גליק האט מיר געזוכט אין קאוונע". נאר דער זיידע האט דארט געמאכט א טעות. ווארים ער האט פארלאזן אריאל סוף יולי אדער אנהויב אויגוסט 1875 און די פורים־פאנטאזיע איז געווען געדרוקט ניט אין 1874, נאר אין 1876 (15טן מערץ). משמעות ניט וועלנדיק דערמאנען די אין דער יוגנט געליבטע „חוה'ס טאכטער" (ראזע קאבאק), כל זמן זי האט געלעבט. (זי איז געשטארבן

אין ניו יאָרק אַרום 1918. זע אויך ווייטער, באמערקונג 26). אַ טעות איז דאָרט אויך, אַז ער האָט געשריבן דעם „חזיון ליל פורים" פריער ווי זיין ע ר ש ט ן שיר „תהפוכות העתים".

19) אין די „פראַגן פון לעבן" (נומערן 2—3) ווערט אָנגעגעבן, על־פי טעות, אַז אַט־די לידער זיינען געשריבן אין אַריאַל, אין 1873—1875.

20) אין די „פראַגן פון לעבן" דערציילט מאָריס ווינטשעווסקי אַזוי: „אים (משה לייב ליליענבלומען) איז דאָס ליד נ י ט זייער שטאַרק געווען געפעלן, דער עיקר, ווייל איך גראַם דאָרטן חולמ'ס מיט צירה'ס (למשל, „מהרה"—גיך, מיט „שכורה"—אַ שכור'טע) און בין ניט מדקדק אין דעם פּרט פון מלעל און מלרע, — אַלץ זאַכן, אויף וואָס היינט קוקט מען זייער ווייניק. די דאָזיקע פּאָעמע פון 180 ציילן איז זיכער ניט ווערט צו ווערן געדרוקט. אָבער ווען איך האָב עס דעמאָלט ניט געשיקט צו קיין רעדאַקציע, איז דאָס ניט געווען צוליב עניוות, אָדער שפּעטער צוליב ליליענבלומ'ס שוואַכער מיינונג וועגן דעם, נאָר איינפאַך, ווייל איך האָב מיר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז ערגעץ אַ רע־דאַקטאָר זאָל האָבן דעם מוט אַזאַ זאַך צו דרוקן".

21) געשריבן צוערשט אין לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד" פון 26טן דעצעמבער, 1890, אין דער סעריע „בילדער און געדאַנקען" פון אַ משוגע'נעם פילאָזאָף, אינם קאַפּיטל „אינהאַלט: איך" ער געפינט זיך אין 4טן באַנד (זייט 94) פון אַט־די געזאַמלטע ווערק.

22) אין צוויי אַנדערע קאַפּיטלעך שרייבט ווינטשעווסקי „צרות" און „רדיפות".

23) משה לייב ליליענבלום איז זיין נעקראָלאָג נאָך סענדער פּאָרט, וועלכער איז געשטאָרבן אין קאָוונע דעם 17טן נאָוועמבער 1877, דער־מאָנט דאָרט („אספת חכמים", קעניגסבערג, טבת־דעצעמבער, 1877) אויך דעם יונגן ישראל פּאָרט, „וועמעס ליבע צו דאָס גוטע איז ניט געווען קלענער ווי זיין פאָטער'ס, נאָר האָט אים נאָך אַריבערגעשטיגן מיט זיינע פיזיאיקייטן און וויסן". ליליענבלום דערציילט אויך, אַז זייער קאַמף פאַר אויפקלערונג האָט אויפגעוועקט געגן פאָטער און זון די פיינטשאַפט פון די רעליגיעזע פאַנאַטיקער אין קאָוונע, וועלכע האָבן

זיי ביידע פאַרפאָלגט און אויך פאַר'מסר'ט פאַר דער רעגירונג. דער יונגער ישראל פאָרט איז דערפון קראַנק געוואָרן און איז אַוועקגעשטאָרבן אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטן ביים אַריינטרעטן אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. דער אַלטער פאָטער איז דאַן געווען גרייט איבערצולאָזן אַלץ אויף הפקר און אַוועקפאָרן פון קאָוונע. נאָר דער איינפלוסרייכער דר. יצחק פיינבערג האָט זיך אַריינגעמישט און אויסגעווירקט, אַז די העכערע רעגירונגס-באַאַמטע זאָלן איגנאָרירן אַלע מסירות געגן סענדער פאָרט. דאָך האָט דער אַלטער פריידענקער לאַנג ניט איבערגעלעבט זיין יונג-פאַרשטאָרבענעם זון. ער איז באַלד קראַנק געוואָרן און נאָך שווערע ליידן איז ער געשטאָרבן אין קאָוונע דעם 17טן נאָוועמבער, 1877.

24) זע די פריערדיקע באַמערקונג (23).

25) אין אַ פּאָלעמישן אַרטיקל „דער נייער בלאָז-זאַק", קעגן יצחק אייזיק הורוויטש (אין „פאָרווערטס", 1898) דערציילט דאָרט מאָריס ווינטשעווסקי, אַז סענדער פאָרט האָט געהאַט אַ ברודער ר' אריה צבי, וועלכער איז געווען דער „צדיק פון שטאָט". אויף אים „האָט מען געזאָגט, אַז ער קען קיין צוויי ניט ציילן". ער „האָט צוגעבראַכט זיינע יאָרן אינם אַלטן בית-מדרש".

„ר' אריה צבי האָט געמאַכט אַ ספר אויף תקיעות" און „האָט ערנסט באַהויפּטעט" (וואָס האָט סענדערן אויפגעבראַכט), „אַז ביז ער האָט אויפגעשריבן זיין ספר, האָבן אידן הונדערטער מיט הונדערטער יאָרן געבלאָזן שופר, ניט וויסנדיק דעם ריכטיקן מיין און די אמת'ע כוונות פון תקיעות. נאַטירלאַך האָט סענדער געמאַכט חוזק פון זיין ברודער'ס ספר. אים טרעפנדיק אין גאַס, האָט ער אים אָפּגעשטעלט מיט דער פראַגע: „אריה, וואָס מאַכט דיין בלאָז-זאַק?" דער צדיק האָט פאַרלאָרן די געדולד און זיך געכאַפּט שלאָגן"...

26) אין יענעם בריוו ווייזט זיך אַרויס ליליענבלום פאַר אַ שטאַרקען פאַרערער און ליבהאָבער פון דעם יונגן ווינטשעווסקי. ער איז אויך זייער עמפינדלאַך איבער דער קריטיק, וואָס דער לעצטער האָט אַרויסגעזאָגט קעגן זיין, ליליענבלום'ס, אויטאָביאָגראַפיש בוך „חטאת נעורים" (יוגנט זינד). ליליענבלום פאַרענטפערט זיך, אַז ער מיינט

ניט צו דערקלערן די וועלט פאַר ווערטלאָז און הפקר און איז אויך ניט קעגן אידייען... ער איז בלויז קעגן דעם, וואָס אינגלאַך וואַרפן זיך אַריין אינם קאַמף פאַר אידייען איידער זיי האָבן גענוג געלערנט... נאָר דער גרעסטער טייל בריוו פאַרנעמט זיך מיט דער פראַגע פון ליבע. ווינטשעווסקי האָט, קענטיק, קריטיקירט ליליענבלום'ען, למאי ער רעדט אין זיין „חטאת נעורים" אַזוי פיל וועגן ליבע און דערקלערט ניט אין ערגעץ, וואָס איז אַזוינס די ליבע — פון וועלכער דער יונגער ווינטשעווסקי האָט אין יענער צייט אַ סך געליטן, זייענדיק „האָפ־בונגסלאָז" פאַרליבט. ליליענבלום ענטפערט, אַז אים איז געווען וויכטי־קער צו מאָלן דעם גייסטיקן צושטאַנד, אין וועלכן די ליבע ברענגט דעם מענטשן (די ליבעסליידן), ווי איר עצם, וואָס געהערט צו די סודות פון דער נאַטור. און וואָס איז שייך צו ווינטשעווסקי'ס ליבעס־ליידן, שרייבט אים ליליענבלום אַזוי:

„צו וואָס זאָלסטו זוכן ליבע, וואו דו ווייסט זי ניט געפינען? אויב דיין געליבטע (וועלכע איך קען ניט און ווייס ניט איר כאַראַק־טער) ליבט דיך ניט, איז דאָך פאַראַן אַן אורזאַך דערפאַר, וואָרים עס איז ניטאָ קיין זאַך אָן אַן אורזאַך, אָדער גענויער: זי האָט ניט קיין אורזאַך דיך צו ליבן"... ליליענבלום ראָט דערום ווינטשעווסקי'ן ניט אַרויפצוצווינגען אויף איר זיין ליבע מיט געוואַלט און ער אונטער־שטרייכט:

„שרייב קיין זאַך ניט אַריין אין איר אַלבום, וואָרים וואָס האָסטו פאַר אַ שייכות מיט אָט־דעם אַלבום? צו וואָס זאָלסטו איר ווייזן דיי־נע זיפצן און וויטאָקן, ווען זי אינטערעסירט זיך מיט זיי ניט? פרעג איר קלאָרע דבורים: האָסטו אויף וואָס צו האָפן אויף איר אָדער ניט? אויב יאָ — וועלן פאַרשווינדן אַלע דיינע זיפצן, און אויב ניט — פאַרשפּריט דיינע זיפצן אויפן ווינט און זאָלן די כוואַליעס פונם (טייך) ניעמאַן פאַרטראָגן דעם אומעט פון דיין האַרצן, נאָר ברייננ זיי ניט פאַר אירע אויגן זיך צו דערנידעריקן אָן שום נוץ. דאָס איז מיין עצה, די עצה פון דיין טרייען פריינט, וואָס ליידט מיט דיר..."

אין זיין אַרטיקל וועגן ליליענבלום (אין „העולם", מאַי 5, 1910)

באַמערקט ווינטשעווסקי, אַז ליליענבלום'ס טרייסטווערטער האָבן אים דעמאָלט אויסגעזען „כמעט ווי אַ איראָניע..."

„איך האָב אין דער צייט געזען, — שרייבט ווינטשעווסקי, — ווען אויך פון ווייטן, די מורא'דיקע וואונדן פון זיין אייגן האַרץ. מיין עלנטער פרייגט איז געווען אין מיינע אויגן ווי דער שכור, וואָס ווייזט דעם וועג אי דער פינסטער צו אַן אַנדער שכור ווי ער"...

אַלנפאַלס האָט ליליענבלום'ס עצה ניט געהאָלפן. ווינטשעווסקי'ס ליבע-ליידן געפינען אַן אָפּקלאַנג אין זיין העברעאישן ראָמאַן „בייע געזיכטער" און פאַרפאָלגן אים אויך אין לאָנדאָן, ווען „זי" קומט צו אים אַהין. (זע באַמערקונג אויף זייט 120 אינם 2טן טייל „ערינערונגען", באַנד 10).

27) אַלס אַ געבוירענער אַ יאַנאָווער האָט מ. ווינטשעווסקי געדאַרפט שטיין צום פריזיוו אין קיידאַן. זע וועגן דעם באַהיבות אויבן, אינם בוך „וואָס מיר פעלט" (באַנד 7, זייטן 50—53).

27א) שפּעטער האָט ווינטשעווסקי איבערגעמאַכט דאָס וואָרט „העובדים" אויף „הפועל".

28) דאָס דריטע העפט פון ליבערמאַנ'ס „האמת" האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ לייט-אַרטיקל, וואָס האָט געהייסן: „אַריינפיר צו דער „לעפל-גאָפּל-פראַגע".

29) א. וו. ראַבינאָוויטש באַהאַנדלט דאָרט דעם גרויסן סטרייק פון די אַמעריקאַנער אייזנבאַן-אַרבעטער אינם יאָר 1877. ער אונטערזוכט זיינע אורזאַכן און שילדערט גלייכצייטיק די שלעכטע לאַגע פון די קוילנגרעבער אין פּענסילווייניע א. ד. גל. ער פירט אויס, אַז „אויב מיר ווילן באַפרייען די מאַסן פון זייער גערדריקטער לאַגע, איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר אָפּצושאַפן דעם פּריוואַט-אייגנטום און איינפירן אויף זיין פּלאַץ דעם קאָלעקטיוון אייגנטום" (אספת-חכמים, זייט 22).

29א) דער רעשט פון דער דאָזיקער „משוגעת" באַשטייט פון:

א) אַ גאַליקע סאַטירע אויף די רויבערישע פּראָפּיטירער, באַנקראָטירער, ספּעקוליאַנטן, פּאַדריאַטשיקעס, קאָנטראַקטאָרס א. אַ. וו. יגלי (ווינטשעווסקי) רעדט דאָרט בלויז פון אידישע סוחרים — כאָטש אין

דער אמת'ן זיינען די אַלע רויבערייען כאַראַקטעריסטיש פאַר די קאַ־פּיטאַליסטישע קלאַסן פון אַלע פעלקער. נאָך ווינטשעווסקי האָט דערביי נאָך אַ כונה. ער אונטערשטרייכט, אַז אידן האָבן זיך גענומען צום מסחר, ווייל מ'האָט זיי פאַרשפּאַרט אין באַשטימטע געגנטן און זיי ניט צוגעלאָזן צום באָדן און צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. ער פירט אויס: „איצט זאָגן די ניט־אידישע מאַסן, אַז די „פאַרפלוכטע זשידעס" האָבן ליב דאָס באַלעבאַטעווען, לוידיק־גיין און האַנדל... ווער איז אין דעם שולדיק? בלייבט אַ קשיא".

ב) אַ שטיקל גמרא („התוקע לחברו"), וואָס איז אַריין אין די פּאַראָדיעס אינם זעקסטן באַנד, ז' 253—254, צוזאַמען מיט ווינטשעווסקי'ס אייגענער איבערזעצונג.

ג) אַ לירישער אויסגוס, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ לידל, וואו עס ווערט אַנגעדייטעט די נויטיקייט צו צעשמעטערן די אַלטע און אויפבויען אַ נייע אָרדענונג...

30) לייזער צוקערמאַן איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעמאַכט אַ זעקס יאָר קאַטאָרגע אין סיביר. זע ווייטער, אין צווייטן טייל עראינערונגען, זייטן 113—114.

30א) ריפּ־וואַן־ווינקל איז דער העלד פון וואַשינגטאָן אירווינג'ס אַ דערציילונג. ער איז אַן אַמעריקאַנער און שטאַמט פון די אַלטע האָלענדישע קאָלאָניסטן. איינמאָל, גייענדיק אויף גייעג אין די קעטסקיל־בערג, אינם שטאַט ניו יאָרק, באַגעגנט ער אַ פרעמדן מאַן מיט אַ פעסל. ער נעמט אַ זופּ פונם פעסל און שלאָפט איין. ווען ריפּ־וואַן־ווינקל כאַפּט זיך אויף 20 יאָר שפּעטער, געפינט ער אויס, אַז אַמעריקע האָט זיך באַפרייט פון ענגלישער הערשאַפט, אַז זיין ווייב איז טויט און ער אַליין איז גאַנץ פאַרגעסן.

31) משה לייב ליליענבלום דערציילט אין זיין „דרך תשובה", אַז ער האָט זיין „אלישע בן אבויה'ס משניות" געשריבן לכתחילה אויף ליבערמאַנ'ס פאַרלאַנג אָנצושרייבן פאַר אים (פאַר זיין „האמת") אַן אַרטיקל איבער אָט־דער טעמע. נאָר ליליענבלום גיט ניט אָן קיין אורזאַך, פאַרוואָס ער האָט זיין „משניות" געשיקט גאָר צו בן־נץ (ווינטשעווסקי). פון ליליענבלומ'ס אַ בריוו צו ליבערמאַנ'ען וויל ש. ל.

ציטראַן אַרויסדרינגען, אַז ליבערמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו דרוקן ליליענבלום׳ס אַרטיקל צוליב דעם דאַטום, יום־כפור תרל״ח, וואָס „איז פּיליכט אימשטאַנד צו באַליידיקן דעם רעליגיעזן געפיל פון דעם העברעאישן לעזער״ („דריי ליטעראַרישע דורות״, צווייטער באַנד, ווילנע, 1921. זייטן 99—102). נאָר דער פאַקט, אַז צווישן ליבער־מאַנ׳ס כתבים אין ווינער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק געפינט זיך, ווי דר. מ. בערקאָוויטש טיילט מיט, ליליענבלומ׳ס „משניות״ שטאַרק רע־דאַקטירט, באַווייזט, אַז ליבערמאַן האָט זיך געגרייט עס צו דרוקן. לי־ליענבלום האָט עס געשיקט צו ווינטשעווסקין ערשט אין עטלאַכע חדשים אַרום, ווי ליבערמאַנ׳ס „האמת״ איז שוין געווען אונטערגע־גאַנגען. פון ליליענבלומ׳ס בריוו, וואָס ציטראָן ציטירט, איז אויך קענטיק, אַז ער האָט דעמאָלט ניט געהאַט פאַרטיק זיין „משניות״ און האָט דערווייל צוגעשיקט די הקדמה. מעגלאַך, אַז דער גאַנצער פּלאַן פון אלישע בן אבויה׳ס יום־כפור־בריוו איז ליליענבלומ׳ען איינגעפאַלן, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז דאָס וועט זיין געדרוקט באַלד נאָך יום־כפור.

32) אין דער „צוקונפט״, אויגוסט, 1907, וואו מ. ווינטשעווסקי האָט אָט־די ווערטער געשריבן, האָט ער פאַרזיכערט, אַז ליליענבלום קאָן זיין בלויז קעגן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, מחמת נאַציאָ־נאַליסטישע מאָטיוון, נאָר ניט קעגן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, אָדער אפילו דעם סאָציאַליזם אלס טעאָריע. „אפשר האָט ער זיך וויניק באַשעפטיקט מיט דער קלאַסנקאַמף־טעאָריע, אָדער ער האָט זי ניט פאַרשטאַנען — אַ זאַך, וועלכע האָט פּאַסירט זאָגאַר מיט סאָציאַליסטן־פירער פון אונזער צייט. קיער־הארד, אין ענגלאַנד איז איינער פון זיי, שוין גאָר ניט רעדנדיק פון די פאַביער אין יענער מדינה, מענער ווי וועב און שאָו״. ווינטשעווסקי פירט דערפאר אויס, אז אויב ליליענבלום „איז היינט גאָר אין גאַנצן „אויסגעטאָן״ פון דעם סאָציאַליזם איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל ער איז היינט אויך אזויפיל אַ איד, אז ער קאן ניט זיין קיין סאָציאַליסט, נאָר ווייל ער קלערט, אז סאָצאַליזם אָדער ניט סאָציאַליזם — דעם אידן מוז מען העלפן פריער ווי אַלץ״.

מאָריס ווינטשעווסקי האָט אָט דעם קאַפּיטל, צוזאַמען מיט אַ בריוו צוגעשיקט ליליענבלומען. דער לעצטער האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ לאַנגן בריוו אין העברעאיש, געשריבן אָדעס, ט"ז אלול תרס"ז (26טן אויגוסט, 1907), אדרעסירט צו „מיין יוגנטפריינט און ריין־האַרץ בן נץ!" (מיט די זעלבע ווערטער וואָס ער האָט אים אַדרעסירט מיט דרייסיק יאָר פריער). אין אָט דעם בריוו (איבערגעדרוקט פון מ. ווינטשעווסקי אין זיין אַרטיקל „ליליענבלום ויחסו להסוציאליות" (ליליענבלום און זיין שטעל צום סאָציאַליזם), אין „לוח אחיעבר", ניו יאָרק, 1921), שרייבט ליליענבלום:

„וועגן מיין שטעלונג צום סאָציאַליזם ביזטו ניט אוועק ווייט פונ'ם אמת. ווי דעמאלט, אזוי איז היינט מיין מיינונג, אז אַלע מענטשן זיינען מחויב צו אַרבעטן און קיין מענטש טאָר ניט הנאת האָבן פון דער וועלט אָן אַ ברכה פו זיין זייט צום עקזיסטענץשפּיכלער. נאָר איך האָב זיך קיינמאָל פארטיפט אין הלכות סאָציאַליזם און האָב אים קיינמאָל ניט אויסגעפאָרשט אין זיינע פרטים, ווען ער איז בא מיר געווען ווי אַ „הילכתא למשיחא" (אַ צוקונפטסזאַך).

אלס עוואָלוציאָניסט, וואָס איז קעגן פארשנעלערן דעם מענטשלאַכן פּראָגרעס דורך רעוואָלוציע, איז פאר ליליענבלומען דער סאָציאַליזם א „אידעאל פון דער וויטער צוקונפט" און ער וויל ארבעטן פאַר דער קעגנוואַרט. דערביי דערקלערט ליליענבלום, אז דער „הייליקער פּראָלעטאַריאַט" רופט ביי אים ניט ארויס „מער רחמנות ווי יעדער אַנדער אָרעמאַן, סאי ער איז אַ קרעמער־עקספּלואַטאַטאָר, וואָס האָט אין זיין קראָם סחורה פאר מער ווי דריי רובל, סאי ער איז אַ ווילדער מלמד אָדער אַ ליגנערישער שדכן, אָדער אפילו אַ בטלן גמור". ליליענבלום אַנטוויקלט דאן באריכות זיין געגנוואַרטספּראָגראַם און דערקלערט זיך פאַר א ביטערן פיינט פון די סאָציאַליסטן און פאַרדאַמט די סטרייקס, וואָס זיי פירן. צולעצט בעט ער ווינטשעווסקי זאָל אים שיקן דעם דריטן קאַפּיטל פון דער „משנת אלישע בן אבויה", וואָס איז געווען געדרוקט אין 1879. ליליענבלום שרייבט זיך אונטער אויף זיין בריוו „אלישע בן אבויה".

ווינטשעווסקי באַמערקט דאָרט, אין לוח־אחיעבר, צו ליליענבלום׳ס בריוו אַזוי:

„אַף אַט דעם בריוו זיינעם האָב איך ניט געענטפערט, ניט צו זיין פאַרדרוס; ווייל זיינע טענות (קעגן סאָציאַליזם) זיינען געווען לעכערלאַכע אָדער איבערגעטריבענע. יעדער דאַמסקער שניידער (קלאָוקמאַכער) פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט געקאָנט ענט־פערן ליליענבלומען אַף זיינע טענות קעגן די סטרייקס. מיינע חברים אין רוסלאַנד האָבן אים עטלאַכע מאָל געענטפערט אויף זיינע טענות, נאָר ער האָט געזען אין זייערע רייד בלויז עזות און חוצפה און זיין צאָרן קעגן זיי איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ שטאַרקער".

33) אין זיין העברעאישן לייט־אַרטיקל „בן משה והאמת" (סמאָלענסקין און ליבערמאַנ׳ס „אמת") ווייזט אָן ווינטשעווסקי, ערשטנס, אַז העברייאיש איז ניט דער מאָנאָפּאָל פון נאַציאָנאַליסטן און טעאָלאָגן, ווי ס׳מיינט סמאָלענסקין (און ווי זיינע נאָכפאָלגער מיי־נען עס נאָך היינט); צווייטנס, אַז דער רעדאַקטאָר פון „אמת" (א. ש. ליבערמאַן) איז מער פריינט פון אידישן פאָלק ווי די פאַטריאָטן פון סמאָלענסקינ׳ס שניט.

„דו ליבסט דיין פאָלק" — זאָגט בן־נץ (מ. ווינטשעווסקי) צו פּרץ סמאָלענסקין — „נאָר דו ווייסט ניט וואָס צו טאָן פאַר אים, דערפאַר שניידסטו רעכטס און לינקס, שרייסט, רעדסט, שרייבסט און מעקסט און דיין אויפטו איז ניט קענטיק. דו ווילסט אויסראָטן דעם חסידיזם, מאַכן א תל פון „אבערגלויבן", און דו ווייסט ניט, אַז דאָס טוט די צייט אָן דיר. יעדע נייע מאַשין, יעדע נייע סטאַנ־ציע פון אייזנבאַן, יעדער נייער טעלעגראַף, יעדע נייע דערפינדונג ווירקט קעגן חסידיזם מער ווי אַלע דיינע דערציילונגען און פון אַלע נייע געזאַנגען וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון בטלנות. — אַלזאָ, מיין הער, דיין ליבע צו דיין „נאַציע" — איז אַזוי ווי ניט געווען"...

„דער רעדאַקטאָר פון „אמת" האָט אויך ליב זיין נאַציע, נאָר ער האָט פאַר זיך א באַשטימטן ציל, צו וועלכן זיין גייסט שטרעבט און צו דעם דאָזיקן ציל וויל ער אויך פירן זיינע פאָלקסמאַסן. ער זאָגט,

אַז די ברידערשאַפט פון אַלע מענטשן גיט ניט קיין בכורה איין נאַציע איבער דער צווייטער. נאָר וואָס אים האָט געמאַכט שרייבן העברעאיש און ניט דייטש איז בלויז — „ליבע צו זיין נאַציע". האָסט עס פאַרשטאַנען, מאַן פון „וויסן, השכלה און לעבן"?

אין זיין פעליעטאָן „הסרטן" (דער קרעבס), אינם „הקול", 1878, נומער 55, שילדערט ווינטשעווסקי, אונטערן נאָמען „יגלי", זיינעם אַ חלום, אין וועלכן ער באַגעגנט אַ קרעבס, וואָס זאָגט, אַז ער איז עס פרץ סמאָלענסקין און ער איז דאָס געוואָרן פאַר זיין זינד צו גיין כסדר ריקווערטס...

34) אין אָט דעם „מיטעלן פּאַראַגראַף" זאָגט דאָרט יגלי צום ערשטן מאָל ארויס די געדאַנקן, וואָס מיר געפינען שפּעטער אין דער זעלבסטכאַראַקטעריסטיק, וואָס דער „משוגענער פילאָזאָף" גיט פון זיך. (זע אויבן ז' 131—132 און די באַמערקונג 21.) ער זאָגט דאָרט אַזוי:

„אַמאָל לאַך איך און שפּאַס און אַמאָל וויין איך און טרויער; כעס און געלעכטער הויערן אין מיין האַרצן צוזאַמען און שטויסן זיך נאָכאַנאַנד איינער אָן דעם אַנדערן".

35) לויט ש. ל. ציטראָן (דריי ליטעראַרישע דורות, באַנד 1, ז. 10) איז מיכל ציפּקין, אַ ווילנער חלפן, וואָס האָט געהאַלטן א געלט־קאַנטאָר, געווען דער פאָטער פון מ. ל. ראַדקינזאָנ'ס פרוי.

36) וועגן דער אידישער פראַגע שרייבט דאָרט ווינטשעווסקי אַזוי:

„א סך באַרימטע מענטשן צווישן אונז מאַטערן זיך צו פאַרענטפערן די אידישע פראַגע; זיי זיינען אויסער זיך, וואָס אונזער אויפגעקלערטער יאָרהונדערט ברייננט נאָך ארויס אַנטיסעמיטן און פּאָגראָמשטשיקעס, ווי אין רומעניע א. ד. ג. זיי שיקן זייערע דעלעגאַטן אין אַלע עקן וועלט, זיי זוכן אויפצוקלערן, כדי צו ברייננן נוצן זייער פאָלק; זייער האַרץ איז געווים גוט, נאָר זייער אויפטו איז כמעט ניט קענטיק און איז זייער קליין. פאַרוואָס? ווייל די מלחמה פאַרן לעבן ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און די קריסטן, וועלכע האָבן פריער פאַרפאָלגט די אידן צוליב רעליגיעזן פאַנאַטיזם,

בלוט־בלבולים א. א. וו. רודפ'ן און האַסן אים איצטער מיט גיפטי־
קער שנאה פאר זיין רייכקייט. ווי אזוי קאנט איר פארענטפערן די
דאָזיקע פראגע אין דער צייט, וואָס אונטער דער איצטיקער אָרדנונג
מוזן גרויסע מאַסן מענטשן זיך מאַטערן מיטן לעבן פאַר אַ שטיקל ברויט
און זייערע אויגן זעען ווי גרינג דער איד לעבט, ניט ער אַקערט, ניט ער
זייט, נאָר באַקויבט דעם ארבעטנדיקן דורכדעם וואָס ער האָט געלט?
אמת, די דאָזיקע לייט האָבן אַליין מיטגעהאָלפן, אז דער איד זאָל
ווערן א געלטניק, אן עקספּלואַטאַטאָר; זיי האָבן אים געבראַכט דערצו,
איבערלאָזנדיק אים אָן פעלד און בהמות און אָן שום רעכט אויף
דאָס לעבן. נאָר ווי דאָס זאָל ניט זיין, איז דער איד פאַראַכט און
שטאַרק פארהאסט פון אַלע זייטן, און כל־זמן איר וועט ניט שאַפן
קיין נייע גוטע באַדינגונגען פאַר אידן אין דער פראָדוקציע, איז אומ־
זיסט אייער מי צו פארבעסערן זיין לאַגע. די אידישע פראַגע וועט
ניט פאַרענטפערט ווערן דורך אייך, אויך ניט דורך גאָט".

37) דיאַנאַ ביעלסקי האָט זי געהייסן, און זי האָט עס ווינטשעווו־
סקי'ן געגעבן דעם נאָמען „זיידע" נאָך זייענדיק אין דער היים.



# אינהאַלט פון ניינטן באַנד

# ב י י ל א ג ע

# ביים וויגעלע פונם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד



# בילדער און אילוסטראַציעס